משה קולבאַק

# אויסגעקליבענע שריפטן

★

יוסף ליפשיץ־פאָנד
פון דער ליטעראַטור־געזעלשאַפט בײַם ייוואָ

משה קולבאַק

# אויסגעקליבענע שריפטן

פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
ז כ ר ו נ ו ת
בילדער

אונטער דער רעדאַקציע
פון
שמואל ראָזשאַנסקי

67סטער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

יוסף ליפשיץ־פֿאָנד

פֿון דער

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִווֹאָ
אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור
יעקבֿ־יהושע לערמאַן

טיראַזש 1.000 עקזעמפּלאַרן

יאָר ה׳תשל״ו — 1976

ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייווא אין אַרגענטינע

# תוכן

## מוזיק



## בילד



## פאַרבאַמערקונגען

◈ דער דאַזיקער באַנד מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור, דער 67סטער פון דעם ציקל, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורכן יוסף ליפשיץ־פאָנד פון דער ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביַים ייוואָ אין בוענאָס־איַירעס, האָט 3 צילן: פאַרצושטעלן אַ דיכטער פון פונדאַמענטאַלער וויכטיקייט פאַר דער יידישער ליטעראַטור, געבן אַ בילד פון דער ציַיט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין פוילן און צוגעבן נאָך לעבנשטאָף צו קענען די געשעענישן אין ראַטן־פאַרבאַנד.

◈ די ליטעראַטור־געזעלשאַפט האָט נישט צווישן זיַינע אויפגאַבן צוצושטעלן ביכער, וואָס פעלן אויס אויפן ביכערמאַרק. דאָס איז די אויפגאַבע פון קאָמערציעלע פאַרלאַגן אָדער קולטור־אינסטיטוציעס געשאַפן ספּעציעל פאַר דעם צוועק. די מוסטערווערק רעפּרעזענטירן שריַיבער־דערגרייכונגען, וועלכע זיַינען רעזולטאַטן פון היסטאָרישע פּראָצעסן און האָבן אינספּירירט צו אידייען און מעשים יחידים און באַוועגונגען. וויַיל דער וואָס איז געווען — אויב ער איז נאָר אויף אַן אמת וויכטיק געווען — פאַרבליַיבט ער וויכטיק, איז ער — דאַרף ער זיַין וויכטיק. משה קולבאַק איז פון דער גאַלעריע פיגורן.

◈ און הלוואַי זאָל אָט אָ דאָס בוך באַוועגן אַנדערע אַרויסצוגעבן אַלע שאַפונגען פון משה קולבאַק.

ש. ר.

# ביאָגראַפישע שטריכן

משה קולבאַק, געבוירן מוצאי־פּסח 1896 אין סמאָרגאָן, ווילנער קאַנט, ביי אַ טאַטן אַ וואַלדמעקלער און אַ מאַמען וואָס האָט געשטאַמט פון דער קאָלאָניע „קרקע“, האָט געירשנט די ליבע צו ערד און צו דער נאַטור, מיט וואָס ס׳צייכנט זיך אויס זיין גאַנץ שאַפן, די פּאָעזיע, פּראָזע און דראַמע, רייכפאַרביק און עמאָציאָנעל.

פון חדר מתוקן אַריבער צו ייִדישער פאָלקשול, שפּעטער צו אַ גמרא־מלמד און עטלעכע יאָר געלערנט אין די ישיבות פון סווענציאַן און וואָלאָזשין, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיך אַריינגעלייענט אין ייִדיש, רוסיש און העברעיִש, אין די יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, זי דורכגעמאַכט אין קאָוונע, ווו געווען אין בית־יתומים און פּריוואַט לערער פון העברעיִש. באַווירקט פון אַחד־העם, אָנגעהויבן שרייבן אין העברעיִש שירים, אָבער גיך אַריבער צו ייִדיש, דעבוטירט 1916 אין ווילנער „ליטעראַרישע זאַמלהעפטן“ מיטן ליד שטערנדל, וואָס איז גלייך אויפגעכאַפּט געוואָרן ווי אַ פאָלקסליד און מיט דער צייט געוואָרן פון די געזונגענסטע לידער אויף עסטראַדעס און פון פאַרבענקטע... זלמן רייזען, וועמען ק. האָט אָנפאַרטרויט זיינע ערשטע שאַפונגען, אַזוי פון דעבוט, ווי פון דער פּאָעמע די צעשטערונג פון בבל, געדרוקט אין רייזענס „לעצטע נייעס“, האָט אויף אים געהאַט אַ גרויסע השפּעה. ער ווערט אַ הייסער ייִדישיסט. נאָכן זיין ביי די עלטערן אין מינסק קומט ער אין 1919 אין ווילנע, ווערט לערער אין פאָלקשולן, שפּעטער לעקטאָר אין פרעבל־שולן און דרוקט לידער און אַרטיקלען אין בונדישן „וועקער“. דער אויפבלי פון ייִדישן ליטעראַרישן צענטער אין בערלין לאָקט אים אָבער — קומט ער אין 1920 דאָרטן, ווו ס׳איז שוין דערגאַנגען זיין שם ווי אַ דיכטער, איבער הויפּט אַ דאַנק זיין פּאָעמע די שטאָט, וואָס ש. ניגער האָט פאַרעפנטלעכט אין ווילנער „נייע וועלט“. לכתחילה גיט ער זיך אָפּ ליידנשאַפטלעך צו באַקענען זיך וואָס מער מיט די קולטור־דערשיינונגען פון דער נייער גרויסער קולטורוועלט און, היות ער האָט געהאַט אַ באַזונדער געפיל פאַר טעאַטער, דעקלאַמירנדיק אַליין זייער אַטראַקטיוו, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ גרויסער פאַקטאָר פון זיין פּאָפּולער און באַליבט ווערן צווישן דער יוגנט, אַרבעט ער אַ קורצע צייט ווי אַ סופליאָר אין דער „ווילנער טרופּע“ (ער ווערט פון איר אויסגעשלאָסן פאַר אָנפירן אַ שטרייק). זיין ערשטע זאַמלונג, שירים, 86 זייטן, דערשינען 1920 אין ווילנע, דערשיינט אין בערלין, מיטן טיטל לידער, 52 זז׳, אין 1922. אינעם זעלביקן יאָר דערשיינט אין וואַרשע נאָך אַ זאַמלונג, נייע לידער, 62 זז׳, וואָס ק. האָט געשריבן אין בערלין. זיין שאַפן צעבליט זיך. אין 1923 דרוקט ער אין נ״י, אין „די צוקונפט“, זיין 3־אַקטיקע דראַמע יעקב פראַנק און 1924 ווערט אין בערלין געדרוקט אין בוכ־



משה קולבאַק אין 1920

פאַרעם זײַן ערשטער ראָמאַן, משיח בן אפרים, 132 זז׳, וואָס באַפעסטיקט דעפיניטיוו זײַן ליטעראַרישע פּאָזיציע, ווי אַ באַנײַערישער דיכטער.

*

פון 1923 ביז אָקטאָבער 1928 אין ווילנע. דאָ געוואָרן דער ליבלינג פון דער יוגנט. לערער פון יידישער ליטעראַטור אין גימנאַזיעס און לערער־סעמינאַר, פירט ער אויף מיט תלמידים פרצעס „די גאָלדענע קייט“ (1טן אַקט), סצענעס פון האָמערס „איליאַדע“ און „אָדיסיי“, וואָלפזאָנס קאָמעדיע „לײַכטזינן אונד פרעממעלײַא“, אויך פורים־שפּילן, „דוד און גלית“ און „מכירת יוסף“, שעקספּירס „יוליוס צעזאַר“ (3טן אַקט), די לעצטע געשפּילט אויך אין וואַרשע, באַגײַסטערנדיק דעם עולם ווי די רעצענזענטן פון די יידישע צײַטונגען. און ווערט 1927 געשאַפן אויפן פ.ע.נ.־קאָנגרעס אַ יידישער צענטער, שאַפט זיך באַלד אַזאַ צווײַג אין ווילנע און מ׳קלײַבט־אויס מ. ק. פאַרן פאַרזיצער. אין 1926 דערשײַנט אין וואַרשע זײַן ראָמאַן מאַנטיק און ס׳גרייט זיך נאָך פאַר זײַן אַוועקפאָרן פון פוילן אַ 3בענדיקע אויסגאַבע פון זײַנע שריפטן, וואָס דערשײַנט אין ווילנע אין 1929, בעת ער איז שוין דאָ אין מינסק, מיט זײַן משפחה, האָפנדיק דאָ צו געפינען אַ וועלט פון סאָציאַליזם.

אין ר״פ איז אָבער זײַן לעבן אויסגעשטעלט געוואָרן אויף נאָך גרעסערע נסיונות, ביז עס איז איבערגעהאַקט געוואָרן אויף אַ ברוטאַלן און טראַגישן אופן. קולבאַק האָט אין מינסק זיך באַמיט אַרײַנצופּאַסן אין דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט, צו ערשט מיט זײַן 2בענדיקן הומאָרפולן משפחה־ראָמאַן זעלמעניאַנער, פאַרעפנטלעכט פון 1931 ביז 1935 אין מינסקער „שטערן“, דערנאָך אין בוכפאָרעם אין מינסק און ווילנע. שרײַבט ווייניק לידער, כאָטש אין מינסק איז אין 1929 הערשינען זײַנער אַ באַנד לידער, און דאָס וויכטיקסטע פון די נײַע פערזן איז זײַן טיילווײַזע אויטאָביאָגראַפיע דיסנער טשײַלד האַראָלד. זײַן סאָוועטישסטע שאַפונג האָט געזאָלט זײַן די דראַמע בויטרע, געדרוקט 1936 אין „שטערן“, באַלד אויפגעפירט אין מאָסקווער יידי׳ מלוכה־טעאַטער און דורך דוד ליכט אין „איפּט“, אין בוענאָס־אײַרעס, און איבערגעדרוקט אין 1952 אין „די גאָלדענע קייט“, תל־אָביב. אין 1937 איז אין ר״פ געגרייט געוואָרן צום שפּילן קולבאַקס אַ קאָמעדיע, בנימין מאַגידאָוו, אָבער די רעפּעטיציעס זײַנען איבערגעריסן געוואָרן, ווײַל ק. איז אַרעסטירט געוואָרן, מ׳זאָל אים האָבן אײַנגעשפּאַרט אין אַ משוגעים־הויז און דערנאָך פאַרשיקט און — אָפּגעריסן פון אַלע, וועלכע האָבן זיך מיט אים אינטערעסירט, פאַרשווינדנדיק „שפּורלאָז“, ביז ער איז אויסגעגאַנגען „ערגעץ“ אין 1940, רעהאַביליטירט נאָך סטאַלינס טויט, אין 1956.

אין 1950 דערשינען אין ב״א משיח בן אפרים און מאָנטיק, 248 זײַטן; אין 1953, אין נ״י, געקליבענע ווערק, 312 זז׳. ק. איז איבערגעזעצט אין העברעיש.

# משה קולבאַק, דער באַזינגער פֿון פּרימיטיווער ערדישקייט און יידישן מיטאָס

## דער באָהעם וואָס טראָגט אויף זיך דעם צער פֿון דער וועלט

נישט קיין נס, אַז דאָס פּשוטסטע זאָל טייל מאָל זיך אַרויסווײַזן פֿאַר גאָר נישט אַזוי פּשוט און דאָס קלאָרסטע ווי גאָר נישט אַזוי קלאָר און דאָס אויבנאויפֿיק פּרימיטיווע פֿאַר גאָר נישט אַזוי פּרימיטיוו. אַזעלכע סורפּריזן ברענגט אונדז משה קולבאַק. קעגנזאַצן. סתירות. איבערראַשונגען.

פֿון איין זײַט איז ער דער דיכטער „פֿון דער געזונטער פּרײַ־שער פּרימיטיווער ערדישקייט, וואָס אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז אַ נײַע פֿאַרביקע ייִדישקייט אויף דער גרויער ליטוויש־רײַסישער לאַנד־שאַפֿט — קלאַסישע געשטאַלטן פֿון פּראָסטע נאַטור־ און דאָרף־ייִדן מיטן רויען געווירציקן ריח פֿון פֿעלד, וואַלד און טײַך"[1]. פֿון דער צווייטער זײַט איז „לעבנסלוסטיקייט דער קענטיקסטער שטריך פֿון משה קולבאַק"[2]. פֿון דער דריטער זײַט באַווײַזט זיך גאָר דורך דער פּרימיטיווקייט און פּשטות „אַ לעגענדע הינטער וועלכער עס אָטעמט, אַ רויע און אַ מידע, די שווערע ווירקלעכקייט, אַ שטיק מאָדערנער מיטאָס"[3].

אין משה קולבאַקן האָבן סתירות געלעבט און זיך אויסגעלעבט צוזאַמען. אין אַלע קעגנזאַצן, וואָס האָבן געהויזט אין קולבאַקן, איז

---

[1] זלמן רייזען — לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און פֿי־לאָלאָגיע, באַנד 3, עמ׳ 604—605, ווילנע 1925.

[2] אַ. לייעלעס — „משה קולבאַק", זאַמלביכער, ב׳ 8, ז׳ 9, ניו־יאָרק 1952.

[3] ש. ניגער — „לעגענדאַרישע ווירקלעכקייט", ייִדישע שרײַבער פֿון צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט, ב׳ 2, ז׳ 193, נ"י 1973.

בולט זײַן פּערזענלעכקייט. ממש אין יעדן ליד איז דאָ זײַן ביאָגראַ־פיע, ווי אַן אמתער עדות, אויטענטיש.

שוין אין זײַן מולדיקן דעבוטליד "שטערנדל, פּרימיטיוו סענ־טימענטאַל בנוסח פּאָלקסמאָטיוו, זײַנען דאָ שטריכן כאַראַקטעריס־טיש פאַר קולבאַקן: וואַנדערלוסט, היימווי, "חרוב שטיבעלע", אַ שטערנדל פאַר אַ שטאָפּעטעלע און — הימלערד...

דאָס ערדישע און דאָס הימלישע מישט זיך אָפּט אויס בײַ קול־באַקן, פּונקט ווי דאָס רעאַליסטישע און דאָס ראָמאַנטישע.

בײַ קולבאַקן ווערן אָפּט אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן וואָר און פאַנטאַזיע.

אָט אויסגעזונגען איך בין אַ בחור אַ הולטײַ און אָט — חצות:

„און בראַנדזענע יונגען<br>
באַפאַלן איז העמאָלט אַ ווילן<br>
צו שטילן<br>
דעם צאָרן<br>
פון יאָרן<br>
וואָס זײַנען פאַרלאָרן".

מיטן אויסזינגען די דאָזיקע רייד האָט קולבאַק ממש אַרײַנגע־זעצט אַ נײַע נשמה אין ייִדישן יונגוואַרג פון ליטע און פוילן. לי־טעראַריש און אידעיִש דערפרייט פאַראומערטע הערצער און שווערע געמיטער, וועלכע עס האָט אויסגעפעלט אַ ווערקליד, וואָס זאָל זיך אַרײַנפּאַסן אין דער צײַט. איז ער געוואָרן דער וועקזינגער. דער „הולטײַ", וואָס קולבאַק באַזינגט, איז נישט קיין הפקר־יונג, נאָר — אַ פריילעכער בחור, וועלכער וויל זיך נישט פאַרביטערן דאָס לעבן. מ'קען זיך „אָנשיכורן" מיט אַ טרונק וואַסער. און ווײַטער געגאַנ־גען! ער איז דאָך — „אַ גייער".

מיט אַזאַ פריידיק יוגנטלעכן געמיט איז משה קולבאַק אַראָפּ־געקומען אין 1919 פון מינסק אין ווילנע, אויף די חורבות נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטערן עכאָ פון דער רעוואָלוציע, ערבֿ די פּאָגראָמען פון פּוילישע ריטערס. אויף ירושלים דליטא האָבן גע־

לויערט און געהויערט פאַרשידענע רעטערס: דאָס באַלשעוויסטישע רוסלאַנד, דאָס צעווילדעוועטע „באַפרייטע" פוילן און אויך דאָס ליט־ווישע מדינהלע האָט געוואָלט איינשלינגען די טעריטאָריע פון דער ווילייע. צווישן די אַלע צעבושעוועטע לײַדנשאַפטן, גיריקע צו טריומ־פירן מיט פײַער און שווערד, דורך הפקרות און רציחות, האָט זיך געוואָלגערט און געראַנגלט דאָס יידישע לעבן. אָבער נאָך „פאַר דער שווערער צײַט פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע, בעת די ווילנער יידן האָבן געליטן אי קעלט אי הונגער און בכלל אַ שטאַרקן דוחק, איז פון דעסט וועגן אויפגעטאָן געוואָרן איין וויכטיקע פעולה: ס'האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט דער געדאַנק און פּראָקלאַמירט געוואָרן אויך כלפי־חוץ, אַז יידן זײַנען — אַן אומה מיט אייגענער קולטור און אַן אייגענער שפּראַך און מיט קאַטעגאָרישע נאַציאָנאַלע פאָדע־רונגען, פון וועלכע זיי וועלן זיך בשום אופן ניט אָפּזאָגן" [4]. און יידיש לשון איז דעמאָלט באַגוצט געוואָרן אויף צו דעמאָנסטרירן דאָס דאָזיקע רעכט. אין 1919 קומען־פאָר אין ווילנע וואַלן צום שטאָטראָט און ס'ווערן אויסגעקליבן 34 פּאָליאַקן און 14 יידן. שטאָל־צירט דער ציוניסטישער פירער, וועלכער איז פריִער געווען מיניס־טער אין דער ליטווישער רעגירונג און שפּעטער דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים, וואָס ביי דער פײַערלעכער דערעפענונג פון שטאָט־ראָט איז די פּראָגראַם־רעדע אין נאָמען פון די יידישע ראָטמענער געהאַלטן געוואָרן — אין יידיש! [5]

אין אַזעלכע יאָרן רופט די שטאָט, קולבאַקס, פריידמוטיק:

„די טירן פון ווײַט זײַנען ברייט, זײַנען פרײַ
אונדזער וועג איז באַהויכט מיט אַ טוי און איז נײַ,
לאָמיר צייכ'נען די טריט — יעדן טראָט מיט אַ שטיין —
לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע..."

---

[4] ד"ר צמח שאַבאַד — פנקס פאַר דער געשיכטע פון ווילנע, עמ' 1, וויל־נע 1922.

[5] ד"ר יעקב וויגאָדסקי — אין שטורעם, ז' 284, ווילנע 1926.

אַזעלכע טענער, אַזוי קלאָר און אין אַזאַ וואָר, האָט מען נאָך אין פּוילן נישט געהערט. זיי זײַנען געווען — אַ ריזיקער שפּאַן פאָרויס נאָך די פֿאַרהלשטע טענער פֿון דעקאַדענטישן דוד איינ־האָרן, אויך פֿון מאָדערניסטישן כאַאָטישן קופּע־דיכטער, פּרץ מאַר־קיש און צו מאָל פֿון באַלשעוויסטישן תהילים־פּאָעט דוד האָפּשטיין.

ווילנע האָט אַרײַנבאַקומען איר ראָמאַנטיש רעאַליסטישן פּאָעט, וואָס האָט אויסגעדריקט די בעסטע שטימונגען און אידייען — נישט אָפּזאָגנדיק זיך פֿון ווערטיקער, געוויכטיקער, פֿאַרבלײַביקער ירושה.

## דער פֿאָרגייער פֿון „יונג־ווילנע" און מיטגייער פֿון די אינזיכיסטן

קולבאַק דערשײַנט אין ווילנע מיט צען יאָר פֿריִער ווי ס'איז אויפֿגעקומען יונג־ווילנע און איידער עס איז דערשינען אין ניו־יאָרק דער מאַניפֿעסט פֿון די אינזיכיסטן [6], אָבער זײַן דיכטונג, בעיקר זײַן ליד, האָט זיי ביידע געדינט ווי אַ „ראַזוויעדקע" — אַ מרגל... ער האָט נישט בלויז אויסגעשפּירט — ער האָט דער ערשטער געשאַפֿן מוסטערן, וועלכע דינען ווי אַ פּראָלאָג הן צו דעם פּאָעטישן נוסח פֿון יונג־ווילנע והן צום יידישן אינטראָספּעקטיוויזם. ראשית: מיטן זײַן אַ דיכטער פֿון דער צײַט און אירע ברענענדיקע פּראָבלעמען. שנית: מיטן אינטעלעקטואַליזירן דאָס ליד.

משה קולבאַק איז איינער פֿון די שטימונגרײַכסטע יידישע פּאָ־עטן, אָבער ער באַגענוגנט זיך נישט מיטן איבערגעבן די שטימונג, די אַטמאָספֿער, די לופֿט, נאָר ער טראַכט זיך אַרײַן אין איר, באַ־גיצנדיק דערבײַ צו מאָל טערמינען פֿון עקזאַקטן געדאַנק, וואָס דיכ־טערס האָבן פֿריִער געהאַלטן פֿאַר „פּובליציסטישע" אָדער גאָר „זשורנאַליסמישע"... ער האָט צו מאָל נישט קיין מורא אָנצורופֿן (און דיכטן) לידער מיט די ווערטער „קולטור" אָדער „אַחד־העם",

[6] אין זיך, זאַמלבוך, ניו־יאָרק 1920.

נעמען וואָס זײַנען פֿאַר די פֿריִערדיקע פּאָעטן געווען מיטלען פֿאַר אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, עסייען.

איז „איידער יונג־ווילנע האָט זיך געגרינדעט האָבן אָרעמע אָנ־פֿאַנגער־ייִנגלעך, מיט אויסגעבלייכטע פּנימער פֿון זיצן פֿאַרשפּאַרט אין די וואַרשטאַטן אָדער אויף די שולבענק איבער די ביכער פֿון מענדעלע אָוונטצײַט, זיך געטוליעט צו די ראָגן, ווו ס׳האָט געהויערט דער גײַסט פֿון משה קולבאַק״, וועלכער האָט אויף טייל געמאַכט אַזאַ רושם, אַז „נאָך ביאַליקן האָבן מיר נישט געהאַט אַזאַ פּאָעט בײַ ייִדן... אין תּוך מער העברעיִש ווי ייִדיש״ [7]. נישט אומזיסט האָט קולבאַק צו ערשט געשריבן אויף העברעיִש. דער גײַסט פֿון תּנך איז אים איגן, די קורצקייט, אָפֿט לאַקאָניש, די פּשטות, אָפֿט פּרי־מיטיוו. הינטער דער „פּרימיטיווקייט״ איז אָבער אָפֿט דאָ אינטע־לעקטועלע שפּאַרזאַמקייט, פֿאַרטרויונג אין לייענער. אַלט־ייִדישע טראַדיציע פֿון נגלה און נסתּר...

און די אַלט־ייִדישע טראַדיציע פֿון נגלה און נסתּר דריקט זיך אויס צום אָפֿטסטן דורך די ל״ו, דורך בעטלערס — „דער אָרעמאַן־מאָטיוו געבונדן מיט גאולה־בענקשאַפֿט איז געבליבן אַ הויפּטמאָטיוו אויך אין דער מאָדערנער ייִדישער פּאָעזיע... דער ייִדישער פֿאָלק־לאָר האָט אליהון אַראָפּגענומען פֿון די הימלען און צוריקגעבראַכט צו דער ערד, ווו אליהו האָט זיך באַוויזן מיט זײַנע מידות טובֿות און מיט זײַן ערדישן נס״ [8].

קולבאַק זעט די דאָזיקע צדיקישע מידות טובֿות אין די האָרע־פּאַשניקעס, יענע וואָס לעבן פּרימיטיוו און זײַנען תּמימותדיק, זי־כער אין זייער גאַנג פֿון שווערער מי, אָן באַקלאָגן זיך אויף זייער דאָליע, און אַוודאי נישט אונטערטעניק. די ערלעכע אַרבעט איז ווי

---

[7] אַלחנן וואָגלער — „יונג־ווילנע און ייִדישע פּאָעזיע פֿאַרן חורבן״, ייִדישע דיאַלאָג, זז׳ 61—62, פּאַריז 1968.

[8] ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — „די געשטאַלט פֿון אָרעמאַן אין ייִדישן ליד״, חלום אין וואָר, ז׳ 75, נ״י 1956.

גאַטס געבאָט, שווערע, שווערע אַרבעט, אָבער אָן ערלעכע. ווי די ייִדן אין רײַסן:

„און אַט וואָס דער זיידע האָט דעמאָלט גערעדט צו די בנים:
— דו, אָרטשע, מײַן בכור, ביסט געווען דער יסוד פון דער משפחה!
דער ערשטער אין פעלד און דער לעצטער זיך געזעצט צום טיש...
די ערד האָט זיך וואָרעם צעעפנט פון אונטער דײַן סאָכע,
אַזוי ווי די ערד זאָל דײַן זאָמען זײַן פרוכטבאַר און פריש...״

אַפילו אַט די ערדישע ייִדן זעען־אויס גלײַך ווי זיי וואָלטן אַרויסגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ מוסטער פון ייִדישע האָרעפּאַשני־קעס — אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער וועלט, וואָס דאַרף צודינגען אין דער צײַט, ווען ס'איז נישט בלויז בײַ ס'רוב גויִים געווען אָנגענומען, נאָר אַפילו אַ סך גוט־מיינענדיקע ייִדן האָבן געהאַלטן פאַר אַן אמת, אַז „ייִדן ווילן נישט אַרבעטן", אַז „ייִדן ציִט רק צו מנחם־מענדלשע געשעפטן"... זעט, אַדרבה, ווי קולבאַק שטאָלצירט עס מיט זײַן זיידן:

„אָ, דער זיידע פון קאַבילניק איז אַ ייִד אַ פּשוטער,
אַ פויער מיט אַ פעלץ און מיט אַ האַק און מיט אַ פערד...
און מײַנע זעכצן פעטערס און מײַן טאַטע —
ייִדן פּראָסטע, ייִדן ווי שטיקער ערד,
טרײַבן פליטן אויף די טײַכן, שלעפן קלעצער פון די וועלדער...
און דעם גאַנצן טאָג געהאָרעוועט ווי כלאַפּעס,
עסט מען וועטשערע, פאַר נאַכט צוזאַמען פון איין שיסל
און מען פאַלט־אַנידער אין די בעטן ווי די סנאָפּעס״.

חוץ אַ זאַפטיקע פּאַעטישע לאַנדשאַפט און ספּעציפישע מענטאַ־ליטעטן, וואָס קולבאַק שטעלט־פאַר אין רײַסן, דערפרייען די דאָזיקע בילדער און רייד צוליבן זייער נאַציאָנאַלן זין און סאָציאַלער פּראָ־זשעקציע. די בילדער פון וואָר האָבן אין זיך שאַטנס פון הייליקייט... „דער דיכטער משה קולבאַק איז אין זײַן גאַנצן שאַפן גע־גאַנגען אויף ראַנדן: אויפן ראַנד — צווישן פאָלקסטימלעכער רעאַ־ליסטיק פון „בין איך מיר אַ בחור אַ הולטײַ" און קבלהשער אָדער

מאָדערנער מיסטיק, ווי סמאל האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן; צווישן גראָטעסק פון דעם דיסנער טשײַלד העראָלד און דעם גרויסן ערנסט פון דער פּאָעמע ל״ו; צווישן פּאַטאָסדיקן געזאַנג און טעאַטראַליש־קייט; צווישן זײַנע ערדישע, גוטמוטיקע זיידעס און די נאָכגייערס פון יעקבֿ פראַנק; צווישן בלינדער אָנונג און קלאָרער ראַציאָ; צווישן שמואל־איצע קוימענקערער און די ל״ו [9]. אַפילו „דער פּעטער אי־צע״, דער לאַטוטניק, אין פלוג אַן אָרעמאַן, וואָס מוז כּסדר אָרומ־פּאָרן איבער די דערפער אויף צונויפשלאָגן די בידנע חיונה, נעמט גאָר אויסזען ווי ער וואָלט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ שליחות — „אויסגעלאַטעוועט אין דאָרף, / גייט ער אין אַ צווייטן, / ביז ער לאָזט־אַרויס פון האַנט / דעם געגנט אַ באַנייטן״...

משה קולבאַק איז דער דיכטער, וועלכער געפינט יום־טובֿדיקייט אין דער וואָך. דאָס איז דער זין פון זײַן ראָמאַן מאַנטיק. „די וואָך — דער הייליקער מאַנטיק — איז דער סימבאָל פון דער ריינער עקסיסטענץ, עקסיסטענץ פאַר זיך אַליין, אָן אַן אָביעקט, אָן אַ תּכ־לית... ריינע עקסיסטענץ איז, הייסט עס, פּאַסיוו; זי האָט גאָר נישט צו טאָן מיט קאַמף״ [10]...

אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, אַז בײַ זײַן גאַנצער לעבנסלוסט, בײַ זײַן גאַנצן פאַרהערלעכן דעם תּמימותדיקן האַרעפּאַשניק, האָט ער פאַרגעשטעלט „ריינע עקסיסטענץ״, וואָס איז פּאַסיוו און „האָט גאָר ניט צו טאָן מיט קאַמף״, ווערט דורך דעם פאַרשטענדלעך קולבאַקס קאָנפליקט און טראַגעדיע אין ראַטן־פאַרבאַנד — משה קולבאַק „האָט טראַגיש געענדיקט צוליב זײַן פּרווו אײַנצושפּאַנען זײַן מוזע אין דער רעוואָלוציע״, ווײַל ער האָט „געשריבן משיח בן אפרים, מאַנ־טיק און אַנדערע ווערק, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף אַלט־ייִדישע

---

[9] ד״ז, ז׳ 85.

[10] אַהרן צייטלין — „אידעיִשע שײַכותן צווישן מ. קולבאַקס „מאַנטיק״ און י. י. פּויזנערס „מלכות המשיח״, יוואָ־בלעטער, באַנד 41, זז׳ 47—48, נ״י 1957.

גלייבונגען און לעגענדעס״ [11]. אַ קלאָרע אָנצוהערעניש אויף דעם האָט קולבאַק געקראָגן גלייך נאָך זיין אָנקומען, אויף צו פאַרבלייבן, אין ראַטן־פאַרבאַנד. „אין מינסק איז פאָרגעקומען אַן אָוונט צום 11טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע... האָט (אויף קולבאַקס רעדע) געענטפערט א. אַשעראָוויטש, רעדאַקטאָר פון אָקטיאַבר: די עוואָלוציע, וואָס ח׳ קולבאַק האָט דורכגעמאַכט אין פוילן, איז נישט אין גאַנצן אַ גינסטיקע פאַר אים. דער ליטעראַרישער געמויזעכץ האָט געהאַט אַ געוויסע השפעה אויף אונדזער פּאָעט. מיט דעם דער־קלערט זיך די מיסטישע ריכטונג אין קולבאַקס פּאָעזיע (משיח בן אפרים). אמת, צום לעצט האָט ער אַ שפּיי געטאָן אין פּנים דער דאָרטיקער קליינבירגערלעכער ליטעראַטור. ער האָט עס אָבער גע־טאָן נישט ווי מעשׂה רעוואָלוציאָנער, נאָר ווי מעשׂה שײַגעץ. ער האָט זיי געזאָגט, די שרייבערס, אַז ער איז נאָך ניט זיכער, אַז דאָרט, וווהין ער אַנטלויפט, וועט ער קענען פריי דיכטן און אַרבעטן״ [12]...

אין פוילן, ווי דאָס יידישע לעבן אין פוילן איז געווען פאַרפאָלגט און פאַרשטעקט אין דחקות, האָט משה קולבאַק פאָרט געקענט קו־מען צום פולן אויסדרוק ווי אַ קינסטלער. אַזוי איז אויך געווען יונג־ווילנע, אין נאָך ערגערע צייטן. אַזוי, למשל, ווערט געדרוקט אין בוכפאָרעם, אין פוילן, אונטערן פאַשיסטישן רעזשים:

„איין־איינציקע רוסלאַנד, דו, ליכטיקע וויג פאַר באַפרייונג״ [13].

און —

„העגנטראַרויס די שוואַרצע פאָנען!
היי, טוט אַ נעם די האַמערס, די קאָוואַדלעס און די העק,
אַרויס צום טויט, מיליאָנען!״ [14].

---

[11] י. באַשעוויס — „אַרום דער יידישער ליטעראַטור אין פוילן״, די צו־קונפט, אויגוסט 1943, ז׳ 470.

[12] ציטירט פון ליטעראַרישע בלעטער נ׳ 239, וואַרשע 1928.

[13] פּאָעמען און לידער, ז׳ 205, ווילנע 1929.

[14] ד״ז, ז׳ 207.

איז „ערשט איצטער זעט מען, ווי לעכערלעך־קליין און קליינ־לעך עס זײַנען געווען דענסטמאָל די אַלע „פּראָלעטקולטישע" קאַמפּן אין דער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראַטור. מען האָט אוימזיסט־אומ־נישט פאַרגאָסן אַזוי פיל בלוט און טינט. מען האָט אומזיסט־אומ־נישט אויסגעמעקט פון דער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראַטור אַזעל־כע צוויי באַגאַבטע דיכטערס ווי איזי כאַריק און משה קולבאַק, כאַ־ריקס מינסקער בלאַטעס און קולבאַקס זעלמעניאַנער וועלן פאַר־בלײַבן אין דער ייִדישער וועלט־ליטעראַטור ווי צוויי קינסטלערישע דאָקומענטן פון דעם גרויסן עקאָנאָמישן און פסיכישן איבערבוי בײַ דער ייִדישער באַפעלקערונג אין סאָוועט־רוסלאַנד"[15].

## די טראַגעדיע אין דער אַנטי־ליטעראַרישער העמיספער

משה קולבאַק, אַ ליריקער אַפילו אין עפּישן פּיסאַזש אויף גרוי־סע לײַוונטן, האָט אין זײַן סאָוועטישער היים קודם־כל אויסבאַהאַלטן זײַן נייגונג צו ליריק. זעלטן באַווײַזט זיך זײַנס אַ ליד. ער איז בכלל ווייניק פּראָדוקטיוו (און אפשר שאַפט ער אין דער שטיל — און דרוקט נישט, צי ווײַל ער דרוקט נישט, צי ווײַל די וואָס האָבן אין ראַטנלאַנד געהאַט די דעה אויפן דרוקן האָבן נישט געגעבן זייער הסכמה — דאָס וועלן מיר אפשר שוין קיין מאָל זיך נישט דער־וויסן). צום ווייניקסטן אָבער שאַפט ער אין דער פאָרעם פון ליד. לדוגמא: אין אַן עקסטענסיווער ביבליאָגראַפיע, געדרוקט אין זײַן היימשטאָט פון 1932 ווערט צווישן 653 נומערן צו מאָל זײַן נאָמען נישט דערמאָנט[16]... און קולבאַק איז דאָך געווען דער ליבלינג אין ווילנע! „נאָכן פריצײַטיקן טויט פון לייב נײַדוס סוף 1918 איז דער

---

[15] דניאל טשאַרני — „די סאָציאַלע קאַמפּן אין דער ייִדישער ליטעראַטור", אַ יאָרצענדליק אַזוי (1914—1924), ז׳ 302, נ"י 1943.

[16] נ. רובינשטיין — דאָס יודישע בוך אינ סאָוועטנפאַרבאַנד אין 1932, מען־לוסעדביבליאָטעק, מינסק 1932.

דיכטער משה קולבאַק געוואָרן באַליבט, געוואָרן דער אידעאַל פֿון די יוגנטלעכע״ [17]. אײדער ער איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון ווילנע, איז אַרום דעם טעאַטער־זאַל, ווו ס׳איז דורכגעפֿירט געוואָרן די געזעגענונג פֿאַר דעם דיכטער ממש „די גאַנצע גאַס פּשוט שוואַרץ געווען פֿון מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען ענג צונויפֿגעפּרעסט אײנער נעבן צווייטן און ניט גערירט זיך פֿון אָרט... משה קולבאַק האָט דאָמינירט איבער אונדז אַלע ווי אַ רבי איבער זײַנע חסידים״ [18].

דאָס זײַנען געווען יאָרן, ווען עס האָט זיך גענומען אַרויספּיקן פֿון ירושלים דליטע יונג־ווילנע, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אויפֿלעבונג אין דער יידישער ליטעראַטור בכלל. דאָס פֿאַרקערטע קומט פֿאָר אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. די לעצטע דאַטעס וועגן באַרג־אַרויף פֿון דער יידישער קולטור (אין ר״פֿ) באַציִען זיך, אַ פּנים, צום יאָר 1932. דעמאָלט האָבן די סטאַטיסטיקעס גערעכנט אין אוקראַיִנע 1,469 קולטור־אינסטיטוציעס, הויפּטזאַכלעך שולן. אָבער „אין 1932־1933 איז מער ניט אַרויס קיין איין־איינציקע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט אויף יידיש״ [19].

כּדי צו האָבן אַ קלאָרע פֿאָרשטעלונג, אין וואָס פֿאַר אַן אַנטי־ליטעראַרישער סבֿיבֿה עס איז קולבאַקן אויסגעקומען צו לעבן און שאַפֿן אין ראַטנלאַנד, איז גענוג צו ברענגען פֿאַר אַן עדות דעם שאַצער און לויבזינגער פֿון די פּראָ־קאָמוניסטישע פּאָעטן אין פּוילן: בינעם העלער, קלמן ליס און משה שולשטיין. דער „ליטעראַריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־וויסנשאַפֿטלעכער כוידעש־זשורנאַל״ אין זײַן אייגענער היימשטאָט שענקט אים אַ סך וויניקער אויפֿמערק ווי אַלע אַנדערע אייגענע שרײַבערס אין אַנדערע מדינות. פֿאַרבײַ־

[17] אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ — די סאָוועטישע הרוגי־מלכות, ז׳ 209, בוענאָס־איירעס, ייוואָ 1962.

[18] דוד לאַזער — „מיט משה קולבאַק אין ווילנע״, די גאָלדענע קייט נ׳ 77, ז״ז 38 און 36, תל־אָביב 1972.

[19] גריגאָרי אַראָנסאָן — די יידישע פּראָבלעם אין סאָוועט־רוסלאַנד, ז״ז 120 און 124, נ״י 1944.

גייענדיק גיט ער קוים אַ דערמאָן „קולבאַקס פון זײַנ נאַציאָנאַליס־טיש־פאָלקיסטישנ פעריאָד — די פּאָעמע רײַסנ א. אַנד.", בעת אַנ־דערע שטעלט ער פאַר ווי „קאַריפּייעלעכ" — די „פאַרשיידענע זינ־גערס, ראַוויטשעס און ציטלינס, ווי אויכ די עקספּאָרט־שרײַבער פון אַמעריקע — די ליוויקס א.אַנד." [20]... אין דער דאָזיקער „היימ" דאַרף קולבאַק דרוקן זײַנע לעצטע שאַפונגען, דעם ראָמאַן זעלמע־ניאָנער און די דראַמע בויטרע.

סײַ אין זעלמעניאַנער און סײַ אין בויטרע איז קולבאַק אַ פאַר־ענדערטער. נישטאָ די לירישקייט און ראָמאַנטישקייט, ווי אויך נישט די ליטעראַרישע צאַרטקייט פון זײַן ערשטער פּראָזע, פון מאָנטיק און משיח בן אפרים, ווו ער האָט מיט דינער סענסיביליטעט און שפּראַכ־לעכער עלעגאַנץ געשילדערט קאָנפליקטן צווישן און אין מענטשן, מיט וואַרעמען הומאָר. אין זעלמעניאַנער, ווו די ווענדונג צו רעאַ־ליזם, אָפּט געפּאָרט מיט סאָוועטישער כראָניק, איז אויסגעוואַקסן מיט שמייכל, הומאָר און געלעכטער, פילט מען אַ גוט קאָנטראָלירטע גוט־מוטיקייט איבער דער סאָוועטישער משפחה, אין וועלכער עס זײַנען דאָ, אי קליינבירגערס, וועלכע קענען זיך נישט באַפרײַען פון רע־ליגיעזן פאָלקשטייגער און פאָלקס־לשון, זײַנען מוחל די רעוואָלו־ציע מיט איר ציוויליזאַציע, אי קאָמוניסטישע יוגנט, וועלכע רײדן מיט דער שפּראַך פון די מלוכה־אינסטאַנצן. אַזאַ קאָמיוגיסט בעט אין „אַ בריוו פון וולאַדיוואָסטאָק":

„שיק מיר שוין צו, טאַטע, פאַר איין גאַנג מײַנעם אַ ביכל, אויפן פאָליצע אויבן, ווו די מאַמע טריקנט די קעז. דאָס ביכל הייסט: גלאַוובעראַווא סאָל קאַראַבוגאַזסקאַווא זאַליוואַ" [21].

---

[20] אַ. דאַמעסעק — „די יידישע רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור אינ פּוילנ", שטערנ, 10טער יאָרגאַנג, דעקאַבער־נומער, זז׳ 77 און 71, מינסק 1934.

[21] מוישע קולבאַק — זעלמעניאַנער, ערשטער בוך, צענטראַלער פעלקער־פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר., מאָסקווע־כאַרקאָוו־מינסק, 1931, ז׳ 152. — ווי ס׳איז צו זען, זײַנען אין 1931 נאָר געניצט געוואָרן די סוף־אותיות. אין 1934 זײַנען זיי שוין געווען אָפּגעשאַפט. — רעד׳ מוסטערווערק.

ווי באַקאַנט, האָט געלעכטער מקדמונים געדינט ווי אַ מיטל און אַ מאַסקע צו סובלימירן כּוונות. אַפילו טיראַנען, וועלכע האָבן זייער־רע בעסטע פריינד געשיקט צו דער תּליה פאַר קריטיק און שטראָף־רייד, האָבן דאָס אַראָפּגעשלונגען מיט אַ געלעכטער, ווען די לצים האָבן עס געזאָגט זיי אין פּנים אַריין... אַזוי האָט סאַלטיקאָוו־שטשעדרין דורך געלעכטער אַריינגעשטאָכן זיינע שפּילקעס אין צאַרישן רעזשים. צו אָט דעם מיטל פון שמייכל און געלעכטער איז קולבאַק בורייט און געשיקט אַנגעקומען אין זעלמעניאַנער. אָפּריער האָט ער דאָס אויסגעפּרובירט אין זיין פּאָעמע דיסנער טשײַלד האַראַלד, ווו ער האָט אויף אַ גראָטעסקן אופן געשילדערט זיין יונג לעבן, ווען ער האָט געמאַכט זיין עקסקורסיע איבער דייטשלאַנד און זיך געיאָגט צו ווערן, וואָס ער האָט נישט געקאָנט ווערן...

האָט ער דאָס יאָ באַוויזן אין ראַטן־פאַרבאַנד?

קולבאַקס אַרעסטירט ווערן גלייך נאָכן אויפפירן זיין פאַלקלאָריסטישע דראַמע בויטרע און זיין „פאַרשווינדן" אין 1937, דאָס איינשפּאַרן אים אין אַ משוגעים־הויז און דאָס פאַרשיקן אים ווער ווייסט ווו און זיין פריציטיקער טויט „ווער ווייסט ווו" אין 1941 — איז דער טרויעריקער ענטפער. „קולבאַק האָט זיך זייער אָפּט פאַרגעסן, ווען ער האָט געשריבן זיין בוך, אַז די סאָציאַלע פונקציע פון אַ סאָוועטישן שרייבער איז צו העלפן דער „סאָצבוויונג". ער האָט ניט באַוויזן צו אָרגאַניזירן דעם מאַטעריאַל אויף אַ פּראָלעטאַרישער באַזע", ווי עס זאָגט איינער פון די פּראָלעטאַרישע קריטיקערס, ניט דערקלערנדיק אַגבֿ, ווי מ'אָרגאַניזירט עס מאַטעריאַל פון אַ הומאָריסטישער דערציילונג אויף אַ פּראָלעטאַרישער באַזע. קולבאַק האָט זיך פאַרגונען נאָך מער מסוכּנדיקע אָפּנייגן: ביי אים איז אַ שטייגער „ניט קלאָר, וואָס פאַר אַ קלאַס די זעלמעניאַנער שטעלן מיט זיך פאָר" [22]... אָבער „דער געלעכטער אין זעלמעניאַנער — אַ הילכיקער געלעכטער, וועלכער איז שוין לאַנג נישט געהערט געוואָרן אין

[22] ש. ביגער — יידישע שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד, ז' 108, נ"י 1958.

דער ייִדישער ליטעראַטור און וועלכער איז געווען גאָר באַזונדער אומגעריכט (און „אומגעזעצלעך״) אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור — האָט געהאַט גאָר אַנדערע קוואַלן. איינער פון זיי איז געווען קולבאַקס פּערזענלעכע באַדערפעניש צו באַפרייַען זיך פון זייַן אָנגעצויגענעם פּאַטעטישן ליריזם, דעם ליריזם מיט וועלכן עס איז אָנגעזעטיקט געווען אויך זייַן פּראָזע, און דער צוויטער, זייַן פאַרלאַנג אָפּצוצאַמען זיך פון דעם סקאַרבאָוון רעוואָלוציאָנערן נוסח און צו שיצן זיך קעגן דעם פּראָלעטאַרישן שאַבלאָן, וועלכער בינדט און טיראַניזירט דאָס ייִדישע וואָרט אין ראַטן־פאַרבאַנד״ [23].

אין בויטרע, ווידער — „די האַלב־לעגענדע, האַלב־ווירקלעכ־קייט וועגן רויבערס וואָס באַראַבעווען רייַכע און צעטיילן דעם רויב צווישן אָרעמע״, די טעמע פון שילערס „די רויבערס״, ווי פון אַ ריי דראַמעס און ראָמאַנען, אויך אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי ב. עפּלבוימס „אויפבּרויז״, יעקב פּרעגערס „מלך פריילעך״ (1938) — אין דער דראַמע פון דעם ייִדישן גזלן, וועלכער נעמט נקמה פאַר די עוולות קעגן פּראָסטן און ספּעציעל קעגן אים, וואָס מען איז באַגאַנגען, האָט זיך קולבאַק באַוויזן מיט „אַ באַזונדערן פּאָעטישן חן... שאַרף, בייַסיק מיט סאַרקאַזם און איראָניע, זאַפטיק מיט פאָלקס־טימלעכקייט, און באַקומט נאָך אַ פּראָמינענטע פאַרביקייט צוליב דער אַרייַנגעפלאָכטענער קלעזמערשפּראַך און אייגנאַרטיקע לאָקאַ־ליזמען״ [24]. וואָרשייַנלעך איז דאָס אַרויסהייבן דעם יחידישן ווילן דורכן פאָלקלאָר געווען דער דאָרן אין אויגן פון די סאָוועטישע האַרן איבערן לעבן און טויט...

דער מיטאָס — דער קוואַל פון לעגענדעס און מסורהס, די מאַמע פון קולטורן און ציוויליזאַציעס — איז געוואָרן אויך דער ברונעם פאַר טייַזואַלים.

---

[23] ד״ז — „רעוואָלוציע און הומאָר״, ז׳ 120.

[24] יעקב מעסטל — „משה קולבאַקס בויטרע״, יודישע קולטור, נ״י, יוני־יולי 1957, ז״ז 26—28.

באַשר מיטאָס ווערט אויסגענוצט צו פֿעלשן געשיכטע און באַשאַפֿן פֿאַלשע משיחים, טאָר דאָס נישט דינען פֿאַר אַ חרם אויף ראָמאַנטיק און לעגענדע. והאָ ראַיה: ווי עס איז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געפּריידיקט געוואָרן אַ טויט די ראָמאַנטיקערס, זײַנען דאָרטן לענין און סטאַלין געוואָרן מיטאָלאָגישע פֿיגורן — — — און עס איז נישט קיין נײַס, אַז „פֿיקציעס און מיטאָסן זײַנען באַנוצט געוואָרן אין משך פֿון יאָרהונדערטער אויף צו שרײַבן געשיכטע, פּונקט ווי אויף צו שאַפֿן זי, און דאָס איז כּלל קיין חידוש נישט, מחמת קליאָ איז געווען נישט בלויז די מוזע פֿון דער געשיכטע, נאָר אויך פֿון דער עפּישער דיכטונג" [25]. אַפֿילו אַ שטיקל מליצה איז אין געוויסע מאָמענטן באַטראַכט געוואָרן פֿון דער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיק ווי אַ מאַסקע פֿאַר אָפּנאַרערײַ. „לענינ שפּילט זיך ניט אינ רעלאַטיווקייט: יעדער מעליצע וועגנ פֿרײַהייט פֿונ דער קלאַסנ־געזעלשאַפֿט איז צוויִעסדיקער שווינדל, איז רעאַקציע!" [26]. אַפֿילו ווען מ׳זאָל זײַן מיט טויזנט קעפּ, קען מען זיך נישט פֿאָרשטעלן, אַז אַ ייִדישער שרײַבער, ווי שטאַרק ער זאָל וועלן אַרײַנטרעפֿן אין דער סאָוועטישער פֿאַרמולע „נאַציאָנאַל אין פֿאָרעם און פּראָלעטאַריש אין אינהאַלט", זאָל חלילה וחס זיך נישט האָבן טועה געווען בײַם „דערלערנען די דאָזיקע פּראָבלעם לויט די לעניניש־סטאַליניסטישע אָנווײַזונגען" [27]...

און עס איז געשען, וואָס עס האָט געמוזט געשען, ווי באַלד די ליטעראַטור־קריטיק האָט געזוכט זינדיקע אונטערן שאָטן פֿון דער תּליה.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[25] אַלפֿרעד שטערן — „פֿיקציע און מיטאָס אין דער געשיכטע", דווקא נג' 58—59, ז' 221, ב"א 1966.

[26] י. בראָנשטיינ — „אינ קאַמפּ פֿאַרנ לענינישנ עטאַפּ אינ ליטעראַטור־קענטעניש", שטערן, נ' 3, ז' 60, מינסק 1932.

[27] כ. דונעץ — „וועגנ דער פּראָבלעמ פֿונ נאַציאָנאַלער פֿאָרמ אונ פּראָלעטאַרישנ אינהאַלט", די רויטע וועלט נ' 5. כאַרקאָוו 1932.

## געזען האָב איך...

געזען האָב איך יידישע ווערטער ווי פּערלעך קליינע,
ווי פּערלעך קליינע,
ווי פונקען געצויגן פון פינצטערן אָרץ.
געפילט האָב איך יידישע ווערטער ווי טײַבעלעך ריינע,
ווי טײַבעלעך ריינע.
די טײַבעלעך וואָרקען און וואָרקען אין האַרץ...

## אויף טויזנט וועגן

וועלט!
איך טויזנט פנימער פאַרשטעלט
איך גיי צו דיר אויף טויזנט וועגן —
וווהין? איך ווייס ניט ווו...
איך וויל אין גאַנצן דיך פאַר מײַנעט וועגן,
איך בין דו!
דער פרישער רוף
פון דײַנע זאַפטיק רויע פליינען
רינט טיף אין מײַן געמיט;
איך וויל אַרומנעמען דײַן מעכטיק ווילדן גוף
פון פלאַנצן
און געשטיינען
און פאַלנדיק צעקושן דײַנע טריט
און האָבן דיך אין גאַנצן.

וועלט!
איך גיי אַ שיכּורער דײַן גוטס אַנטקעגן,
פֿון אַלץ זיך אויסגעטאָן,
און הפֿקרדיק, מיט זיך,
צעשטראַלט, צעהעלט —
איך גיי אויף דײַנע טויזנט וועגן
דו ביסט איך!
דער שײַן פֿון צײַטן
אין קערפּערס שווערע אַ פֿאַרפּרעסטער,
ווי אַלטער ווײַן אין ליימענעם געשיר,
פּליוצט קלינגעוודיק פֿון טיפֿן און פֿון ווײַטן.
אַ לויטער ברויזנדער אָרקעסטער
האָט אויסגעקוועלט
און ברויזט אין מיר.

וועלט!
איך וויל צעגאַנגען זײַן אין טיפֿן ניגון,
פֿון הויט און ביינער
אויסגעטאָן,
זיך ציטערדיק צעוויגן —
אַ לײַכטנדיקער טאָן,
כאָטש כ׳מעג, אַ שטיין פֿון דײַנע שטיינער
אויף אַ בית־עולם ליגן...

יאַנואַר 1920

## הונגער...

כ׳גיי דורך ראָזע אָוונט־פּאַסן,
ס׳וואַרפּט די נאַכט שוין שוואַרצע פּײַלן,
כ׳האָב אַ טרײַען פרײַנד, אַ בלאַסן —
הונגער פירט מיך... הייסט זיך אײַלן...
ס׳שווינדלען שילדן, הויז און גאַסן,
וויגט זיך, וויגט זיך, הימל־מײַלן...

הונגער, עך, דו, דאַרע קליאַטשע,
לייגסט דײַן קאָפּ אויף מיר אַנידער,
און אין שוואַרצער עקזאַלטאַציע
טאַנץ איך, שפּרינג איך, כ׳שרײַ אַ מידער:
— פּאַציע! אַציע! מאַריאַנאַציע!
הונגער פּײַפט אין מײַנע גלידער...

## וואָס מיר שטאַרבן!

וואָס מיר שטאַרבן, ווען מיר שטאַרבן!
ס׳איז אַ שפּריצעניש
פון פאַרבן.
ס׳איז אַ בײַט: —
פרייד אויף קלעמעניש
פון לעבן;
ס׳איז אַ נעמעניש
און געבן
אין דער צײַט...

# שטערנדל

שטערנדל, שטערנדל,
בלויער שטאַפּעטעלע
זײַ מיר אַ שליחל
פֿאַל אין מײַן שטעטעלע.

זען וועסט אַ געסעלע,
נאָך דעם אַ גריבעלע,
דאָרטן געפֿינט זיך
מײַן חרובֿע שטיבעלע

עלנט, אַליין בײַ דעם
פֿינצטערן שײַבעלע,
זיצט דאָרט פֿאַרטרויערט
און דאגהט מײַן ווײַבעלע.

שטערנדל, שטערנדל — —

טרייסט איר, דו, שטערנדל,
לײַכט איר אין שטוב אַרײַן,

**Moderato** (נישט גיך)



זאָג איר, דער איבערשטער
וועט זיך מרחם זײַן.

פֿרעג, וואָס מאַכט יאַנקעלע,
לאהצע און ריוועלע.
זאָג זיי: איך וויין און
איך קוש זייער בריוועלע.

שטערנדל, שטערנדל — —

זאָג זיי, אַז יאַנקעלען
זאָל מען ניט זשאַלעווען,
געבן אין חדר —
גענוג אים צו באַלעווען!
זאָל ער זיך אויסלערנען
קדיש ווי ס'דאַרף צו זײַן.
אפֿשר... מען ווייסט נישט...
גאָט וועט זיך מרחם זײַן!

שטערנדל, שטערנדל — — —

1916

## זונפֿאַרגאַנג

דאָ, און אום, און אויס, און אײַן,
ראָזער, רויטער, ריינער ווײַן,
שײַן, שײַן, שײַן,
איך בין אין שײַן אַרײַן.

פֿון דער שטילער מערבֿ־וועלט
האָט דאָס רויטנס אויסגעקוועלט,
ווייך און ציטערדיק אַזוי,
אין נשמות אָפּגעשײַנט
און אַ הייב געגעבן זיי
מיט דער גאַנצער גרינגער וועלט
און געלאָזן זיך אַזוי — — —
שווימט דאָס לעבן אויסגעהעלט,
רויִק, רויִקער פֿון רו.
שווים איך, שווים איך, שווים איך מיט
מיט מײַן רייך און ראָז געמיט

און איך מורמל עפּעס שטיל,
כ׳זינג אַ לידעלע אַזאַ:
טאַ־טאַ־טאַ, טאַ־טאַ־טאַ,
ציל, ציל, ציל — — —

דאָ, און אום, און אויס, און אײַן,
ראָזער, רויטער, רײַנער ווײַן,
שײַן, שײַן, שײַן,
איך בין אין שײַן אַרײַן.

## איך בין אַ בחור אַ הולטײַ

איך בין אַ בחור אַ הולטײַ,
האָב אַ לאַנגן שטעקן,
טרײַראַ, רײַ־רײַ, רײַ־רײַ־רײַ,
שפּאַן אין אַלע עקן.



קום איך צו אַ קרעטשמע צו,
קלאַפּ איך אָן אין טויער.
— ווער ביסטו, ווער ביסטו?
ענטפֿער איך: — אַ גייער.

— לײדיק־גייער, אַזוי פֿרי?
חוצפּהניק פֿאַרשײטער!
— טרײַראַ, רײַ־רײַ, רײַ־רײַ־רײַ,
און איך גיי מיר ווײַטער.

קום איך צו אַ ברונעם צו,
טרינק זיך אָן מיט וואַסער,
שטיי איך אינעם מאָרגנגרוי
ווי אַ האָן אַ נאַסער.

פֿאָרט אַ פּויערל פֿאַרבײַ:
— צאָ טשוואַטש נאַ שוויעטשע[1]?
ווײַס איך בישט און גיב אַ ברײַ[2]:
— שוועטשע? פּעטשע, מעטשע!

## מיר האָבן, ליבסטע...

מיר האָבן, ליבסטע, בײַם שפּאַצירן
צוויי עמער לײדיקע באַגעגנט,
צוויי עמער לײדיקע באַגעגנט —
דו האָסט געזאָגט: ס'וועט וואָס פּאַסירן...

אין שרעק בין איך, מײַן טרייסט, געבליבן:
אַ שוואַרצע קאַץ איז די גאַס איבער,

---

[1] וואָס הערט מען אויף דער וועלט? — [2] פּלאַפּל.

א שוואַרצע קאַץ איז די גאַס איבער,
ווען כ׳האָב דיר פֿינגערלעך געקליבן.

פֿאַר וועמען זאָל איך איצט קלאָגן ?!
כ׳האָב ניט געקאָנט דײַן שטוב געפֿינען,
כ׳האָב ניט געקאָנט דײַן שטוב געפֿינען,
ווען כ׳האָב מתּנות דיר געטראָגן.

מיט וועמען זאָל איך איצט פֿאַרבלײַבן ?!
כ׳האָב דײַן לוויה אָנגעטראָפֿן,
כ׳האָב דײַן לוויה אָנגעטראָפֿן,
ווען כ׳בין געגאַנגען תּנאָים שרײַבן.

## געשרייען

צום הימל גייט־אויף בײַ דער נאַכט אַ געשריי:
אָ, וואָס טוען מיר, גאָט, אויף דער ערד ?!
דער מלאך בײַם הייליקן טויער, געבייגט אויף דער שווערד,
פֿאַרברעכט זײַנע פֿליגלען פֿון וויי.

צום הימל גייט־אויף בײַ דער נאַכט אַ געשריי.

צו חצות הושענה־רבא ווערט שטיל מיט אַ מאָל,
די פֿעלדער פֿון שטערנדלעך פֿינקלען אוןווימלען...
דאַן קלאָגט אין דער נאַכט זײַן פֿאַרבאָרגענער קול:
„אָ, וואָס טו איך אַליין אין די הימלען ?!“

## האָסטו ברויט ?

— האָסטו ברויט ?
ער האָט געענטפערט שטילערהייט :
„אָ, לידער, לידער איצטער ניט . . .
אַמאָל האָב איך געגעסן אַלץ,
אי קרויט, אי מערעלעך,
אי רעטעכלעך מיט שמאַלץ,
נאָר איצטער ניט" . . .

— האָסטו קליידער ?
טונקל איז געווען אין חדר.
זיין פנים האָט נאָר בלייך אַרויסגעשיינט :
„די הויזן מיינע זעט מען ניט,
אַ מאַנטל ליי איך ביי אַ פריינד" . . .

— האָסטו ווו אַן אָרט ביי נאַכט ?
ער האָט זיך אומעטיק צעלאַכט :
„מען נעכטיקט ווו אין היי, אין מעקענע [1],
אין מאָך, אין האָפּן . . .
און ווינטער שלאָפט מען אין אַ פירהויז
מיט אַ שייטל האָלץ צוקאָפּן".

[1] פּסולת און איבערבלייב פון אַלערליי מינים תבואה, פאַרמישט מיט שאָ־לעכץ פון קאַרטאָפל און וואַסער, וואָס ווערט געגעבן בהמות צו עסן, איבער הויפּט ווינטערצייט.

## גיי איך מיר...

גיי איך מיר אַזוי אַרום, אַרום, אַרום
אַ יאָר, און צוויי, און דרײַ, און ס׳קאָן זײַן מער;
איך קוק אַזוי זיך, ניט געבעטן, אומעטום, אומעטום,
און אומעטום איז וויסט און לער...

ס׳איז וויסט און לער,
און אומעטיק,
און נודנע שווער:
— ברר!...

## דאָס לצל

אין געבלומטע פלודערן, אינעם קאָנוס־מיצעלע [1]
פײַקל איך אין פײַקעלע, כ׳קוליע זיך מיט האַסט...
ניט געלעסטערט! ניט געשפּאַסט!
זעט, רבותים, זעט און שטויגט,
ווי אַ לצל לאַכט און וויינט:
„כאַ, כאַ, כאַ,
כאַ, כאַ, כאַ.“
איך, דאָס מאָגער פּיצעלע,
טראָג אַ זלידנע [2] לאַסט...

איך האָב פֿיל אַרויסגעלאַכט
און גאָר ווייניק אויסגעוויינט,
מוז איך איצט, אין טיפֿער נאַכט,
פּלוידערן וואָס ניט געמיינט...

---

[1] היטעלע מיט אַ שפּיץ. — [2] אײַנגעגעסענע (וואָס דערגייען די יאָרן).

טאַנצן, קוליען זיך אַזוי...
ווײַ, ווײַ, ווײַ,
ווײַ, ווײַ, ווײַ,
ווען ס׳איז פֿון גאָט באַשערט
זײַן אַ לצל אויף דער ערד!...

פּײַקל, פּײַקעלע, און שרײַ,
גרימפּל, קלינג און צימבל־צו!
ס׳איז געווען אַ מענטשל פֿרײַ,
ווייס איך ווען און ווייס איך וווּ,
האָט ער אויסגעקערט זײַן פֿעל
און געטאָן אויף זיך אַ שפּײַ...
ער וואָלט אויסגעשפּײַט זײַן זעל
סײַ־ווײַ־סײַ,
סײַ־ווײַ־סײַ,
פּײַקל, פּײַקעלע, און שרײַ!...

שאַט, רבותים, ס׳מאַכט ניט אויס:
ס׳גריזיעט ווען אין האַרץ אַ מויז,
נאָר צו אַל די שוואַרצע־יאָר,
דאָס איז נאַרישקייטן בלויז...
איך בין לוסטיקלעך ביז גאָר...
קוקט זיך אײַן!
קוקט זיך אײַן!

אָט שטעל איך זיך אויפֿן קאָפּ,
אָט קריך איך אין דר׳ערד אַרײַן,
אָט שלינג איך אַ שווערד אַראָפּ
און איך זינג־אַרויס אין טאַנץ
גאָר דאָס פֿינצטערניש צו גאָט...
ס׳איז מײַן קערפּערל צו שפּאָט,

כאָטש דאָס נפֿשל — נאָך גאַנץ,
און עס ווייס ניט דאָס און יענץ
אין זײַן שלאָף,
אין זײַן שלאָף...
עד, פֿאַסקודנע וועלט און מענטש,
ס׳מוז דאָך נעמען ווען אַ סוף!...

## יונג געמיט

... איך טראָג עס נײַס אין יונג געמיט:
אַ ליכטיק פּנים און אַ ליד...

דאָס ליד, וואָס פֿליסט אַרויס אַן קלאַנג,
וואָס וועבט פֿון זײַדנס זײַן געזאַנג...

אַ קוועלכל עפֿנט זיך אין זעל
און ס׳פֿליסט אַ בענקשאַפֿט ריין און העל:

פֿאַר וואָס זעט־אויס דאָס לעבן טריב?
פֿאַר וואָס האָב איך דיך, ליבסטע, ליב?

## אַחד־העם

אין גרויען ישובֿ שטייט די שול פֿון גאָט פֿאַרלאָזן,
ס׳פֿאַרוואַקסט דער מאָך די ווענט, דעם פּאָליש און די טירן,
צום עזרת־נשים קרומע, פֿוילע טרעפּלעך פֿירן,
די געגנט שטוינט. עס וועלקן גאָלדיק, אומעטיק די גראָזן...

אין שול איז אומקלאָר ציטערדיק... די עצבֿות זינגט פֿאַרבאָרגן...
אַ שטילער מנין אָנגעקומענע פֿון שטעט און לענדער,

ס'בעט איטלעכער פֿאַר זיך, געבויגן אויף זײַן שטענדער:
אַ, שומר, ווען נעמט נאַכט אַ סוף? אַ, וועכטער, ווען ווערט מאָרגן?...

עס שלײַכט צום עמוד ווער, געזאַלבט פֿון אַלטן טרויער:
ס'איז ער, דער העלער, מירמל־קאַלטער דיכטער,
דאָס קינד פֿון יבֿנה דאָרשט דאָס ליכט, וואָס גייט פֿאַרלאָרן...
אַ ווײַטער בת־קול רופֿט און רופֿט פֿון אַלט צעשטערטן
מויער — — — —
און גרוי און גרויער ווערט. ווײַס שימערן די קיטלען און געזיכטער...
און ס'דאַכט — די ספֿרים גוססן אין טונקלקייט פֿון אָרון...

# אין דער שטיל

— 1 —

פֿאַר גאָט האָט מען אין אונדזער הויז מיך אָפּגעגעבן.
כ'האָב ניט געגלייבט אין אים, בלויז ציט'ריק אָפּגעוואַרט.
מיר האָבן לאַנג זיך איינס דעם אַנדערן גענאַרט,
ביז ער האָט אָפּגעקערט פֿון מיר און פֿון מײַן לעבן.

ווו שײַנט דאָס לילע ליכט, וואָס קליידט זיך ניט אין שפּראַכן
ווו ליגט דער נאַקעטער, דער רויער, לעצטער ציל?
ווו איז די שטים, וואָס זינגט־אַרויסעט אין דער שטיל,
און אָטעמט פֿונעם קילן איבערפֿלאַך פֿון זאַכן?

איך שטיי אין גרויעניש אָן גאָט און גאָר אָן שטערן,
אַ לימיק־פֿינצטערער, פֿון לעבן אויסגעטאָן,
ווי ס'שטייט אַן אָפּגעפֿרוירענער, אַ יעסענדיקער קליאָן
מיט אַלע הוילע צווײַגן אָפּגעטונקט אין טרערן.

— 2 —

איך האָב געהאַסט. איך האָב געזיגט. איך האָב געוווּנען.
עס האָט דערוויַיל דער מענטש פֿון מיר אַרויסגערונען,

ווי דער וואַסער, וואָס האָט שוימיק דורכגעקלאַפּט די שטיינער,
און בלוי און שטאָליק דין אין תהום זיך אויסגעלאָזן,
נאָר אויבן גרויען אַלץ די בערג מיט סטאַרטשענדיקע ביינער,
און לער איז זיי. און פּוסט. און וויסטע ווינטן בלאָזן — — —

— 3 —

וואָס כ׳האָב געזען, געהערט, געלערנט און געטראַכט,
האָט ווי אַ כמאַרע, אָנגעלאָדן רויך און פלאַם,
זיך פּלוצלינג אויסגעמישט אין מײַן נשמה־נאַכט
און מיך פאַרסמט — און כ׳בין אַליין געוואָרן סם.

וואָס לערנען מיר, אָ, גאָט, די וווּנדן פון מײַן לעבן?
וואָס האָבן מענטשן מיר געגעבן? — — —

— 4 —

אונדזער תּפילה איז גרוי.
אונדזער גאָט איז די פּוסטקייט די וויסטע אַרום.
קום, אויסגיין מיט אונדז אויף דעם האַרטן געלעגער פון שטרוי.
קום!

— 5 —

כ׳בין נאַקעט. אויסגעשפּרייט און באַקעט, ווי אַ פעלד,
ווען ס׳זײַנען שוין די פײַערן פון האַרבסט פאַרגאַנגען,
ווי נעפּלען רייכערן זיך קילע, אומריינע געזאַנגען,
און ווײַט איז שוין, און אומקלאָר איז, וואָס כ׳האָב געוועלט.

ווי אַ בוטשאַן אַליין אויף בלייכע, נעפּלדיקע טאָלן,
פאַריאָגט דאָס קעפּל אין די פליגלען פון דער דינער קעלט,
און ס׳איז זײַן רויטער, שטעקלדיקער פוס געשוואָלן —
אַזוי שטיי איך דאָ שטײַף און עלנט אויף דער וועלט.

1926

# שטומקייט

וואָס וועט ריידן די שטומקייט, ווען כ׳בלײַב מיט איר איינער אַליין —
און שטרענג זיך אָן ציט׳ריק אין גאַנצן און כ׳וויל כאַטש איר
דופק דערשפּירן.

זי עטעמט פּאַרטײַעטערהייט פון דער טיף, ווי אַ מאַכיקער שטיין,
ווי אַ טונקעלער חלל, וואָס גליווערט אַהינטער באַשלאָגענע טירן,
און לויערט אַ דריקנדע לאַסט פון דער ברוסט, ניט געלעבט
און ניט טויט,
ווי אַ נאַכט, וואָס וואַרט־אָפּעט דעם שײַן פון פאַרנאַכטיקן רויט...

שטומקייט, כ׳זיץ פינצטער אַליין אין מײַן צימער געליימט
פון דײַן יאָך,
עס דרעמלט אין ווינקל אַן אַלטער ראַיאַל מיט אַ פוסטקייט
אַ קילער אין גוף,
די שײַנענדע קלאַווישן פאָרן זיך קאַלט, ווי די טעג און די נעכט
אין דער וואָך.

ניגונים געחלומטע קוים און נאָך ניט געבוירענע היטן זיי אויף.
אַ רויִקע בלאַסקייט שײַנט־אָפּ פון די שווערע און טונקעלע שטאָרן.

כ׳זיץ פינצטער אַליין. מײַן אָנהייב איז לאַנג מיטן חושך
צונויפגעוואַקסן,
מײַן סוף האָט בײַ מיר זיך אין ברוסט, ווי אַ לויטערער טאָג
אויסגעלאָשן,
און איך בין פון עפּעס אַ שטומקייט אַ גרויסער געבוירן געוואָרן...

כ׳וואָלט אויסהאַקן כאָטש פון דער שטומקייט אַן איינציקן פונק,
אַז אין האַרץ זאָל אַ גלי טאָן דער ניגון פון פאַרן געבוירן...
ס׳זאָל פלוצלינג אַ לײַכט טאָן פון טיפקייט אַ גליִענדער ווונק,
פון דעם אורגאַנט, וואָס איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

כ׳זאָל זײַן אויף אַ רגע אַזוי, ווי דער קנאָספּיקער בוים אין דער פֿרי,
וואָס טרייסלט־אָראָפּ מיט אַ פֿרייד זײַנע נעכט פֿון די צווײַגן,
אַזוי ווי די הונג׳ריקע חיה אין וואַלד מיט אַ מויל אַ פֿאַרבלוטיקטן
שווײַגן,

און קלאָגן, ווי זי, און שטומען, ווי זי.

## אין שענק

עס זיצן אַ חבֿרה הוליאַקעס געפּראָפּט אין אַ שענק —
צעשויבערט די שוואַרצע טשופּרינעס
און שווערע, צעזעצט און צעלייגט אויף די דעמבענע בענק:
עס זיצן און טרינקען אַ חבֿרה הוליאַקעס אין שענק.

איינער פֿאַרקאַשערט די אַרבל און טוט זיך אַ שלאָג אינעם האַרצן:
„עס זיצט דאָרט אַ וואָרעם און נאָגט...״
און איינער הייבט־אויף׳עט דעם ליימענעם קוביק און זאָגט:
„איך האָב אויף די פֿעלדער פֿון רוסלאַנד געגעכטיקט
און כ׳האָב אויף די עלנטסטע וועגן געטאָגט.
אָ, זאָג מיר, ווו קען מען באַגראָבן אַ מת,
אַ פֿאַררויכערטן לעבן, וואָס שלעפּט זיך און קלאָגט״...
און איינער, אַ הויכער, אַ גרינער, האָט ליבלעך געשמייכלט:
„כ׳האָב גאָר נישט פֿאַרלוירן, מײַן פֿרײַנד, און כ׳האָב גאָר נישט
פֿאַרמאָגט״...

בײַ אַ טישל אין ווינקל איז איינער, אַ נײַער, געזעסן,
געשוויגן, געשאָקלט זיך קוים און געמורמלט אַן ווערטער:
„אָ, זאָגט מיר, ווער האָט מיך אין ערגעץ אַ שענקל פֿאַרגעסן?
כ׳דאַרף זיצן בײַם לידיקן טיש, נאָר איך ווייס ניט צו וואָס,
מסתּמא גייט־אום מײַן באַוואָרעער אַצינד אין גאַנץ אַנדערע ערטער,
מסתּמא בין איך דאָ אַ שאָטן — פֿאַרלוירן פֿון זײַן באַלעבאָס...

לחיים!
אַ חבֿרה הולטײַעס פֿאַרטרינקען דאָס ביסעלע צײַט.
לחיים!
שיכּורים — פֿאַריאָגט און פֿאַרטריבן פֿון גאָט און פֿון לײַט.

אַ מײדעלע מיט שײַנענדע װײַסלען איז צו שטילערהײט
צו דעם פֿענצטער
און שװײַגנדיק־טעמפּ האָבן אַלע די צורות צו איר אָפּגעװענדט.
נאָר פּלוצלינג האָט ס׳מײדל געטאָן אַ געשרײ און פֿאַרבראָכן
די הענט:
„דאָרט שטײט אַ פֿאַרגעסענער מענטש בײַ דעם ענד פֿונעם װעט,
די ערד, װי אַן עפּל, ליגט גרוי הינטער אים, הינטער אים,
ער האָט זיך אַלײן דורכגעגנבֿעט אַהין, זיך אַלײן אױסגעקײטלט
פֿון צײַט.
איצטער הערט ער, דער מענטש, יענעם הילכיקן, קאַלטן געשאַל
פֿון דער אײביקער, קלאָגעװדיק גרױזאַמער שטים
און אַל — — — —"

איז דער עולם געבליבן געלײמט אױף אַ רגע פֿון עפּעס אַ שרעק.
אין דעם טונקעלן שענק איז מען שטום בײַ די טישן
געזעסן אַ פּלעק לעם אַ פּלעק,
און ס׳האָט נאָר דאָס מײדל געװײנט אין דער שטיל און געבראָכן
די הענט.
אין חושכניש האָבן די װײַסלען, די װײַסע, פֿאַרשיכּורטע,
װײַסער געברענט
װי די גליװערעם ברענען בײַ נאַכט צװישן טרוקענעם גראָז.
און עמעצער האָט איר געקושט — אַ פֿאַרשװין מיט אַ גומענער נאָז...

1921

# כוואַליעס

פֿון די אָנהייבן און סופֿן,
פֿון אומענדלעכקייט געקומען,
אויף דער ערדראָד אָנגעטראָפֿן
און ווי כוואַליעס צוגעשוווּמען...
אָפּגעזעגנדיקט ס׳ביסל יאָרן,
קריכן מיר אַרײַן אין אָרון,
און מיר שווימען שטום אַוועק,
כוואַליעס, צו אַן אַנדער ברעג.

אָ! מיר לעבן און מיר שטאַרבן,
ווי די טענער אין די פֿאַרבן.
פּלוצלינג קלינגען־אָפּ די יאָרן.
נאָך דעם ווײַזן מיר זיך ווידער,
יונגע, פֿרישע, ערשט געבוירן,
און מיר זינגען נײַע לידער.

דורך די צײַטן, דורך די דורות
אויסגעקוקשט שוין אַלע תּורות...
און געוואָרפֿן זיך אין טענץ
מיט אַ הפֿקרדיקן ניגון,
פֿלעכטנדיק די לאָרבערקרענץ
רונד־אַרום די גאָלד׳נע געטער,
ביז מיר בלײַבן טויטע ליגן
אויף די שוואַרצע טהרה־ברעטער.

אָ! מיר לעבן און מיר שטאַרבן,
ווי די טענער אין די פֿאַרבן.
פּלוצלינג קלינגען־אָפּ די יאָרן.
נאָך דעם ווײַזן מיר זיך ווידער,

יונגע, פֿרישע, ערשט געבוירן,
און מיר זינגען נײַע לידער.

פֿינצטער. די נשמות שטומען...
ס׳טראָגט אונדז אום אַ גרויסער שטראָם...
און די תּהומען אונטן ברומען...
שפּרינגען מיר פֿון תּהום צו תּהום,
ווו דער טײַוול ווײנט און ווויטיקט,
פֿירנדיק די שוואַרצע בעלער...
פּלאַצט דאָס האַרץ! עס שרײַט און בלוטיקט:
פֿינצטער, נאָר ווי אין אַ קעלער:
ס׳איז אַ בלינדע וועלט אַנטקעגן,
ווו דאָס האַרץ זאָל אונדז ניט פֿירן,
לויפֿן זיך צונויף די וועגן
צום בית־עלמינס גרויע טירן.

אָ! מיר לעבן און מיר שטאַרבן,
ווי די טענער אין די פֿאַרבן.
פּלוצלינג קלינגען־אָפּ די יאָרן.
נאָך דעם ווײַזן מיר זיך ווידער,
יונגע, פֿרישע, ערשט געבוירן,
און מיר זינגען נײַע לידער.

## וועלפּישע לידער

— 1 —

איך וועל מײַנע וועלפּישע ווערטער דערציילן
פֿאַר מײַנע פֿיר איילן, פֿאַר מײַנע פֿיר איילן.
ס׳איז ליימיק מײַן אויער, צעפּאַטלט און גרויס,
און ער האָרכט, וואָס דאָס האַרץ ווײנט־אַרויס.

אָ, גאָט, פֿאַר אַן אומריינעם וועלפֿיש געהויל
איז ניט פּאַסיק דאָס מענטשישע מויל.

כ׳האָב אַ גרינגלעכן פּלאַם, וואָס ס׳פֿאַרשוואַרצט אים
דער בליק,
און אַ הונגער, וואָס צוקט פֿון געביין;
כ׳האָב אַ לוגיקן טראָט
און אַ קנאַכיקן האַרטן געניק.
היי,
כ׳וועל דערציילן מײַן פּײַן פֿאַר די וועלף,
גאָט!

— 2 —

בלוי ציגדט זיך דער שניי אויף דעם פֿאַספֿאָרנעם געגנט.
וויי, וויי,
ס׳האָט אַ וואָלף מיט דער וועלט זיך געזעגנט.

„איך פּײַף אויף דעם וועלפֿישן שטאַם,
ווײַל אַ וואָלף איז נאָר איינער — — —
איר, איר, כ׳האָב געבראַכט אײַך דעם גיפּט,
געמיינט, אַז מען שפּײַט, ווען עס האָט נאָר געברענגט —
איר האָט מיך פֿאַרוואָרפֿן מיט שטיינער.
ס׳איז אַ וואָלף ניט קיין וואָלף, ווען ער טראָגט נאָך
די פֿעל אויף די ביינער!“...

בלוי ציגדט זיך דער שניי אויף דעם פֿאַספֿאָרנעם געגנט.
וויי, וויי,
ס׳האָט אַ וואָלף מיט דער וועלט זיך געזעגנט.

— 3 —

ציט׳ריק באַטאַפּט די לבֿנה די פֿעלדער,
עס כוואַליען זיך גרינע די שנייִקע פֿליינען

און ס׳שטאַרצן פֿון טיפֿעניש קאַלטע, צעפּאַטלטע וועלדער — — —
פֿעדערלעך איינציקע ווייען, פֿאַרווייען,
און ווײַט, העט ווײַט, גלאָצט־אַרויס פֿון די טרוקענע שנייען
אַ קנאַכיקער וואָלף אַ געמיינער
דורך גרין אויפֿגעשניטענע אויגן,
אַ וואָלף זויגט אַרויסעט דאָס בלוט פֿון די אייגענע ביינער
און וואָיעט, און וואָיעט, און וואָיעט
צום הימל געשריגן...

— 4 —

היי, היי, שווער צו טראָגן הויך דעם קאָפּ
דעם באַטשופּרינעטן!
און דאָס גראָבע האַרץ דאָס שרײַיקע — — —
איך וועל אַוועק צום דאָרף דעם אויסגעמאַגדאַליגעטן
און אויף די פֿעלדער, אין די גערטנער די מײַיקע
אַ טאַנץ טאָן הפֿקרדיק, און טרויעריק, און שטומערהייט —
אַ שרײַ טאָן, שרײַען מיט אַן אָטעם אַ פֿאַרכלינעטן
פֿון יעדן קוסט, פֿון הינטער יעדן בייט:
היי, היי, שווער צו טראָגן הויך דעם קאָפּ
דעם באַטשופּרינעטן!

ווײַל ס׳קלינגען הונגערטעג, ווי קייטן בלײַיקע,
און ס׳זינגען פֿריילעך קייטן צו איבעראַיאָריקע...
היי, היי, אָט דאָס גראָבע האַרץ דאָס שרײַיקע
קערט זיך, ווי אַ וואָלפֿיכע, אין אַ ברוסט, אַ האָריקע.
איך וועל אַוועקיאָגן אין וואַלד אויף אַלע פֿיר
אַ טאַנץ טאָן הפֿקרדיק, און טרויעריק, און שטומערהייט.
און פֿון דעם קרומען מויל דעם אויסגעמינעטן
וועט טויב אַרויסשרײַען דער וואַלד פֿון מיר:
היי, היי, שווער צו טראָגן הויך דעם קאָפּ
דעם באַטשופּרינעטן!

— 5 —

היי, אַ וואָלף אין דער שטאָלענער עלנטקייט
ברעכט האַלדז און געביין,
היי, אַ וואָלף אין דער שטאָלענער עלנטקייט
טראָגט די גאַל אין די ציין.

און ער ווײַנט אויף די וועגן יעסעניקע
אָפּגעמאָרעט אין פּײַן,
און ער ווײַנט אויף די וועגן יעסעניקע:
— אַלץ איז מײַן! אַלץ איז מײַן!

און ער וואָיעט בײַ נאַכט צו די פֿײַערן
פֿון אַהינטער אַ פּלויט,
און ער וואָיעט בײַ נאַכט צו די פֿײַערן:
— גיט ברויט! גיט ברויט!

היי, היי, אַ וואָלף אין דער שטאָלענער עלנטקייט
ברעכט האַלדז און געביין,
היי, היי, אַ וואָלף אין דער שטאָלענער עלנטקייט
טראָגט די גאַל אין די ציין.

## די ווייכע אַקסלען ציטערן

די ווייכע אַקסלען ציטערן פֿון מײַן באַריר,
שטיל בייגט זי אויס צו מיר איר בלייך געזיכט.
איך שפּיר אַ קלאַנג ווי פֿון יאַפּאַנישן געשיר,
און כ'אָטעם־אײַן באַרוישט איר דינעם ליכט.

דאָן בײַג איך גאַנץ זיך צו צום ווײַסן האַנט
און גרינג קלינגט־אויף דאָס בלוט אין יונגן גאַנג,
ווען איך פֿאַרבלײַב אַזוי דאָס לעבן לאַנג
בײַם ליכט פֿאַרבייגט, וואָס לײַכט מיר אומבאַקאַנט.

# ס׳לייכט

ס׳לײַכט ליכטיק ליגד דײַן זעל אין העלן ווײַ,
ס׳איז ריין דײַן קעלעכל, ווי שניי, ווי שניי...
דײַן אָפּבילד רייניקט אונדזער שטילע הויז,
דײַן נאָמען שײַנט צו מיר און לייזט מיך אויס.
איך בעט דיך, ליבינקע, צו יעדער צײַט:
נאָכסאָל ביסטו, מײַן קינד, געפֿלויגן ווײַט?!

מיך רופֿט דײַן זעלערו, ווו כ׳שטיי און גיי,
ס׳איז ווײַס דײַן קעלעכל ווי שניי, ווי שניי...
ווו ביסטו, קינד דו מײַנס? דו מוזסט דאָך זײַן —
דײַן חלום הייליקט מיך און שלעפֿערט־אײַן.
איך גיי אין לעבן אום בײַם זײַט, בײַם זײַט...
נאָכסאָל ביסטו, מײַן קינד, געפֿלויגן ווײַט?!

ווער ווייס, וואָס ווייט דער ווינט אין לאָד אַזוי,
ס׳איז ווייך דײַן קעלעכל ווי שניי, ווי שניי...
עס וועבט אַ ווײַסע טויב אַ ליב געוועב
אויף אונדזער שטילן הויז, אַוו איך לעב.
איך זיץ און כ׳רופֿ צו דיר אין פֿינצטערקייט:
נאָכסאָל ביסטו, מײַן קינד, געפֿלויגן ווײַט?!

# וועסט אָנטאָן דיין גילדערנעם רינג...

וועסט אָנטאָן דײַן גילדערנעם רינג אויף דײַן פֿינגער
און איך טראָג דײַן אײַזערנע קייט.

ברען־אויסעט די ערטער, ווו איך בין געשטאַנען —
כ׳וועל אויסברענגען דיך פֿון מײַן האַרץ.

אַ גרויסינקע שפּערלען, איר קומט צו דער קבֿורה,
צו אײַך איז געווען זי פֿאַרגליכן.

און אײַך, בעט איך, ברידערלעך שוואַלבן
בײַם פֿענצטער:

ניט ליבן זיך אָפּן,
ווײַל כ׳זיץ אויף דער ערד אין אַבֿלות;

די נעסטן ניט בויען,
ווײַל זי איז אַוועק פֿון מײַן הויז...

## רייסיש

אַ ניט ווי די ברוינע סאַזשלקע איז זי שטיל,
און ניט דער סאַמעטענער שוואַלב איז איר פֿיגעלע —
איך זאָל שיקן אַ גערוס צו איר,
ליבער איז זי אַפֿילו פֿון דער גרויער קוקאַווקעלע.

אַ ניט צו דער קוקאַווקע איז זי גלײַך,
איך זאָל זי הערן רופֿנדיק...
אפֿשר איז זי ווי די ריאַבינע[1], וואָס שטייט בײַם פֿענצטער,

ווי די ווילייע,
ווען זי איז נאָך קיין טײַך ניט געווען,
ווען זי איז אַ לבֿנהדיקע געזעסן איבעם אַלטן שלאָס
און אַרויסגעקוקט צום ים.

דו ביסט ווײַט פֿון מיר און מײַן מזל איז אויך אַן אַנדערער,
ווײַל איך בין געגליכן צו דעם לאַנגן פֿוקס,

---

[1] יאַגדעבוים.

צו דעם גרויען וואָלף
און צו דעם דעמב, וואָס האָט קיין בלעטער ניט.

פֿאַר וואָס, לאַנגער פֿוקס, האָסטו קיין באַוואָרער ניט —
און איך בין אַן עלנטער אין פֿעלד...

פֿאַר וואָס, גרויער וואָלף, האָסטו קיין נאָרע ניט —
און איך בין אַ פֿאַרשטויסענער...

פֿאַר וואָס, אַלטער דעמב, האָסטו קיין בלעטער ניט —
און איך קיין מזל ניט...

# ווילנע

— 1 —

אויף דײַנע מויערן גייט ווער אַרומעט אין אַ טלית.
בײַ נאַכט איבערן שטאָט איז ער אַליין אַ טרויעריקער אויף.
ער האָרכט: די אַלטע אָדערן פֿון שאַרע דורכהויפֿן און קלויזן
וואַכן, קלינגען, ווי אַ הייזעריקע האַרץ אַ שטויביקע.
דו ביסט אַ תּהילים אויסגעלייגט פֿון ליים און אײַזן;
אַ תּפֿילה איז אַיעדער, אַ ניגון יעדע — וואַנט,
ווען די לבֿנה רינט־אַראָפּ אין דײַנע געסלעך פֿון קבלה
און ס׳בלייכט־אַרויס די נאַקעטע און מיאוס קאַלטע פּראַכט.
דײַן פֿרייד איז טרויער — די פֿרייד פֿון טיפֿע בעסער
אין קאַפּעליע, יום־טובֿים זײַנען די לוויות
און טרייסט — די קלאָרע, לײַכטנדיקע אָרעמקייט,
ווי שטילע זומער־נעפּלען אויף די ראָגן פֿון דער שטאָט.
דו ביסט אַ טונקעלע קמיע אײַנגעפּאַסט אין ליטע,
פֿאַרשריבן גרוי און אַלט אַרום מיט מאָך און מיט לישײַעס;
אַ ספֿר איז אַיעדער שטיין, אַ פּאַרמעט — יעדע וואַנט,

צעבלעטערט סודותדיק און אויפגעעפנט אין דער נאַכט,
ווען אויף דער אַלטער שול אַ וואַסער־טרעגער אַ געפּראַרענער —
דאָס בערדעלע פאַרקאַשערט — שטייט און ציילט די שטערן.

— 2 —

ביי נאַכט, איבערן שטאָט, בין איך אַליין אַ טרויעריקער אויף:
ניטאָ קיין קלאַנג. עס גליווערן די היזער — קופּעס שמאַטעס.
נאָר ערגעץ הויך אַ חלבדיקע ליכטל טריפט און פלאַטערט —
עס זיצט אַ בעל־מקובל איינגעוועבט אין בוידעם,
ווי אַ שפין, און ציט דעם גרויען פאָדעם פון זיין לעבן:
— איז ווער פאַראַן אַרום אין ווייטער, קאַלטער פוסטעניש,
וואָס מיר, פאַרטריבטע, הערן די פאַרלוירענע געשרייען?
און ס'שטייט פאַר אים רזיאל בלייזיק אין דער טונקלקייט
מיט אַלטע פאַרמעטענע פליגלען אָפגעקראַכענע
און אויגן — גריבער אָנגעפילט מיט זאַמד און שפינוועבס:
—ניטאָ חוץ טרויער איז שוין גאָרניט מער פאַראַן!...
דאָס ליכטל טריפט. עס האָרכט דער גרינער ייד פאַרשטיינערט
און זייגט דאָס פינצטערניש פון מלאכס אויגנלעכער,
און בוידעם איבער בוידעם עטעמט־אָפּ — די לונגען
פון דער האָרביקער באַשעפעניש, וואָס דרימלט אין די בערג
אַ, אפשר ביסטו, שטאָט, אַ חלום פון אַ בעל־מקובל,
וואָס שוועבט אַ גרויע אין דער וועלט ווי שפינוועבס אַנהייב יעסיען.

— 3 —

דו ביסט אַ תהילים אויסגעלייגט פון ליים און אייזן,
און דיינע אותיות וואָגלען, בלאָנדזשען אָפגעקראָכענע:
יעדן שטיפּע ווי די העלצער, ווייבער ווי די לעבלעך ברויט;
קאַלטע, סודותדיקע בערד, די פלייצעס אויסגעהאַמערטע
און אויגן וואַקלענדיקע, לאַנגע, ווי די שיפלעך אין אַ טייך — — —
יעדן דיינע ביי אַ זילבערדיקן הערינג שפעט ביי נאַכט

שלאָגן זיך על־חטא: — אָ, גאָט, מיר זינדיקן, מיר זינדיקן...
און די לבֿנה, ווי אַ ווײַס אויג, אַדורך די שײַבלעך גלאָצט —
דאָרט זילבערן זיך שמאַטעס אָנגעהאָנגען איבער שטריק,
ווי קינדער אין די בעטן — געלע, גליטשעוודיקע ווערעם,
און מוידן, האַלב שוין אויסגעטאָן, מיט לײַבער
ווי די ברעטער — — — —
שמאָלע, ווי די גאַסן, זײַנען דײַנע כמורנע יידן;
שטומע שטערנס, ווי די ברייטע גליוועדיקע ווענט פֿון שולהויף,
און ברעמען מאָכיקע, ווי דעכער איבער דײַנע חורבות.
דו ביסט אַ תּהילים אָנגעשריבן אויף די פֿעלדער
און ווי אַ ראָב זינג איך פֿון דיר בײַם שײַן פֿון דער לבֿנה,
ווײַל קיין מאָל איז די זון ניט אויפֿגעגאַנגען אין דער ליטע.

— 4 —

דײַן פֿרייד איז טרויער — די פֿרייד פֿון טיפֿע בעסער
אין קאַפּעליע. אַ שוואַרצער איז דײַן שטילער פֿרילינג.
ביימלעך וואַקסן פֿונעם מויער, גרעזער פֿון די ווענט;
דאָס גרויע בליעכץ קריכט פֿאַרשלאָפֿן פֿונעם אַלטן בוים
און בלאָטיק שטייט די קאַלטע קראָפּעווע שוין בײַ דער ערד.
נאָר קויט און אייביק גליוועדיקע ווענט אין נעץ.
און ס'טרעפֿט בײַ נאַכט, אַ ווינטל טוט אַ טריקן שטיין און דאַך,
און אַ געשטאַלט פֿון טראָפּן וואַסער און לבֿנה־שײַן
שלײַכט דורך די גאַסן זילבערלעך און ציטערדיק פֿאַרחלומט —
ס'האָט די ווילדע קיל און נעפּלדיק זיך אויפֿגעהויבן,
און פֿריש, און נאַקעט הויל, מיט לאַנגע וואַסערדיקע הענט,
אַרײַן אין שטאָט. די בלינדע שײַבלעך קוקן אויסגעקרימט,
די בריקלעך רונד איבערגעוואָרפֿן אויף די מויערן.
אָ, קיינער וועט ניט עפֿענען אַ טיר, אַרויסשטעקן דעם קאָפּ
צו דער ווילדע אין איר דינער, בלויער נאַקעטקייט.

עס שטוינען, ווי די בערג אַרום, די מויערן מיט בערד,
און שטיל, און שטיל — — —

— 5 —

דו ביסט אַ טונקעלע קמיע אײַנגעפּאַסט אין ליטע
און ס׳טליִען קוים געשטאַלטן אין דײַן אומרויִקן גרונט:
די ווײַסע, בלאַנקע גאונים פון ווײַטן ליכט,
מיט ביינער שמאָלע, האַרטע, אויסגעשליפענע פון מי;
דאָס הייסע רויטע העמדל פונעם שטאָלענעם בונדיסט;
דער בלויער תּלמיד זיצנדיק בײַם גרויען בערגעלסאָן
און ייִדיש איז דער פּראַסטער קראַנץ פון דעמבן־בלעטער
אויף די אַרײַנגאַנגען, די הייליק וואַכיקע, פון שטאָט.
דאָס גרויע ייִדיש איז דאָס ליכט, וואָס פינקלט אין די פענצטער —
אָ, ווי אַ גייער בײַ אַן אַלטן ברונעם אונטערוועגס,
זיץ איך דאָ און האָרך די רויע שטים פון ייִדיש.
און אפשר רוישט עס אַזוי שטאַרק דאָס בלוט אין מײַנע גלידער?
איך בין די שטאָט! די טויזנט שמאָלע טירן צו דער וועלט,
די דעכער איבער דעכער צו דעם בלאַטיק קאַלטן בלוי,
איך בין דער שוואַרצער פלאַם, וואָס לעקט דאָ הונגעריק די ווענט
און גליט אין שבתדיק שאַרפן אויג פון ליטוואַק אין דער פרעמד.
איך בין דאָס גרוי! איך בין דער שוואַרצער פלאַם! איך בין די שטאָט!

— 6 —

און אויף דער אַלטער שול אַ וואַסער־טרעגער אַ געפראָרענער —
דאָס בערדעלע פאַרקאַשערט — שטייט און ציילט די שטערן.

## עס טרעפט...

עס טרעפֿט, אַז די וועלט זינגט־אַרויס אַ פֿאַרבאָרגענעם ניגון,
דאַן ווערט אויף אַ רגע געהייליקט דאָס לעבן — — —
עס שווימען־אַרויס יענע תּפֿילות, וואָס ווערן פֿון יעדן פֿאַרשוויגן,
אַזוי נאָענט, אַזוי איבערגעגעבן...

דאַן גלייבט מען, אַז יעדערנס עלנט איז שווער,
איז ניט איבערצוטראָגן,
ס'איז יעדערנס בראָך
אַזוי אוממענטשלעך טיף, אַז מען קאָן נישט ניט ריידן, ניט קלאָגן,
און דאָך...

# רייסן

— א —

אָ, דער זיידע פֿון קאָבילניק איז אַ ייִד אַ פשוטער,
אַ פּויער מיט אַ פּעלץ און מיט אַ האַק און מיט אַ פֿערד...
און מײַנע זעכצן פֿעטערס און מײַן טאַטע —
ייִדן פּראָסטע, ייִדן ווי די שטיקער ערד,
טרײַבן פּליטן אויף די טײַכן, שלעפּן קלעצער פֿון די וועלדער...
און דעם גאַנצן טאָג געהאָרעוועט ווי כלאָפּעס,
עסט מען וועטשערע פֿאַר נאַכט צוזאַמען פֿון איין שיסל
און מען פֿאַלט־אַנידער אין די בעטן ווי די סנאָפּעס.
דער זיידע, אָ, דער זיידע קלעטערט קוים אַרויסעט[1] אויפֿן אויוון,
ער איז, דער אַלטיטשקער, בײַם טיש אַנטשלאָפֿן שוין געוואָרן,
נאָר די פֿיס — זיי ווייסן, פֿירן זיי אַליין אים אָפּ צום אויוון...
דעם זיידנס גוטע פֿיס, וואָס דינען אים פֿון כמה יאָרן...

— ב —

## מען קאָסיעט היי...

אין פֿעלד האָט גענומען שוין ציִען מיט נעפּלען פֿון אָסיען...
אַרויס איז דער זיידע פֿאַר טאָג צום געמויזעכץ דאָס היי אַראָפּקאָסיען,
איז מען בײַם שאַריִען אויף טאָג שוין געווען בגילופֿין, אַזוי
ווי די אמתע קלעזמער,

---

[1] דער דיכטער באַניצט אָפּ דעם ליטווישן שטייגער פֿון צוגעבן „עט" צו ארויף („אַרויפֿעט") און אראָפּ („אַראָפּעט"), אויס („אויסעט"), אַרום („אַרומעט").

מען האָט זיך צעשטעלט זאַלבע אַכצעט, דער זיידע בראש,
אױן אַװעק איז אַ מזמור:
אַ שפּרײַז און אַ קער מיט די פּלײצעס, אַ סווישטש פּונקט
עס טאַנצן אין זומפּ אַרום בליצן.
פּאַר דאָס שטיקעלע ברויט — האָט דער זיידע געזאָגט —
מוז מען, קינדערלעך, שוויצן...
און ס'האָבן זיך בלאַנקער די קאָסעס צעפּײַפט, די קאַפּאָטעס אַראָפּ,
מיט באַװאָקסענע גלידער,
אַזוי ווי די האַריקע יאָדלעס [2] — אַ טאַטע אַן אַלטער מיט זיבעצן
לײַבלעכע ברידער...
עס צופּן די קאָסעס, ס'צעשפּריצט זיך דער טוי און עס פּאַלן
די גרעזער אויף גרעזער אַנידער.
אַ פּייגעלע זינגט אויף אַ נוסבוים דערבײַ, אַז דער זיידע קאָן פּשוט
קיין אָרט ניט געפינען:
„וואָס זאָגסטו דערצו? נאָ דיר גאָר אַ קאַנאַריק, אַ חזן,
אין מיטן דערינען"...
דאָ נעמט מען זיך טאָטשען די קאָסעס, פאַררייכערט מען,
כאַפּט מען אַ זופּעלע קוואַס פונעם קריגל,
דערנאָך שטייט מען אויף מיט אַ קרעכץ... פּאַמאָהיי באָך [3]!
אַ קלונג, און עס טוט זיך די קאָסע אַ שפּיגל,
באַװײַזט זיך, פאַרשווינדט צווישן גראָז, טוט אַ בלאַנק —
אַכצן קאָסעס כּסדר!...
און ס'בייגן זיך זיכער די הענט, אָ, עס קנאַקן די שענקלען,
און פעסט זיצט איעטווידער גדר — — —
אַזוי ביז דער עולם דערזעט, ווי דער רויטער פאַרנאַכט לײַכט
זיך אָפּ אין די קאָסעס,
טוט חבֿרה אַ שמייכל. מען זעט שוין דעם הערינג, דעם ברייטן,
דער באָבעשיס קעז־סאַלטענאָסעס [4].

---

[2] נאָדל־ביימער. — [3] העלף, גאָט! [4] בלינצעס.

דערלאַנגט מען אַ נעם די קאַפּאַטעס, מע גייט און מע הערט
צו די וואַכטלען[5], וואָס שרייַען,
מע גייט מיט די קאָסעס, פֿאַרלייגט אויף די פּלייצעס, מע קוקט
און מע שוויַיגט, ווי די שלייַען[6]...

— ג —

## די באָבעשי...

די באָבעשי געוועזן איז אַ ייִדענע אַ צנועה,
אַ מייַסטער פֿון אַ קינדלערקע[7] — אַ קינד צו יעדן פֿרילינג...
און גרינג, און גאָר אָן ווייען, פּונקט ווי הינער לייגן אייער
האָט זי געלייגט די צווילינגן — אַ צווילינג נאָך אַ צווילינג.
דרייַ פֿעטערס האָט די באָבעשי געבוירן אויפֿן בוידעם,
צוויי פֿעטערס האָט די באָבעשי פֿאַרלוירן צווישן אייער,
עלף פֿעטערס האָט די באָבעשי געבוירן אויפֿן אויוון,
מייַן טאַטן האָט די באָבעשי געבוירן אין אַ שייַער...
און דאַן האָט זיך איר מוטערטראַכט אויף אייביק צוגעשלאָסן.
די באָבעשי האָט אָפּגעשענקט פֿאַר אָרעמע די ווינדעלעך.
די באָבעשי, די טייַערע, האָט אָפּגעטאָן דאָס איריקע,
איז זי אין שטוב אַרומגעגאַנגען
ווי אַ קאַטשקע צווישן הינדעלעך...

— ד —

## מען טרייבט פּליטן...

עס האָבן די נעפּלען פֿאַרווישט און פֿאַרשמירט אַלע דערפֿער
און וועגן,

---

[5] פּשעפּיורקע (פויגל). — [6] גליטשיקע פעל. — [7] פּרוי וואָס ליגט אָפּט אין קימפּעט.

אין פעלד טאָפּט מען אָן מיטן וואַרעמען פּנים די קאַלטקייט
פון הענגענדן רעגן...
עס ווײַזן זיך פלעקן פון ביימער, פון ערגעץ אַ הויף אַן אַסוויר
פון אַ ברונען,
נאָר ס'שווימט עפּעס אָן, עס ווערט ווײַס פאַר די אויגן...
און אַלץ ווערט אין נעפּל צערונען.
אַ טרוקענער צווײַג פאַלט־אַראָפּ. עס איז שטיל. אַ פויגל
הייבט־אָנעט צו קלאָגן:
„ס'קומט אויס'עט אין לעבן אַזוי פיל אַריבערצוטראָגן, אַזוי פיל
אַריבערצוטראָגן"...
די צענדליקער קוועלכעלעך פליעסקענען צווישן די בייטן,
און מורמלען און ריידן,
און צווישן די נעפּלען, ווײַט־ווײַט אויפן גיעמאַן, דערהערט זיך
די שטים פונעם זיידן:
— שמוליע, היי, שמוליע,
פאַרפּאַטש דעם היבטן אויף סקאַרוליע[8]!...

דער זיידע קריכט־אום מיט אַ באָרד, מיט אַ נאַסער, און טאַפּט
די שוואַרצועס[9],
די פּעטערס אין נעפּל מיט לאַנגע בוסאַקעס[10] מען שפּרײַזט
אויף די פּליטן,
אָט ווערן זיי נעלם. מען הערט נאָר אַרויס פון דער זײַט
דעם געשרײַענעם שמועס,
עס טוען אַ פּליעסק אַפּאַטשינעס[11], אַ גראָב, און דער שטראָם
ווערט צעשניטן...
דער נעפּל פילט־אויסעט די ליימיקע ברעגן, ניטאָ — ניט קיין
ערד, ניט קיין וואַסער.

---

[8] מאַך פּאַרטיק, שטופּ־אָפּ די פּליטן, אַרויסצולאָזן זיך אין וועג אַרײַן. — [9] שטריק(?) — [10] שטעקנס(?) — [11] ווענסלעס.

און ווייך איז די געגנט אַזוי, און ממשות — אַ וואָרעמער אָטעם
אַ בלאָסער...
נאָר ס׳וויקלט זיך עפּעס... אָט גייען די כלערליי טאָלן
און וועלדער אַריבער,
דאָרט שטייען פֿאַרוויקלט די הײַזער, באַדעקטע ווי מעבל
אין גבֿירישע שטיבער...
און אָט פּלאַצט דאָ אויפֿעט אַ קלאָרקייט אַ גרינע... ס׳ווערט
קלערער בײַ זיך אין נשמה...
די זון טוט אַ לײַכט. עס באַווײַזט זיך דאָס וואַסער אין ווערבעס
פֿאַרוויינטע און לאָמע,
דער וואַלד האָט זיך בלוי אויסגעוואַשן, איז נאַס, און דער קאָפּ
זײַנער פֿלאַקערט,
און ס׳גייט זיך אַ העלקייט ווײַט־ווײַט אויף אַ לאָנקע... אַ פּויערל
שטייט דאָרט און אַקערט...

אַ רחבֿות, אַ פֿרישקייט פֿון גראָזיקע לאָנקעס, וואָס שמעקן
און פֿינקלען און ווינען,
און ס׳שווימען נאָך אומ׳עט די שטיקער פֿון נעפּלען — חלומות
פֿון פֿעלדער און פליינען...
און ס׳שווימען די פליטן געלאָסן, געלאַסן, פֿאַרקירעוועט רונד
מיט די ברעגן,
די שטרויענע בײַדלעך שטראַלן און פּאַרען אַרויסעט דעם טוי
און דעם רעגן.
דערבײַ ליגט דער זיידע... ער רייכערט די ליולקע און זשמורעט
פֿון תענוג די אויגן:
די וואָרעמע ערד האָט זיך גלאַנציק און פֿעט אַזוי שטאַרק אויסגעצויגן,
צעקעסטלט אין פֿעלדער, געמויזעכצן, געלבע און העלע און גרינע —
עס גיסט זיך דער דורכזיכטיק ציט׳ריקער פֿלאַקס אויף בורשטיניקע
שטענגלעך דינע,
די גרינקייט אויף פֿעלדער קאַרטאָפֿל ליגט אָפּגעקילט, מאַט,
אויסגעזאָטן...

און ס'שמייכלט די קורצע, די ראָזעווע רעטשקע [12] מיט שפּרענקעלעך
ווײַסע באַשאָטן —

עס רינען די זאַפטן פון דר'ערד, אַז אַ שיכּרות נעמט־דורך
אַלע גלידער,
עס שפּאַרט זיך אַ לעבן אַ שטומער דורך גרעזער, דורך וואָרצלען
און צווײַגן,
אַז ס'האַלט מער ניט אויסעט דער זיידע, ער טוט זיך אַ נעם, אַ,
ער קאָן מער ניט שווײַגן,
דערלאַנגט ער אַ רעווע: טראַסציאַ [13] אין דײַן טאַטן! און נאָך
אַ מאָל ווידער:
טראַסציאַ אין דײַן מאַמען: אַז ס'כאַפּן זיך אויפּעט די זין
אויף די פּליטן,
מען זעט, אַז עס פליצן־אַראָפּ פון די פּעלדער די פאַרבן,
די היסע, ווי שטראָמען.
עס שפּרודלט פון פּרילינג אַרײַן אויף דער וועלט און אַליין
איז מען אויך דאָ אין מיטן...
רבונו של עולם! עס טוט זיך דאָ וואָס אויף די פּעלדער, וואָס האָט
ניט קיין נאָמען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָט דער זיידעניו, עליו־השלום, די פּליטן געטריבן קיין פּרײַסן,
איז ער פאַרנאַכטלעך אַרײַן מיט דער בלויער ווילנע אין ניעמאַן
אין ווײַסן,
האָט מען די שריגעס [14] פאַרגראָבן אין זאַמד און די שווערע
שוואַרצועס פאַרבונדן,
און פײַערן האָבן די פּעטערס אויף יעטוועדער פּליט אָנגעצונדן.
שווײַגנדיק מיד, זאַלבעצווייט בײַ אַ פײַער, אַזוי איז מען גרויע געזעסן.
געבראָכן דאָס ראָזעווע ברויט און דעם באָרשט פונעם טעפּל געגעסן.

[12] ברוינע גרויפּן. — [13] אַ רוח! — [14] פּלאָקנס(?).

ס׳איז שטיל אויפֿן געגנט געוועזן. עס האָבן נאָר בלויע די וועלן געזונגען,
עס האָט נאָר דאָס פֿײַער זיך הילכיק צעבלעטלט, צעלייגט,
ווי אַ רויטינקער בלימל,
און ס׳איז נאָר אַ פֿיש ווען ניט ווען פֿונעם וואַסער, דעם קילן, געשפּרונגען.
בלוי איז געווען, און אַ רויטע לבֿנה, אַ שווערע, איז אַרויס אויפֿן הימל.

— ה —

## די ווילִיע און דער ניעמאַן...

בעת די לבֿנה צעשפּריצט זיך אין לאַנד ווי אַ זילבערנער רעגן,
דאַן הייבט זיך אַ שטײַפֿע געשטאַלט פֿון אַ ליטווין אַרויס
פֿון דעם ניעמאַן
און ס׳שווימט, ניט געהערט, פֿון ווילִיע אַ טונקעלע פֿרוי אים אַנטקעגן.
צעוואָרפֿן די לאָקן, די נאַסע, מיט לאַנגע און גרינלעכע ברעמען,
באַווײַזט זיך איר גליטשיקער קערפּער אַרויס פֿון די כוואַליעס...
עס בייגט זיך אַריבער דער ניעמאַן און נעמט זי אַרומעט,
און טוט איר אַ קוש אין די אויגן די גרינע, וואָס לײַכטן פֿון אומעט,
און נעמט זי אַראָפּ אויפֿן גרונט אין די בלויע, קרישטאָלענע סאַליעס...

— ו —

## דער פֿעטער אַבֿרהם פֿאַשעט פֿערד...

בײַ נאַכט איז דער פֿעטער אַבֿרהם געווען אויף דער וואַרטע[15].
דאָס פֿעלצעלע האָט ער געהאַט און די טאָרבע צום עסן,
בײַם פֿײַערל גרוי, ווי אַ קאָרטש[16] איז אַבֿרהם געזעסן

---

[15] וואַכפּלאַץ. — [16] פּניאַק, אונטערשטער טייל פֿון בוים.

און ס'האָבן געסטאַרטשעט פֿון אים נאָר די ביינער די האַרטע...
אַזוי האָט דער פֿעטער אַבֿרהם די פֿערד אויף דער לאַנקע געפּיטערט.
געפּענטעטע האָבן זיי שווער אויפֿן גראָז צוגעשפּרונגען,
די שײַן פֿון לבֿנה האָט ווייך אויף די שקאַפּעס געציטערט
און ווײַט אין פֿאַרנעפּלטן פֿעלד האָט דער ניעמאַן געקלונגען...
דאָס טרוקענע פֿײַערל האָט זיך אָן כּוחות געלאָשן...
אַזוי ווי אין שלאָף איז אַבֿרהם באַנומען געזעסן,
אַ בוים אין אַ בוים האָט אין טונקעלער ליכט זיך געגאָסן,
און ס'האָט זיך געהערט, ווי דאָס גראָז ווערט געצופּט און געפֿרעסן...
און ס'האָט זיך געהערט: אויפֿן הימל עס רירן זיך שטערן,
אַ רויכעלע טוליעט זיי אײַן, ווי אַ וואַרעמער ניגון;
אַ ציט'ריקע נעץ האָט פֿאַרנומען דעם הימל, דעם לערן,
און ס'שווימען דאָרט פֿישעלעך, פֿינקלען און וויגן זיך, וויגן...
עס האָט זיך אַבֿרהם, דאָס פּנים אַרויף, אויסגעצויגן:
די קאַלטע לבֿנה גייט־אום אין אַ ראָד, אין אַ געלער,
און זיבעצן שטערנדלעך זײַנען געקומען צעפֿלויגן.
עס ציטערט אין שטערן, אַ גריבער, פֿון אַלעמען העלער...
נאָר פּלוצלינג דאָס שטערנדל האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל,
אַ פֿלי דאָן געטאָן, אינעם בלויען געוועב פֿון די שטראַלן,
אַזוי ווי אַ פֿונק גליט־אַרויס פֿון אַ בלויען שוואַרצאַפּל...
אין מאָכיקן וואַלד איז דער שטערן אַרונטערגעפֿאַלן.
אַבֿרהם האָט עפּעס אַ חלום אַ ווײַטן פֿאַרשטאַנען — — —
דער פֿינקלענדער בלוי האָט די געגנט די גאַנצע באַשאָטן,
און דאָן מיט אַ זיפֿץ איז דער פֿעטער פֿון דר'ערד אויפֿגעשטאַנען
און שטיל צו די וואַרעמע קליאַטשעס אַוועק אינעם שאָטן...
ער האָט זיך אַזוי בײַ די פֿערד אין דער פֿינצטער געפּאָרעט.
אַ האַלדז אויף אַ האַלדז האָבן אַלע געעטעמט פֿאַרשלאָפֿן.
דאָס ליכט פֿון דער זײַט האָט אויף איינעם אַ פֿערד אָנגעטראָפֿן
און ס'האָט זיך פֿון אים נאָר די פּלייצע געזען אויסגעמאָרעט...
דאָס בינטל פֿון שקאַפּעס איז טונקל צונאַמענגעגאָסן געוואָרן,

פֿאַרמאַטערט אין שטרויענעם בײַדל אָרײַן איז דער פֿעטער,
אַ טאָפּאָל האָט מאָט אין דער פֿינצטער געשײַנט מיט די בלעטער
און ווײַט איז פֿאַרגליווערט אין שטראַלן געלעגן דער קאָרן.
שטיל איז אַבֿרהם אויף דר׳ערד אין דעם בײַדל געלעגן,
געחלומט פֿון דערפֿל, געשמייכלט צו זיך און געשוויגן.
אַרויס איז פּאַמעלעך אין בענקשאַפֿט זײַן האַרץ פֿון די ברעגן
און ס׳האָט זיך דער פֿעטער גאָר פלוצלינג צעטרעלט אין אַ ניגון:
ביסט די שענסטע אין דעם דאָרף, נאַסטאַסיע.
זי,
ס׳קוועלט דער גערשטן און געבערדלט איז דער האָבער,
די געמויזעכצן אין נעפּל פֿינקלען פֿונעם טוי...
הער זיך אײַן,
הער זיך אײַן,
אין די וועלדער, די יאַדלאָווע, גייט איצט אום פֿאַרחלומט
אין לבֿנה־שײַן
דער מאָך־באַוואַקסענער, דער באָרוועסער בעל־דבֿר...
קום־אַרויס איןברייטן פֿעלד, ווען אַלע פֿייגלען שלאָפֿן
און נאָר די קוואַלן זײַנען אויף.
דײַן טאַטע ליגט פֿאַרמאַטערט פֿון דער אַרבעט אויפֿן שײַער.
ס׳וועט וויסן נאָר פֿון דעם די אַלטע ריאַבינע אין הויף
און נאָר דאָס ווינטעלע, וואָס נעכטיקט אין די אײַער...

ביסט די שענסטע אין דעם דאָרף, נאַסטאַסיע!

אַבֿרהם האָט אויסגעווישט שטיל מיט דעם אַרבל די טרערן...
האָט צוגעהערט טיף, ווי עס שווײַגט די פֿאַרחלומטע געגנט:
עס האָט זיך אַ האַרץ מיט אַ האַרץ אין דער פֿינצטער געזעגנט...

— ז —

## די באָבעשי ע״ה איז אויסגעגאַנגען...

אַז די באָבעשי, די אַלטיטשקע, איז אויסגעגאַנגען,
האָבן פֿייגעלעך געזונגען,
ווײַל מיט איר צדקה, מיט איר האַרץ, דעם גוטן,
האָט די וועלט געקלונגען.

און אַז מען האָט די באָבעשי אַראָפּגעהויבן,
האָט איעדערער געשוויגן,
און אַן אַ קרעכץ האָט מען די גוטע אַלטיטשקע
אויף דר׳ערד געלאָזן ליגן.

עס איז דער זידעניו אין שטוב אַרומגעגאַנגען —
אַ טויטער שאַרבן.
ווײַל ער, דער אַלטיטשקער, ער האָט איר צוגעזאָגט,
אַז ער וועט פֿריִער שטאַרבן.

און אַז מען האָט דעם בר־מינן אַראָפּגעפֿירט אין שטעטל,
האָט דאָס דאָרף געטרויערט:
„ניעמאַ, ניעמאַ יוזש סטאַראַי שליאָמיכע״ [17],
און אויך דער פּאָפּ וואַסילי האָט באַדויערט...

נאָר אַז דער שמש האָט דאָס מעסערל אַרויסגעצויגן
צו רײַסן קריעה,
דאַן האָבן זיך צעשריִען, נעבעך, מײַנע פֿעטערס,
ווי די רוצחים פֿאַר דער תּליה.

---

[17] נישטאָ, נישטאָ שוין די אַלטע שלמהכע.

— ח —

## נאַסטאַסיע...

נאַסטאַסיע האָט שטשאַוויע געקליבן בײַם זײַט פֿון די סטעזשקעס,
אַ מאַלצײַט צו מאַכן אַנטאָשען — איר טאַטן, דעם אַלטן.
ס'איז רײַסן געבענטשט מיט אַ האַריקן שטשאַוויע, אַ קאַלטן,
מיט יאַדלעס ווי פֿעלצן און ראָבן ווי די האָלאָוועשקעס...
דעם פֿאַרטעך אין האַנט גייט נאַסטאַסיע אײַנגעבויגן,
אַזוי ווי אַ קאַטשקעלע ווייסט ניט פֿון שלעכטס און פֿון זאָרגן,
די פּיסלעך באַנעצט פֿון טוי און באַרוישט פֿון פֿרימאָרגן,
זי האָט פֿון דעם אָטעם פֿון דר'ערד פֿאַר איר חיות געזויגן.
דאַן קומט איר פֿון וועלדל אַ מענטש מיט אַ כאָמעט אַנטקעגן.
זי האָט אים באַקוקט פֿון דער ווײַט מיט דער האַנט בײַ די אויגן:
ער קומט אַזוי פֿריש, פּונקט ער וואָלט אין די וועלדער געלעגן.
פֿאַרשעמט האָט נאַסטאַסיע זיך ווידער צו שטשאַוויע פֿאַרבויגן.
דאָס קערט זיך אַבֿרהם אַהיים פֿון דער וואַרטע באַגינען.
„גוט־מאָרגן, נאַסטאַסיע, דיר, קעלבעלע שטילע, גוט־מאָרגן!"
זי האָט זיך פֿאַר בושה אַהינטער די קוסטעס פֿאַרבאָרגן —
עס וועט זי דער פֿעטער, דער שווערער, ניט קאָנען געפֿינען.
דאַן האָט זיך אַבֿרהם אַ לאָז אין די קוסטעס געגעבן,
געהערט האָט זיך ווײַט זײַן געלעכטער פֿון צווישן די בלעטער:
„דו קעלבעלע מײַנע, ווו ביסטו, מײַן קרוין און מײַן לעבן?"
נאַסטאַסיע האָט הינטער די צווײַגן געקוואָלן פֿון פֿעטער...
„ער איז אַזוי פֿריש, פּונקט ער וואָלט אין די וועלדער געלעגן!"
אַ ברוינער, צעהיצט, מיט צעשויבערטע אויגן און לאָקן,
ער האָט זי געפֿונען אין גראָז האַלב דערפֿרייט, האַלב דערשראָקן.
אַ הינדעלע שרעקט זיך אַזוי אין אַ זוניקן רעגן...
האָט ער זי געטאָן דאַן אַ כאַפּ אין די אָרעמס, די ברייטע,
דערלאַנגט איר אַ קוש אין דעם ציט'ריקן האַלדז, דעם פֿאַרברענטן.
זי האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל צו אים אַ דערפֿרייטע
און שטיל צו זײַן ברוסט זיך געטוליעט אַלץ נענטער און נענטער...

— ט —

## דער פעטער איצע...

ס׳האָט זיך פֿעטער איצע
אויסגעלערנט שניידעריי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס [18]
פּונקט ווי שפּאָגל ניי...
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס
פּונקט ווי שפּאָגל ניי,

קומט ער אין אַ דערפֿל אָן
מיט דעם נאָדל, פֿאָדעם
הענגט ער אויס אַ ווייוועסקע [19]:
„דאָ פֿאַרריכט מען בגדים״,
הענגט ער אויס אַ ווייוועסקע:
„דאָ פֿאַרריכט מען בגדים״.




[18] אַ קאַפּטאַן פֿון גראָבן געוואַנט. — [19] שילדל.

זיצט דער פֿעטער אויפֿן טיש,
טערקיש, תּמעוואַטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

אויסגעלאַטעוועט איין דאָרף,
גייט ער אין אַ צווייטן,
ביז ער לאָזט אַרויס פֿון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן...
ביז ער לאָזט אַרויס פֿון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן...

ס'האָט זיך פֿעטער איצע
אויסגעלערנט שנײַדערײַ,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס,
פּונקט ווי שפּאָגל נײַ,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס
פּונקט ווי שפּאָגל נײַ...

— י —

## ווינטער ביי נאַכט אין דער אַלטיטשקער כאַטע...

איז מען געלעגן בײַ נאַכט אין דער אַלטיטשקער כאַטע,
געררייכערט די ליולקעס, די גרויסע, געברומט און געסאָפּעט.
פֿאַרמאַטערטע האָבן די פֿעטערס געקוקט תּמעוואַטע,
אין שוויס איז אַ פֿעטער געזעסן בײַם טיש און געכראָפּעט.
אין שטיבל האָט קוים אַ לוטשינע[20], אַ שטילע, געברענט...

[20] קין, אַ לאַנג שפּענדל (האָלץ).

דערבײַ האָט דער פֿעטער רחמיאל די הויזן פֿאַרשטשאָבעט,
אַ שנייַ האָט געכליאָפּעט אין פֿענצטער, אַ ווינט האָט געקלאַפּט
אין די ווענט,
די זאַסלינקע [21] האָט זיך אין אויוון אין ווענטל געסקראָבעט...
עס האָט זיך דער זיידע געדרייט אויף דעם אויוון, דעם הייסן,
אָן כּוחות, די העמד אויפֿגעעפֿנט, אין אַנגסטן באַשלאָגן,
דער ווינט אויפֿן פֿעלד האָט די כוואַליעס אין ניעמאַן געשטויסן,
די אַלטע בהמה אין שטאַל האָט ניט אויפֿגעהערט קלאָגן.
עס זײַנען די פֿעטערס געלעגן צו צווייַ אין די בעטן,
טעמפּ מיט די צורות צום באַלקן געקוקט און געשוויגן — — —
דער זיידעניו האָט זיך געקערט, אָ, דער זיידעניו האָט זיך געבעטן:
„אַבֿרהמציק, מײַן קינד, טו אַ זונג אונדז אַ טרויעריקן ניגון”.

פֿון הייסן געלעגער אַראָפּ איז אַבֿרהם, דער פֿעטער,
אין חושכניש איז ער געווען ווי אַ יאָדלע אַ גרויע — — —
האָט ער געגעבן אַ זונג, ווי אַ ווינט אין אָסיעניקע בלעטער,
האָט ער געגעבן אין טונקעלער כאַטע אַ וואָיע,
אַזוי ווי עס וואָיעט אַ וואָלף בײַ דער נאַכט אויף די וועגן,
ווי ס'וואָיעט אַ וואָלף אויף פֿאַרשנייטע, באַלויכטענע פֿליינען — — —
פֿאַרטײַעטע זײַנען די פֿעטערס ווי קלעצער געלעגן.
ס'האָט פּלוצעם דער זיידעניו שטיל אָנגעהויבן צו וויינען,
ער האָט זיך געדרייט אויפֿן אויוון, געקלאַפּט אין די ציגל.
אָ, גאָטעניו, העלף, עס איז פֿינצטער און ביטער...
דעם פֿעטער אַבֿרהם איז דורך אין די ביינער אַ ציטער,
עס האָט זיך דער ניגון געגעבן אַ גאָס ווי אַ שפּיגל,
געגעבן אַ קלונג ווי אַ וואַסער אין נעפּלען, אין בלויע...
אין חושכניש איז ער געווען ווי אַ דעמב אַ געזונטער.
האָט ער אַ טרייסל געטאָן די טשופּרינע אַרויף און אַרונטער

[21] דאָס טירל פֿון אויוון.

(דאָס האָט ער דערזען אינעם חלום נאַסטאַסיע, די גויע).
ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויס און געגעבן אַ רייטשע,
אַזוי ווי אַן אָגער וואָס בענקט נאָך אַ קליאַטשע אַ הייסע.
אַ שפּרונג און אַ הייב זיך געטאָן מיט די הענט אין די באָקעס [22],
אַז ס'האָבן פון פרייד זיך צעפינטלט ביי יעדן די אויגן,
און ס'זיינען די שלעכטע געדאַנקען אַזוי ווי סאָראָקעס [23],
ווי גרויע פון טונקעלער כאַטע צעפלויגן...
איז ער אַרויס אין אַ טענצל, אַ זונג און אַ זעץ מיט די שטיוול,
אַ ברען אין דער לופט, ווי אַ פלאַם, מיט די הייסע שוואַרצאַפּלען,
אַז ס'האָט זיך דער זיידע זיידע דערפילט, ווי ער פליט מיט דעם שטיבל,
ער קריכט ערגעץ הויך, ערגעץ הויך אויף צעבראָכענע שטאַפּלען...

צעטומלט פון ניגון, געליימט איז דער פעטער געבליבן,
אין סקאַווערעאַד האָט שוין געטליעט די לעצטע לוטשינע,
דער זיידעניו האָט זיך צעשמייכלט, די הענט זיך געריבן:
„אַ רהמעלע, ווו'סטע גענומען אַזאַ קול־נגינה?"...

דער בלוי פון פאַרטאָג איז אַריין אין דער וואָרעמער כאַטע,
פאַרוויקלט אין שטרוי האָבן ביימער אין גאָרטן געפרוירן...
דער ווינט האָט אין פירהויז געצופּט פון אַ פעלצל די וואַטע,
די אַלטע בהמה אין שטאַל איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— יא —

## אַנטאָשע שפּילט אויף דער באַנדורע [24]...

היי, היי,
היי, אַנטאָשע, טו אַ זונג,
טו אַ קלונג

---

[22] זייטן. — [23] פראָסטער פויגל. — [24] אוקראַינישער מוזיק־אינסטרומענט מיט 6 סטרונעס, ענלעך צו אַ גיטאַרע.

אויף דער באַנדורע:
שורע, בורע, מורע, טורע,
אַט אַזוי,
היי, היי.

ס'איז געווען דער קרעווער דוכס
ווייס ווי שניי,
ווייס ווי שניי,
האָט ער קינדערלעך אין פּאַלאַץ —
טעכטער צוויי,
טעכטער צוויי,
נאָר ביים דוכס ביי די פערד
האָט געדינט דמיטרוק ביאַדוליאַ
מיטן נאָמען שאַלאַפּיי...

היי, היי,
היי, אַנטאָשע, טו אַ זונג,
טו אַ קלונג
אויף דער באַנדורע:
שורע, בורע, מורע, טורע,
אַט אַזוי,
היי, היי.

ס'איז געקומען וועסנע־צייט,
ברענגט דער בוים נייע צווייגלעך,
ברענגט דער שוואַלב דאָס שוועלבעלע,
ברענגט די צויג אַהיים די ציגעלעך
און די קו דאָס קעלבעלע...
ס'איז געקומען וועסנע־צייט,
פאַר די טעכטערלעך די צוויי,
ברענגען זיי אַהיים צום דוכס,

אינעם פֿאַרטעך
צו בײַסטרוקעס [25] ...
װיי, װיי, װיי — — — —

היי, היי,
היי, אַנטאָשע, טו אַ זונג,
טו אַ קלונג
אויף דער באַנדורע:
שורע, בורע, מורע, טורע,
אַט אַזוי,
היי, היי...

כאַפּט דער דוכס זיך צום שווערד,
הייסט דער דוכס שפּאַנען פֿערד,
און פֿון קרעווע ביז מאַזשיר
און פֿון זשעטל ביז דאַמיר
יאָגן רײַטערס און קאַרעטן,
לויפֿן לאַפּערס און שטאַפֿעטן — — — —
ס'איז אין ערגעץ ניט געווען,
ניט צו זען
דעם רוצח שאַלאַפּיי...

היי, היי,
היי, אַנטאָשע, טו אַ זונג,
טו אַ קלונג
אויף דער באַנדורע:
שורע, בורע, מורע, טורע,
אַט אַזוי,
היי, היי — — — —

[25] (ממזרים) שטיפֿערס, לאָבוזעס, צעלאָזענע.

אין די וועלדער פון קריוויטש
ווינט דער גזלן שאַלאַפּיי
און דער אַלטער קרעווער דוכס,
ווײַס ווי שניי,
ווײַס ווי שניי,
פֿאָרט אַליין איבער די פֿליינען
אין דעם ריטערלעכן טראַכט
און ער קלינגט מיט די כּלי־זיין
אין דער נאַכט
אין דער נאַכט...

היי, היי,
היי, אַנטאַשע, טו אַ זונג,
טו אַ קלונג
אויף דער באַנדורע:
שורע, בורע, מורע, טורע,
אַט אַזוי,
היי, היי...

— יב —

## דער זיידעניו קומט שטאַרבן...

גרוי ווי אַ טויב איז פֿאַרנאַכטלעך דער זיידע געקומען פֿון פֿעלד,
צו רעכט געמאַכט שטיל דעם געלעגער און אָפּגעזאָגט ווידוי,
אין האַרצן צעזעגנט זיך רויקערהייט מיט דער וועלט
און דאַן צוגעשלאָסן, אָן כּוחות, די אויגן די מידע...
און ס'זײַנען די פֿעטערס געקומען צוקאָפּנס פֿון זיידן,
אַראָפּגעלאָזט טיף די באַוואַקסענע קעפּ און געשוויגן.
ס'האָט עפּעס פֿאַרשטשעמעט [26] די הערצער און ניט געלאָזט ריידן,

[26] אײַנגעקוועטשט, צוגעדריקט.

פֿאַרשטשעמעטע הערצער — אַ זיפֿץ ניט געקאָנט אַרויסקריגן...
פֿאַמעלעך האָט דעמאָלט דער זיידע געעפֿנט די אויגן,
ס'איז וואָרעם אַ שמייכעלע איבערגעגאַנגען זײַן פּנים,
ער האָט זיך געזעגנט אויפֿן בעט, קוים זיך איבערגעבױגן,
און אָט וואָס דער זיידע האָט דעמאָלט גערעדט צו די בנים:
— דו, אָרטשע, מײַן בכור, ביסט געווען דער יסוד פֿון משפּחה!
דער ערשטער אין פֿעלד און דער לעצטער געזעצט זיך צום טיש...
די ערד האָט זיך וואָרעם צעעפֿנט פֿון אונטער דײַן סאָכע,
אַזוי ווי די ערד זאָל דײַן זאָמען זײַן פֿרוכטיק און פֿריש...
רחמיאל, ווער קאָן זיך מיט דיר אויף דער לאָנקע פֿאַרמעסטן!
געווען איז דײַן קאָסע אין גראָז, ווי אַ פֿלייצל פֿון פֿײַער,
דיך קענען די שלענג אין די זומפּן, די פֿייגלען אין זייערע נעסטן.
די ברכה זאָל רוען בײַ דיר אינעם שטאָל און אין שײַער!
דו שמוליע, דער טײַכמענטש, ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ גלײַכן!
באַשטענדיק דעם בוטש [27] אויף די פּלייצעס, באַשטענדיק אַ נאַסער,
געשמעקט האָט מיט שופּן פֿון דיר, מיט דעם ריח פֿון שלײַם [28]
אין די טײַכן,
געבענטשט זאָלסטו זײַן אויפֿן לאַנד און געבענטשט —
אויפֿן וואַסער!...

ס'איז נאַכט צוגעפֿאַלן. די רויטינקע שײַבלעך פֿון כאַטע
אין טונקלעניש האָבן געוואָרפֿן אַ שײַן אויף דעם זיידן...
עס האָבן געשטומט מײַנע פֿעטערס, געשטומט האָט דער טאַטע
און ניט געלאָזט פֿאַלן אַ וואָרט פֿון זײַן בענטשן און ריידן.
דאַן האָט זיך דער זיידע צעזעגנט... די גלידער צוזאַמענגענומען...
און שטיל און אויף אייביק די אויגן די שטאַרע פֿאַרשלאָסן.
געקוקט האָט דער עולם, געקוקט אויף דעם קערפּער, דעם שטומען,
און גאָר ניט געזען און קיין איינציקע טרער ניט פֿאַרגאָסן...

[27] קורטקע. — [28] קלעפּיקע רעשטן אויפֿן גרונט פֿון טײַך.

אַ פֿויגל האָט ערגעץ אין וואַלד אויסגעקלאָגט פֿאַר דער נאַכט
זײַנע לײדן,
די לעצטע לוטשינע אין כאַטע האָט קוים נאָך געגליט אין די פֿונקען,
און ס׳זײַנען די פֿעטערס געשטאַנען צוקאָפּנס פֿון זײדן,
די שווערע, באַוואַקסענע קעפּ אין די אַקסלען פֿאַרזונקען...

★

## עשׂרה דבריא

געהאַט האָט דער זײדע אַ קרובֿ אַ טרײַבער פֿון בערן,
אַ ייִד וואָס פֿלעגט מאַכן קאָנצערט אויף די גרויסע יאַרידן,
דעם בער פֿלעגט דער קרובֿ בײַ טאָג אויף די קייטן פֿאַרשמידן,
בײַ נאַכט פֿלעגט ער טאַנצן מיט אים בײַ דער שײַן פֿון די שטערן.

מען האָט אים געגעבן דעם נאָמען עשׂרה דבריא:
די קנאָכיקע הענט ביז די קני, מיט אַ שאַרבן אַ גלאַטן,
אַן אַלטער פֿאַרשלומפּערטער קאָפּ אויף אַ גוף אַ האַרבאַטן,
און דאָס האָט געטראָגן מיט פֿעל און מיט שוויס ווי אַ חיה.

איז ער געגאַנגען בײַ נאַכט מיט דעם בער אויף די וועגן,
עשׂרה פֿאָרויס און דער בער פֿלעגט אים הינטן באַגלייטן,
און טאָמער אַ באָרוועסער פּויער קומט זיי אַנטקעגן —
אַ בורטש האָט געגעבן דער בער און אַ קלונג מיט די קייטן.

עס זײַנען געשטאָרבן פֿון פּײַן בײַ עשׂרהן די ווײַבער,
בײַ נאַכט פֿלעגט ער אויסטאָן זיי נאַקעט און אָנהייבן שלאָגן,
דאַן האָט זיך געהערט אויפֿן דאָרף אַ פֿאַרטײַעטער קלאָגן
און חבֿרה־קדישא פֿלעגט וואַשן דאָס בלוט פֿון די לײַבער...

דאָס דרײַצנטע ווײַב האָט געשמט פֿאַר אַ ווערמע[1] אין ליטע,
זי האָט אים אַ טאָכטער אַ יאָר נאָך דער חופּה געבאָרן,
עשׂרה דבריא האָט אויסגעצאַפּט שטיל אירע יאָרן,
מען האָט פֿון דער ווערמע די ביינער געלייגט אויף דער מיטה.

געווען איז עשׂרה דבריא אַ טרײַבער פֿון בערן,
אַ ייִד וואָס פֿלעגט מאַכן קאָנצערט אויף די גרויסע יאָרידן,
דעם בער פֿלעגט עשׂרה בײַ טאָג אויף די קייטן פֿאַרשמידן,
בײַ נאַכט פֿלעגט ער טאַנצן מיט אים בײַ דער שײַן פֿון די שטערן.

---

[1] שלאַנג.

# די שטאָט

## פּאָעמע

— א —

די שטאָט. מיר האָט אַ ריינער מלאך אָנגעוויזט
אַ העלן טרוים פון שטילן, פינקלענדיקן אָוונטרויט,
ווען כ'בין אין שטאָט אַרײַן...

ס'איז העל מײַן וועג געווען — ניט טונקלקייט, ניט שײַן,
די ראָזע דעמערונג האָט אײַנגעהילט דעם ווײַט
און כ'האָב געהיים געהערט אַ טויבן־קול:
עס קלינגט די שטאָט אין שווערער שטראָמיקייט,
עס ברומט די שטיינערשטים אין יאָך פון שטאָל...

דאָך האָב איך שטיל געבענטשט מײַן יעדן טראָט:
— עס וועט דער טאָג פאַרגיין און ריינע רו וועט טריפן באַלד
פון פרישן פליין, פון יעדן בלעטעלע אין וואַלד
און פון דער שטומער גרויזאַם שווערער שטאָט — — —
און רו בין איך. זועט וועבן זיך רונד מיר דער טרוים
פון אָוונטראָז, וואָס פליסט און פליסט פון ראָזן הימלזוים,
און צירט די וואָלקנדלעך, און ס'העלט און וועלט
די איינזאַמקייט, די ווייכע, אויף דער שטילער וועלט,
ביז נאַכט וועט קומען, נאַכט! און שוואַרצע רו וועט זײַן...
און כ'בין אין שטאָט אַרײַן...
שווער־שווער האָב איך געפילט דעם שטייך, מעטאַל און אַרץ,
דאָס ביסל הימלבלוי, די ראָגן, שילדן גאָלד און שוואַרץ,
די בריקן, ס'גרוי און טונקלקייט, דעם סעדערהויך,

די מענטשן ווײַס און ברוינס אין דעם פֿאַבריקן־רויך,
די גאַסן פֿול מיט קלאַנג פֿון טריט, מיט קלאַנג פֿונעם גאַלאָפּ,
און אויגן בלויס, און פֿלאַם, און שטראָמיקייט פֿון קאָפּ אויף קאָפּ.
און פּלוצלינג — כריזאַנטעמען, ציט׳ריק־ווײַסע כריזאַנטעמען,
און אַ דאָרפֿיש קינד מיט פֿעלדגערוך אין אירע ברעמען...
קינד מײַנס, קינד!... נאָר ס׳לײַכטן אין די פֿענצטער פֿײַער־שטיינער,
ס׳פֿינקלען שפּאָרן, שוואַרצע צעפּ, עס בלאַנקען ציינער,
ס׳וויגט זיך אַ געלעכטער קופּערדיק און וואַגיק שווער,
אַ, שווער...
און רו בין איך. פֿאַרשמידט זיך אין אַ קאַלטן רונג די ברוסט
און וועבט אין שטאָט אַ טרוים — וואָס קיינער ט׳ניט געוווּסט —
אַזוי אַ יאָר, צי צוויי, צי אפֿשר מער.

— ב —

שווײַגעניש שטיינערנע הענגט אויף די שטיבער, די מויערן
ריזיקע קנײַען
און שלאָפֿן, ווי קעמלען צעלייגטע אויף אָפּרו, מיט אָפֿענע מײַלער
און ווײַען.
עס גיסט זיך די שוואַרצמידע נאַכט אין די בוידעמער,
קוימענס און טרויבן,
און ס׳זינגט די לבֿנה אין איינזאַמער סבֿיבֿה פֿון שטערן —
די זילבערנע טויבן...
די שטאָט טוט אַ זיפֿץ...
און די שטילקייט פֿאַסט־אײַן אין איר גרינלעכן צאָפּ נאָך אַ
שוואַרצן רובין.
און פֿאַלט מיד אין איר זײַדהעלן שטול, וועלכער וויגט זיך
אין רוים אַזוי ציטערדיק־דין...
עס קרעכצעט־אָפּ טיפֿער די שטאָט און איר קרעכץ ווערט מיט ווייַ
אויפֿגעבראַכט — —
אַ, וואָס זיפֿצעט די שטאָט אין דער נאַכט?

אין איר פֿינצטערניש, טיף אין די קעלערן, שילט זיך
פֿון שאָלעכץ אַ שלאַנג,
און איז פֿײַכט אויפֿגעהאָדעוועט, דרייט ער זיך אונטער
די מויערן גליטשעוודיק־לאַנג...
האַלבנאַכט הייבט ער מידיק דעם גיפֿטיקן קאָפּ און עס קלינגען
די רונגען פֿון שפּאַט.
אום האַלבנאַכט זיפֿצט־אָפּ שווערער די שטאָט — — —
און יאָרן געפֿילטע מיט זונען, לבֿנהס אין רולאַנד פֿאַרגייען,
קומט נאַכט אין די אינזיכקייט ציילט די פֿאַרלאָשענע,
גרויע געשרייען.
דער פּחד געהיימער קוקט־אויס פֿון די פֿירהויזן, שויבן וואָס פֿעלן.
די אומרו, די בלינדע, קריכט־אום ווי אַן אַלטשוואַרצער
הונט בײַ די שוועלן...
און אויבן דער מילכוועג רינט זילבערדיק־לויטער, און בלוי
אין זײַן וועלונג די קילע.
די רויִקייט פּליסט פֿון אים ציטערדיק־העל, ווי אַ וואָרטלויזע,
זינגענדע תּפֿילה...

*

חצות.
דאָס יתומדיק ווינטעלע וויט,
דאָס יתומדיק ווינטעלע גייט,
אין דער שליחות, דער גרינגער, פֿון נאַכט,
ווער דער משמור דער ערשטער פֿאַרגייט...

חצות.
דעם תּכלת־געוועלב וואַשט אַ טוי,
דער תּכלת־געוועלב מישט־אויס בלוי
די שטאָט, וואָס רוט רחבֿותדיק־שטום
אין איר קאַלכוויַסער טורמונג און בוי...

חצות.
עס האָבן די גלעקער געקלונגען!

און בראַנדזענע יונגען
באַפֿאַלן איז דעמאָלט אַ ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן
פֿון יאָרן,
וואָס זײַנען פֿאַרלאָרן...

און ס'האָבן די גלעקער געקלונגען!...

הײַ, לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע...

די טירן פֿון ווײַט זײַנען ברייט, זײַנען פֿרײַ,
אונדזער וועג איז באַהויכט מיט אַ טוי און איז נײַ,
לאָמיר צייכ'נען די טריט — יעדן טראָט מיט אַ שטיין —
לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע...
לאָמיר עפֿ'נען די טרוימען און שמידן די וואָר,
לאָמיר זוכן דאָס ליכטיקע ליד פֿאַרן דור,
אפֿשר היט שוין אַן אײנזאַמער זינגער זײַן בעט,
אפֿשר וועבן זיך קלאַנגען פֿון נײַעם געבעט,
אפֿשר הייבן זיך האַמערס סײַ דאָ און סײַ דאָרט,
און עס גליט און מען שמידט דאָס באַפֿליגלטע וואָרט,
לאָמיר קינדער פֿון שטראָם
און פֿון נאַכט און פֿון תהום...

לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע...

ווען ס'לעשט זיך דער אָפּקלאַנג פֿון אָדלערס געשריי,
לאָמיר, טרעטנדיק ווײַטער, אַ ריי נאָך אַ ריי,

טרינקען מוט פֿון די בערג, זינגען ס'ליד פֿון דער נאַכט,
און מיט מוט און מיט ווּט לאָמיר זוכן די שלאַכט,
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע...

און ס'האָבן די גלעקער געקלונגען...

פֿון טיפֿנאַכט געדרונגען,
זיי גייען, זיי גייען,
אין פֿינצטערע ריגגען,
אין אומקלאָרע רייען,
צוזאַמען,
צוזאַמענגעדרייט
האָט זיך ס'פֿאָלק מיטן הייליקן טויט
און ווי צונגען
אין פֿלאַמען
פֿאַרלאָרן —
אַן אײַנגאָס געוואָרן — — — —
זיך פּלוצעם צעפֿלאַטערט און רויט־ברייטע פֿענער,
זיך פֿלאַמיק צעשמעטערט,
אַלץ העלישער העליש צעבלעטערט,
אַלץ שטראַליקער, בלוטנדיק־שענער...

און ס'האָבן די גלעקער געקלונגען...

היי! נעמט מיך מיט!
זאָל אין פֿינצטערן גאַנג אויך מײַן לויטער געמיט
שווײַגן שטום, ציילן פֿינצטערע טריט
בײַ דעם תּהומיק געזאַנג...
ס'האָט מײַן קיזלשטיין־שטאַם
פֿון די קוואַלן מיט סם
שוין געטרונקען פֿון לאַנג — — —
איך גיי־מיט מיט מײַן העל־נײַסטן ליד,

פון מיר הערט זיך די נאַכט,
נאָר מיר לײַכט שוין די זון אין געמיט — — —

און ס'האָבן די גלעקער געקלונגען...

ס'איז די זון! ס'איז די זון??
עס האָט וואָס זיך צעבלישטשעט, צעפּײַפּט און צעשפּריצט
ווי אַ פונקקנויל,
די רײַפּרויטע שלאַנג האָט פון שטאָט־תהום אַ צי זיך געטאָן
רונד דער ערדקויל...

— ג —

די שוואַרצקייט ראָזט. ס'איז פריש דער צערטלעך יונגער
מאָרגן־שטערן.
ער טענצלט גרין און טריפּט מיט זילבערנע פאַרבאָרגענע טרערן.
געלײַטערט ריין דורך נאַכט האָט זיך די גרויע, אַלטע ערד.
זי דרעמלט, עטעמט גרינגער־גרינגער, טשוכעט זיך און הערט:
די שווערע זון פון טאָגלאַנד קײַקלט זיך און קלינגט מיט רויט.
ס'איז שטיל. דער מאָרגן־משמור שטייט לעם נאַכטטיר גאָלדיק גרייט,
ער הייבט די שוואַרצע פאָרהאַנגען און מורמלט גליקלעך־העל:
די זון איז דאָ! די זון וואַרט אָט אַ דאָ בײַ אונדזער שוועל...
די שטעט, ווי געטער אויף דער ערד, פון פינצטער אויסגעליזט,
אין שווערער איינזאַמקייט, אויף טונק'לע שטרעקעס זוכן טרייסט...
ס'איז גרויס די שעה פאַר דעם באַגין; אין אומרו מיד און מידער
שטוינען שטעט מיט גרויע נאַקנס, קאַלטע בריסט און גלידער...
עס חברט זיך די שטאָלצע זון מיט געטערשטעט, מיט ברידער...

אין שטאָט. ס'איז אַ פאַרטאָג. מײַן שאָטן איז אין נאַכט פאַרבליבן...
איך גיי אין גאַסן און באַשווער דאָס האַרץ זאָל ס'לעבן ליבן...
דער יחוס־טרוים פאַרלאָשן זיך, וואָס ט'העל די זון געצונדן,
איצט ווײַ־הויך ווינטל, קילנדיק די פרישע אַלטע וווּנדן.

מיר ווייַנט אין האַרץ די מגילה־שוואַרץ פֿון דור צו דור געטראָגן,
באַגאָסן פֿריש מיט טוי, מיט בלויגעזאַנג פֿון תחילת־טאָגן...
אָ, היים, מייַן היים! איך זוך די שטריק, וואָס פֿירן צו די גלעקער.
ס'איז וויסטע קעלט, משיח פֿעלט — זאָל זייַן דער גלאָק
דער וועקער...
דער געלער פֿלאַם פֿון מעש זאָל שווער אויף אַלע שטעטלעך ברויזן,
טויבן, קלינגען אין די שויבן, ווו די שכינהס הויזן...
דער וועג איז גרוי. איך שטייַג און בלאָנדזשע, פֿילנדיק דעם טרוים,
דעם טריבן,
אין וואַנדערגאַנג איז פֿריש נאָך מיר דאָס גלות־ליד פֿאַרבליבן.
איך גיי אין גאַסן און באַשווער דאָס האַרץ, זאָל ס'לעבן ליבן...

*

בין איך אַלט? בין איך יונג?
אָ, מיך האָט שוין באַזיגלט אַ כּישופֿדיק רונג...
ס'איז באַלאָדן דאָס האַרץ
מיטן טרוים פֿון דער היים,
מיטן טונקעלן סוד,
און געזאַלבט פֿונעם אייביקן שמאַרץ
גיי איך טריב
אין דעם פֿינצטערן ראָד,
און מוז לעסטערן אַלץ, וואָס ס'איז ליב,
כאָטש איך בלוטיק געהיים — — —

ס'איז אַ וואָגשאָל די זעל!
לעם דער ליכטיקער טיר
וועגט זיך ס'ליד, וואָס איך שפּין
(עפּעס טונקלס און העל),
און ווער וויס, אָ, ווער וויס, צי כ'געווין,
צי כ'פֿאַרליר...

ס׳בײַט אַ וואָך אויס אַ וואָך,
ס׳אײַלט אַ שעה נאָך אַ שעה,
ווו אַ וועג — דאָרט בין איך,
ווו אַ שטאָט — בין איך דאָ.
כ׳בין מתפּלל צו זיך, —
ווער פאַרשטייט מײַן געבעט?
ס׳איז אַ גרענעץ מיין איך
צווישן וועלדער און שטעט...

בין איך אַלט? בין איך יונג?
אָ, מיך האָט שוין באַזיגלט אַ כּישופדיק רונג...
— — — — — — — — — — — — — —
און וואַנדער ביז אָוונט — — — — — — — — — —
— — — — שטיל ווער איך פון בלאַסשײַן געזויבערט,
דער טרויער־געמיש פון די הימלען די גאַסן באַצויבערט,
די ראָזעווע הייליקייט לײַכט אַזוי ריין אין די ברוסטן,
און ס׳דאַכט: ס׳איז דאָס לעבן געררייניקט נאָך גאָר פון אַגוסטן...
איצט ליכטיקע גרינקייט וואַשט ווייך, ווי אַ באַלזאַם, די גלידער
און ציטערדיק שײַנען פאַרשווומענע זעונגען ווידער...
ווו טרעפט מען דאָ ווענען, וואָס זאָל מיך, פאַרבלאָנדזשעטן, פילן,
זאָל זאָגן: איך קען דיך, מײַן פרײַנד, פאַר אַ מענטשן אַ שטילן,
האָסט רו נאָר געלויערט און קיינעם באַשווערט מיט דײַן לעבן —
כ׳האָב קיינעם באַשווערט מיט מײַן לעבן... ס׳וועט עלנט זיך וועבן
מײַן אָטעם־געוועב אויף דער וועלט בײַ פאַרריגלטע טירן...
און שפּירונגען שטילע ווי נעפּלען מײַן זעל וועלן צירן...

עס שאַרײַעט אויף נאַכט. שטומע מוירען טיפן זיך אײַנעט.
איך עפן אַ טיר און פאַרנעם ווי די נאַכט־מלכּה טענהט:
— ס׳איז איינזאַם דער מענטש, ווי אַ פייגעלע איינס אין די סעדער,
איר שטימעלע טריפט פינצטער אין דער פינצטער פאַרגאַנגען, און יעדער
באַבלעטערטער בוים איז אַ גאַס פונעם פחד געשמאָלצן. —

איך שטײַג אויף די טרעפּ אין אַ מויער אַן אומעטיק שטאָלצן.
עס עפֿנט זיך רויִק אַ טיר אינעם איבערשטן גאָרן,
איך שטעל זיך אין דורכגאַנג און מורמל „גוט ב׳אָונט!״ פֿאַרלאָרן...
דאָס הויז איז מיד מעבלירט. אין פֿײַנער עלנטקייט צעפֿאַלן
די פֿאָרטיערן.
ס׳גליט ווייך אין זייער רויטלעכקייט דער שײַן פֿון טונקעלע באַגערן...
אין אַלע צימערן וויט רויִקייט, די שטילע זיפֿצן פֿון אַ קראַנקן,
און ריינע פֿרייד פֿאַרלאָשענע דורך פֿינקלענדע געטראַנקען...
די שטולן עטעמען מיט לינדער בענקשאַפֿט פֿון די אָונט־בלויען,
טריפֿן מיט אַ דינעם אַראָמאַט פֿון קערפּערס צערטלעכע פֿון פֿרויען.
די רוימען פֿילן נאָך פֿון קליידער זײַדענע דאָס שאָרכן,
אין טיפֿן ווידערטרוים די ווענט פֿאַרנעמען עס און האָרכן, האָרכן...
עס שלאָפֿן־אײַן די ברייטע, ברוינע, רויִקע בופֿעטן,
די ווײַסע איוועלעך, די שטומע מעלאַנכאָליש־שווערע בעטן.
צוויי מיידלעך שטילע, מיד באַרוטע, טונקעלע געשטאַלטן,
אַן אָפֿן נײַער בוך, און בילדער אויף די ווענט — די טרוימערס
נאָכן אַלטן...
עס רוט די איינזאַמקייט אין אַלע גלעזער, טוליעט זיך
אין ווייכקייט צו די שוועלן
און גיסט די דילן אָפּ מיט ווייכע וועלן...

גוט ב׳אָונט! די שטילע געשטאַלטן,
וואָס טרוימען אין רויִקע ווינקלען
און גאָרן אין שאָטן באַהאַלטן,
פֿאַרטונקלען די זעלעס, וואָס פֿינקלען...

אַ לויב צו דעם הינטערן לעבן!
צו די וואָס אין טונקלקייט מייַנען
דעם נאַקן און פּנים פֿאַרוועבן
און הערן פֿון זײַט די געוויינען...

געבענטשט זײַט, איר שטעטישע בענקער,
(וואָס שווײַגן, פֿון פּחד געבוירן)
דאָס בלוטיקע העמדל פֿון הענקער
לײַכט הייליק אין אײַערע אויגן...

אַ לויב צו די ייִדישע טעכטער,
אַליין, ערגעץ ווו אין אַ מויער,
באַהאַלטענע, איינזאַמע ווערטער
פֿון טרויער, פֿון אײביקן טרויער.

איך קום צו אײַך פֿול מיט אָפּקלאַנגען
פֿון גלעקער, איר זאָלט זיי פֿאַרנעמען,
פֿאַרמישט איז דאָס האַרץ מיט געזאַנגען
און כּ'פֿיל אין זיי אײַערע נעמען:

אַליע און מרים!
מיד־מאַטאַווע, בלאַנדזשענדע טענער...
פֿאַרפֿליגענע איינזאַם פֿון אונטער די ברויגרויטע פֿענער.
דאָס רויט האָט געפּליצט פֿון די שטאַנגען אין ברויזנדע פֿאַלבן,
האָט ביטער פֿאַרטרונקען די מחנה... אײַך, ליבינקע שוואַלבן,
פֿאַרצאַמט אינעם בלוטיק געוויטער,
די שטים אָפּגענומען...
פֿליט, פֿייגעלעך שוואַכע,
צוזאַמען,
רונד — שווערע געמיטער,
געזאַלבטע צו ראַכע [1],
שטומען,
ברומען, ווי פֿלאַמען...
דאָס האַרץ אָפּגענומען,

---

[1] נקמה.

די שטים פון די אויגן...
דאָרט אונטער די פֿענער
פֿון חצות־נאַכט באַגאָסן,
האָט איר זיך געצויגן
אין ריי מיט פֿרעמד־פֿינצטערע מענער,
טיף־שווײַגנד געשלאָסן.
צוריק און אַרום און פֿאַרויס — — —
די שוואַרצע נאַר שוואַרצאַפּלען טלי:ען,
און ס'האָט זיך געלאַגערט אַ הויז אויף אַ הויז,
און ס'האָבן די גלעקער געשרי:ען...

אַליע!
ס'האָט קלינגענדער גינגאָלד באַשווערט דײַן געהער,
ס'האָט מילד דיך געפּײַניקט די לאַסט פֿון אַ ליכטיקער טרער,
עס האָט דיר דער אָטעם פֿון ליליעס צערייצט פֿאַרגעפֿילן
צו עמעצן ווו צווישן בלומען...
דאָך האָסטו געלעבט אין די רייען,
ווען ס'האָבן זיך נאַכטבערג צענומען,
דאָרט אונטער די גלעקער געשרי:ען...

דו זיצסט בײַ דעם פֿענצטער,
דער אָוונט דער ציטערדיק־בלויער, דער פֿאַרכטיק־געבענטשטער
רויט גרינג אין דיר, זינגענדיק אומקלאָרס פֿון לעבן...
אָ, איצט איז די שעה פֿון נשמה, וואָס וויל זיך פֿאַרגעבן.
די לויטערע רונדקייט פֿון אָרעם, פֿון דײַנעם,
זינגט שטיל, שטיל, שטיל... אין אַ ריטעם אַ צניעותדיק־פֿײַנעם...

מיר זײַנען אין וווּנדערלעך אָוונט־געצעלט —
די זווּנגען לײַכטן און ריינע און איינע נאָך איינע פֿאַרגייען — — —
באַלד, באַלד — די וועלט גייט־אויס, די אַלטע וועלט
אין טיפֿע ווייען...

— ד —

באַגינען. איך האָב זיך געפֿעדערט. די שטאָט רוט אין קלעם.
דער טאָג, ווי אַ ראַזעווער זקן, הייבט ציט׳ריק זײַן ליכטיקע ברעם
און פֿינטלט אין טונקלקייט, פֿינקלענדיק כּישופֿדיק־פֿריש...
עס שמייכלט מיר שלעפּ׳ריק דאָס בראָנדזענע פֿערדל פֿון טיש:
גוט מאָרגן!
גוט מאָרגן, גוט יאָר!
איך ליב אים, דאָס קאַלטינקע, שוואַרצינקע פֿערדל, ביז גאָר,
מײַן פֿרייד אויף דער וועלט! אָ, איך ווייס, ווער ס׳וועט בענקען נאָך מיר:
דאָס פֿערדעלע קליינס, די קאָטשערע שטיל בײַ דער וואַנט
און די קליאַמקע פֿון טיר...
כ׳פֿאַרלאָז הײַנט די שטאָט!
ס׳איז מײַן אורוועג געצווייט, און געציילט איז אַיעטווידער טראָט.
ס׳ליגן דערפֿער און שטעט,
און מיד וואַנדער איך צווישן פֿון פֿריטאָג ביז שפּעט...

מײַן צימער איז פֿריש פֿונעם קילן באַגין אָפּגעפֿרישט.
שטילע רויטלעכקייט טריפֿט. גאָלדיקבלוי ווערט די לופֿט אויסגעמישט.
עלנט פֿיל איך אין צימער, ווי ס׳הילכן די לידיקע גאַסן...
כ׳פֿיל טויזנטער־טויזנטער פֿענצטער. די פֿליגלען פֿון נאַכט נעמען בלאַסן...
די שאָטנס — צעזעצט בײַ די ווענט — מאַכן ס׳צימערל שטומער,
מײַן פּעקעלע דרעמלט אין ווינקל און באָדט זיך אין טונקעלן קומער,
איך זיץ ביחידות בײַם טיר. אונטן קלינגען שוין שליסלען בײַם טויער...
פֿאַמעלעכן גיי איך פֿון צימער, ווי כ׳וואָלט זיך געגנבֿעט פֿון טרויער...

גאַסן!
שטײַגן שטײנערנע פּאַר שטראַמענדיקע מאַסן,
שטומע שטיקער, שטײנער שטומע, שטאַבעס, שטיקער שטאָל
און אײַזן,
אויפגעטורעמט גאַרנדיק אין לענגן, פּירעקן און קרײַזן...
ס'לעבט אין אײַך דער גרויגעשריי פון הערצעראַרץ פאַרמויערט,
ס'גליט אין אײַך דער גײַסט פון דור, וואָס טריפט אין די געמיטער.
ס'קלינגט אין אײַך דער גלעקערקלאַנג פון שטראַליקן געוויטער...

כ'בין אײנער אויף דער גאַס אין גאָלדיק־זײַדענעם באַגינען!
כ'הער ווײַט־ווײַט אַרום די שטרעקעס רחבותדיקע גרינען,
די פּעטע, פרישע, וואַרעמע און שוואַרצע פלײנען —
זײ קילן זיך פאַרחלומטע אין וועטערשטראָם דעם לינדן,
אַראָפּהאַנגען פון בערג שווער־נעפּלדיקע שטוינען
און ס'ריזלען אונטער זײ די יונגע פרילינגס־אינדן.

איך גײ אין דאָרף, ווו אַלטע כאַטעס וועבן.
די שטילע פרײד פאַר דעם פאַרטײלטן גײער,
וואָס בלאַנדזשעט גלײַך מיט מיר פאַרבײַ דעם לעבן
און רופט און שילט און קלאַפּט אין זײַן פאַרמאַכטן טויער,
און רופט, און שילט און קלאַפּט אין זײַן פאַרמאַכטן טויער...

פאַרוואונדערט פרעגן מיך די טויער־וועכטער:
— וואָס איז, דעם וואַנדערער, די נאַכט פאַרלאָפן?
צי דען געפעלט ער ניט די הייסע טעכטער?
צי דען — — — — — — — — — — — —
עס יאָגט מיך חוצפהדיק אַן אַלט געלעכטער.
איך בין פאַרשעמטערהייט פון זײ אַנטלאָפן...
— — — — — — — — — — — —
וועלדער, וועלדער, גרינע אײביקײטן!
דאָס מיד־באַשעפענישל קומט

פון שטאָט, אין די באַוואַלדטע ווײַטן,
ווו אײַער שווײַגעניש, די גרינע, ברומט...
אָ, וועלדער, גרינע אײביקייטן!
ס'איז שפּעט, אַ פּנים שפּעט!
עס שרײַט דער ווירבלפּלאַם פון אָנגעגליטע שטעט,
דרײַ רוחות רויט און אײַזערנע אַדורך די וועגן רײַטן,
אַדורכן רויך און רויך, פֿאַבריקן, גרוי'ס און טעלעגראַפֿן־דראָטן,
און ווילד צעווילדעוועטע שטרײַטן:
דער פלאַמיק־מענטש, דער שטאָט־שׂר און דער שׂטן — —
אָ, וועלדער, וועלט־טיטאַנען!
ס'פֿאַרטויבן הייזעריקע אײַזנבאַנען
די שטילע וועלט...
ס'איז וויסטע קעלט!
איך לויף געמיק, געליימט און מיד פון שטרײַט,
אַליך...
ס'איז רויטע צײַט!
דער טויט־באַגלייטער, רויטער רײַטער רײַט!

מינסק 1919

## קולטור

מיך האָבן עלעקטרישע זונען באַגאָסן מיט גלי־ווײַסע שטראַלן.
כ'פֿאַרנעם, ווי עס סודען זיך דאָרטן אויף טויזנטער הילכיקע מײַלן.
ס'רעדט פינסטער אַ לאַנד צו אַ לאַנד,
בײַ גרויזאַמע ווילדע וואָקזאַלן —
אַכסניות פון פעלקער, וואָס טראָגן זיך ערגעץ און אײַלן זיך, אײַלן...
איך זע זיי, די פינצטערע חיות — די לאָקאָמאָטיוון געשפּאַנט,
עס שטראַלן לאַנדשאַפטן אין גאָלדענע, שניי־ריינע, גרינע געמעלן,
אין אײַזערנע רייפן — מיט רעלסן פאַרשמידט,

און ס׳ציִען זיך צוגן אויף זיי דורך די בערג און די שטומע טונעלן —
באַוועגלעכע קינדער פֿון באַרג־מינים, אַרץ און גראַניט...

דורך געלע מדבריות, דורך קובישע שטעט, דורך די לענדער
און לענדער,

עס שלעפּן זיך ברוגזע באַנען,
צעוויקלען זיך צאַפּלענדע בענדער
פֿון מזרח צו מערבֿ, פֿון דרום צו צפֿון,
און שלינגען־איַין מערידיאַנען —
די מענטשישע שלוחים צום סוד פֿון די סופֿן...
היי! ס׳לײַכטן מיר זונען דורך פּריזמעס פֿון שאַרפֿע קרישטאָלן,
כ׳בין דער מענטש, כ׳בין דער קיניג פֿון לענדער, פֿון שטעט
און פֿון פֿינף אָקעאַנען,
איך בין דאָס מעטאַלענע ליד, וואָס עס זינגען די באַנען
בײַ נאַכט, צווישן וועלדער און טאָלן...

## אַ ליד צו רוסלאַנד...

הענט — אָפּגעלאָשענע פֿון מוט,
אויסגעשטרעקט, ווי אָפּגעקראָכענע, געליימטע שלאַנגען...
אויפֿן הימל — הענט פֿאַרגאָסענע מיט בלוט!
עס עפֿ׳נען זיך די פֿינגער קוים־קוים,
הונגעריקע פֿון פֿאַרחלשטע פֿאַרלאַנגען
און הענגען ווי הרוגים אויפֿן הימלזוים.

הענט, אויסגעקרימטע הענט,
מיט האַרטע אָדערן אַדורכגעצויגן:
מגושמדיק פֿון שטעכעוודיקן האָר
און ביינערדיק־פֿאַרקרעמפּטע אויסגעבויגן —
איר בעט — איר טאָפּט אין פֿינצטערניש — איר ווערט געוואָר — —

עס שטשעמען זיך צונויף אַ קלאַמער צו אַ קלאַמער —
הענט וואָס האָבן אויסגעגאָסן זייער פֿײַער דורכן האַמער...

היי, אַרבעטס־פֿויסטן — מלכים פֿון דער וואָכן,
איר האָט אין אַלטע וועלדער ווי אַ שטורעם אויסגעבראָכן:
עס האָבן בלויז געבליצט די זעגן
און ס'האָבן העק ווי דונערן געקלונגען
און אײַער שווייס געווען איז דער רעגן...

1921

## הענגט־אַרויס די שוואַרצע פֿאָנען...

הענגט־אַרויס די שוואַרצע פֿאָנען!
היי, טוט אַ נעם די האַמערס, די קאָוואַדלעס און די העק,
אַרויס צום טויט, מיליאָנען!

אין חושכניש פֿאַרגאָסן, שטום, פֿאַרשטשעמעטע אין ווײ,
אַרויס אויף שטעט און פֿעלדער,
שטום!
שטום!
שטום!
זאָל ברענען טיף אין האַרצן דאָס געשריי,
ווי שׂריפֿות אין פֿאַרוואַקסענע וועלדער...

הענגט־אַרויס די שוואַרצע פֿאָנען!
שווײַגט ווי שטיקער ערד פֿון שטורעמס אויסגעריסענע
און זאָל די שטומקייט מאָנען...

אַרויס צום טויט, מיליאָנען!...

# אַ באַל...

„מנה, מנה תקל ופרסין" [1]

עס קלינגען באַלויכטענע זאַלן
און ס'קלאָגט דער אָרקעסטער...
די פּויקן פאַרטויבן דאָס טיפע געוויין פון די פידלען.
עס גראָבן די בעסער ווי אַלטע קברנים מיט פינצטערע רידלען,
עס לאַכן קלאַרנעטן,
עס פלוידערט דער צימבל,
עס שרייַען די מעשענע טעלער
און ס'טאַנצן שטייַפרעקיקע הערן, וווּסזייַדענע דאַמען,
העל, העלער און העלער...
און ס'מישן זיך דאַרשטיק צוזאַמען
שוואַרצפלאַמיקע וואָנצן און ציינדלעך צעבליצטע,
געגלעקלטע לאָקן,
די שניפּסן, די שיכלעך געשניצטע,
די בליציקע בליקן
און זאָקן...
און, שטום אין דעם הערצער־געצאַפּל
פאַרטרונקען,
עס טוליען זיך נענטער די קנייען,
אַלץ נענטער, און שפּריצן מיט פונקען...

און פייַער לאָזט־אויסעט איעדער שוואַרצאַפּל,
און ס'ציטערן, ציטערן ווייען...
נאָר פלוצלינג אַ וויאָלאָנטשעל טוט אַ קלאָג אין אָרקעסטער...
ווי ס'טוט ווען אַ קלאָג אין אַ וואַלד פון פאַרגעסענע נעסטער...
און בלוטיק די האַלבע לבנה טריפּט־דורך אין די פענצטער.
עס ווייזט זיך אַ האַנט —

[1] (דניאל ה, כ"ה) געציילט, געציילט, געוויגן און שטיקער (צעשטיקלט).

אַ האַנט, אַ צעקרימטע פון אַרבעט, פאַרשמידט אין אַ קייט,
לייגט־אויסעט די אותיות פון בלוט אויף דער וואַנט:
— טויט!...

און ס׳טאַנצן שטײַפרעקיקע הערן, ווײַסזײַדענע דאַמען,
העל, העלער און העלער,
עס שרײַען די מעשענע טעלער,
עס לאַכן קלאַרנעטן,
עס פלוידערט דער צימבל,
די פויקן פאַרטויבן דאָס טיפע געווין פון די פידלען,
און ס׳גראָבן די בעסער, ווי אַלטע קברנים מיט פינצטערע רידלען...

## קליינע קלעזמער

קליינע קלעזמער אויף די לאַנגע ווײַסע פײַפיאַלן
רופן צו אַ ווײַטער וועלט — —
פון זייערע נשמות העלט
די וויסטעניש פון בלייכע אויסגעשפּרייטע טאָלן.

שטילע הייבן זיי די קאַלטע בערד, די קלאַטשעוואַטע,
אַרויף צו די מזלות:
טאַטע, טאַטע, טאַטע —
מיר וואַלגערן זיך בלאָטיקע בײַ דײַנע פאַלעס...

און מיט האַרטע קלעזמערהיט איבער די אויגן,
אין גרויע באַגינען,
וועבן אַלטע שפינען
אַ הוילגעוועב פון וויסטן בלוט אַרויסגעצויגן.

אַ, קליינע קלעזמער אין דער ווײַטקייט גייען־אָפּ מיט טרערן
אַדורך דעם פײַפיאַל
קיינער וועט ניט הערן, קיינער וועט ניט הערן
דייער קול.

# צוויי...

צוויי מענטשן וואָס ווײנען אַ טיר לעם אַ טיר,
צוויי שכנים, צוויי בחורים הויכע —
אַ מיידלדיקס איינס און אַ בריאה, אַ בלייכע
(אין מיר, אין מיר, אין מיר),
צוויי מענטשן וואָס ווײנען אַ טיר לעם אַ טיר.

אין שלאָף פּלוצלינג טשוכען זיך עמעצנס הענט...
(אַז איינער גייט שלאָפן, שטייט אויפֿעט דער צווייטער),
ער זויקלט־פֿונאַנדער אַ שאַטנדיק לייטער
און קריכט אויף די ווענט, אויף די ווענט, אויף די ווענט.
אין שלאָף. פּלוצלינג טשוכען זיך עמעצנס הענט.

און אַ מאָל, ווען מען זיצט ביי אַ גלעזעלע ווײַן
(עס טרעפֿט, אוי, עס טרעפֿט, הלוואַי זאָל ניט טרעפֿן),
דאָס מענטשעלע טוט דאַן אַ טירל אַן עפֿן
און שפּײַט אין אַ פּנים אַרײַן...
אָ, אַ מאָל, ווען מען זיצט ביי אַ גלעזעלע ווײַן.

צוויי מענטשן וואָס ווײנען אַ טיר לעם אַ טיר,
צוויי שכנים, צוויי בחורים הויכע —
אַ מיידלדיקס איינס און אַ בריאה, אַ בלייכע
(אין מיר, אין מיר),
צוויי מענטשן וואָס ווײנען אַ טיר לעם אַ טיר.

# בוניע און בערע אויפן שליאך

פּאָעמע

אָ, בוניע ביק און בערע דער פּאַלענט [1],
די גראָבע ייִדן קוטשעראַווע,
מיט די פּיסטוילן אין די הענט
און מיט די מעסערס אין כאָליאַווע,
גייען איינצונעמען די וועלט —
יונגען בראַווע!

זאָגט בוניע ביק, דער לאַנגער לייטענאַנט:
— ע, שרעק זיך, טעלז, און ציטער, דרויע!
עס ווערט געגאַנגען און געשפּאַנט
אויף זאַך און טאַט און גאַזלעוואָיע,
געגרייט צום שלאַכט זיינען אַרויס
צוויי ייִדן גרויע.

און אויפֿן טראַקט, אין חשכות און אין גוס,
געפּאָרפּלט [2] האָבן וויאַזן [3] קודלעוואַטע,
געגאַנגען זיינען פֿוס אין פֿוס
די ביידע יונגען תמעוואַטע,
ווי סיווע [4] היגט געבישטערט אין דער נאַכט
די וועלט, די בלאַטע.

---

[1] גיבור(?). — [2] זיך געהוידעט. — [3] געוויקסן. — [4] גרויע.

# אַ קרעטשמע

עס רייכערט זיך אין ראָזע געפּלען דער באַגין,
די וועלדער קאַלטע געמען שאַרען,
אַן אַלטע קרעטשמע אין טוי און גרין,
עס העלט. — די רויע צווײַגן פּאַרען,
ווי פּרישער שניי די העלע בלוּונג לײַכט
פון עפּל און פון באַרן.

עס האָרכט די פּוילע, פּרילינגדיקע ערד
דעם שאַרך פון לעצטע נאַכטשאָטנס ליִלאָווע;
די ביימער וואַרפּן־אָפּ די שלייערן און בערד,
און קלאָר ווערט ביז די ווײַטן, די יאָדלאָווע,
ווו ס׳זיצט די נאַכט, און אויף איר לאַנגן פינגער
זיצט די סאָווע.

דאָ לויפט־פאַרבײַ דער שוואַרצער ווילנער שליאַך,
אַ רויקער אויף אַלע זײַנע מײַלן;
ער שלאָפט אין טונקלעניש פון וועלדער־סכך
און אויף דער פרײַ — אין גרינע ביימער־צײַלן.
ס׳איז שטיל. עס שפּאַנען בלויז צוויי יונגען מיטן וועג
און אײַלן זיך און אײַלן.

די בידנע קרעטשמע פאָפט אין אַלטן הויף,
און ס׳האָרכט דאָס גאַניקל — איר אָפן אויער:
— עך, בורזשוי, דו, עפן, עפן־אויף!
און פויסטן גראָבע זעצן אינעם טויער:
— שטיי־אויף, בורזשוי, די וועלט גייט־אויס
אין קאַלעמוטנעם טרויער...

פאַמעלעך עפנט זיך די בלאָטיק־ברייטע טיר
און ס׳קריכט־אַרויס אַ ייד אַ יענטעוואַטער[5];

---

[5] ווי אַ יידענע, אַ יענטע.

דער קאָפּ אין פּעדערן, אַ נאָז ווי אַ געשוויר.
ער שרײַט און קוויטשעט אַ מידער און אַ מאַטער:
— ווער קלאַפּט עס, ווער? וואָס מאַכט איר מיר
באַגינען אַ טריאַטער?!

עס טוט אַ שאָס... אַ בליץ... אַ פֿײַער און אַ רויך...
דאָס ביסל אָטעם האָט אים אָפּגענומען,
ער טאַפּט די באָרד, דאָס פּנים און דעם בויך —
אַ לויב צו גאָט; מיט גאָרנישט אָפּגעקומען;
די יונגען שטייען שטיל און דרייען זיך דעם וואָנץ
און שטומען.

נאָר ס׳זײַנען פּלוצעם דאָ אַרײַן אין שלאַכט
דעם קרעטשמערס בנים, ווי די בערן;
ערגעץ האָט אַ האַנט אַ שוואַרצע פֿון דער נאַכט
פֿון הימל אָפּגעקראַצט די לעצטע שטערן;
עס האָט געשאַלט: די וועלט, די פֿוילע
נעמט זיך איבערקערן.

אין קרעטשמע האָבן זיך געבראָכן טעפּ,
מען האָט געזעצט מיט פֿויסטן ווי מיט שטיינער,
זײַנען האָבן זיך געעפֿנט פֿון די קלעפּ
און קאַפּאָטעס זײַנען געפֿלויגן מיט די ביינער.
געלויבט דאַרף זײַן די דיקע קרעטשמערקע
און ווײַטער קיינער!

זי האָט געצופּט די קאָלטנס פֿון די בערד,
זי האָט געפּאַטשט, זי האָט געדראַפּעט;
מאַנסביל האָבן זיך געקײַקלט אויף דער ערד
און פֿון די שופּרדיקע נעזער האָט געקאַפּעט,
געסטאַרטשעט האָבן קערק, קני און אויגן קעלבערנע
פֿאַרגאַפּט...

דאַן האָט דער אַלטער קרעטשמער אָפּגעקרייט:
— גענוג, גענוג, זאָל ווערן שלום!
מען האָט זיך אויפגעהויבן שטילערהייט
און טעמפּ אַרומגעקוקט זיך ווי אין אַ חלום.
אָ, בערע, בערע איז אויך אויפגעשטאַנען,
כאַטש נעם און מאָל אים!

די לאַנגע הענט אַראָפּגעלאָזט צום דיל,
אַן אויסגעמאַטערטער, קוים מיטן לעבן:
ער האָט געשמייכלט און געפּלאַנכעט אין דער שטיל
פון קלעפּ געגעבענע און ניט דערגעבן,
די פויסט האָט ניט געדינט, ער האָט געקלאַפּט
פאַרביי אָדער דערנעבן.

דערווייל האָט מען דעם שווערן טיש געגרייט,
דערלאַנגט דעם פעטן באַרשטש, דעם הייסן,
דערלאַנגט די גרויסע לאַבנס ברויט
און ניט געוואַרט ביז מען וועט הייסן,
האָט מען פאַמעלעכדיק און פעסט געריבן
ביז די לעצטע שווייסן.

דער קרעטשמער פרעגט: — איר, געסט, וואָס איז דער מער?
ווי קומט די ביטערניש צו אייך, פון וואַנען?
וואָס ווילן אורחים? און ווער איז מען, ווער?
און וווּ אַהין מען קלייבט זיך ווייטער שפּאַנען?
ס'איז דאָ אַ וועלט, און יעדן זיינען אומעטום
פאַראַנען.

דאַן ענטפערט בוני ביק: — אָ, ליבע פריינד,
מיר ווילן בלויז די וועלט אויסליזן.
איר זעט, דאָס מזל פון בורזשויען שיינט,
נאָר ס'טרעפט, אַז ס'גייען לייט אַן הויזן,

מען מוז דעם יאָך אַראָפּוואַרפֿן די קייטן
און די אַנדערע שאַלאַמוין!

אין דרויסן אַ באַשלאָגענער מיט מעש,
האָט קלאָר געשטוינט דער ווענמעדיקער[6] פּריטיק;
פֿאַרגאָסן אַלע פּלויטן האָט דער בעז
מיט שטיקער בלוט שוין וואַרעם־צײַטיק,
געקלונגען האָט דער קילער בלאַנקעט ריין
און זילבערלעך, און ווײַטיק.

דער קרעטשמער זאָגט: — אָ, געסט, אָ, ליבע געסט!
צו טיף די רייד כ׳זאָל זיי פֿאַרדײַען,
גענוג, אַז מען פֿאַרדײַעט וואָס מען עסט,
און חוץ דעם — בעסער שווײַגן ווי דער שלײַען,
ווײַל אין גלות איז אַ ייִד, און ווײַל די וועלט
וועסטו ניט איבערשרײַען...

אַזוי האָט מען בײַם טיש פֿאַרבראַכט, גערעדט,
מען האָט אָבער געדאַרפֿט אין וועג זיך לאָזן,
האָט מען זיך אָנגעפּעלצט, געקניפּלט זיך ביז שפּעט
אַ ביסל צוגעפּײַפּט, אַ ביסל צוגעבלאָזן...
און אַוועק, געציטערט האָבן בוים און בלאַט,
געפּלאַטערט האָבן גראָזן.

## אונטער דער יאָדלע

די ברייטע נעכט, וואָס זינגען אָן אַ קול,
ווי בלויער אײַז אַרײַנגעפּאַסט אין געגנט,
וועןביימער גרויען דורכזיכטיק און שמאָל,

---

[6] אָנקומענדיקער.

מיט ווייכן זילבערלעכן ליכט פֿאַררעגנט...
עס שטייט אַ יאָדלע אויפֿן באַרג, וואָס האָט
מיט אַלץ זיך שוין געזעגנט.

צווי שאָטנס לאַנגע זיצן אונטער איר,
און בלויז די טיפֿע, בייזע אויגן גליִען;
פֿאַרגליווערטע און שטום, אָן מינדסטן ריר,
מען זיצט און מען באַוועגט נאָר מיט די וויִען,
און שטיקט ווי מתים איז מען, וואָס מען האָט זיי
אָפּגעשריִען...

אַ דאָרף אַ שטרויענער קריכט אונטן אינעם טאָל
מיט דרעמלענדיקער כאַטע איבער כאַטע,
אין דער לבֿנה־נאַכט פֿון קילן, בלויען שטאָל
צעלייגט אויף אָפּרו, ווי בהמות זאַטע;
עס שלאָפֿט דאָס דערפֿל שטיל מיט די לבֿנהדיקע
שויבן מאַטע.

און בוניע ביק שטרעקט־אויס אַ ווילדע האַנט,
ער שעפּטשעט האַלבע ווערטער, קוים צו הערן:
— דו זעסט דאָס דאָרף און אָט דאָס גאַנצע לאַנד?! —
דאָס פֿעלד אַרום וועט מאָרגן אונדז געהערן — — —
דו, בערע, ווען ווערט טאָג? דו, חבֿר, ווען גייט־אויף
דער מאָרגן־שטערן? — —

נאָר מיט דעם קאָפּ פֿאַרגראָבן אין די קני
זיצט בערע קורץ און פֿינצטער ווי אַ דאָרן;
ער טראַכט פֿאַרטיפֿט, אַז ס׳לוינט זיך ניט די מי
צו ווערן לכתחילה דאָ געבאָרן — —
— דו עסט, דו טרינקסט און גאָר נישט, מען איז קיין מאָל
נאָך ניט זאַט געוואָרן.

און בוניע זאָגט: — הער־צו, דו נאַר, הער־צו
דעם סוף פֿון מענטשנס שווערע לײדן — — —
ס׳וועט שלאָפֿן גראָם אַ לעמפּערט מיט אַ קו
און ס׳וועט אַ קינד זיך שפּילן מיט זײַ בײדן;
פֿריד וועט זײַן, און זשאַווערן וועלן די מעסערס
אין די שײדן.

אַזוי האָט ער געחלומט פֿון דער וועלט,
גערעדט צום חבֿר וואָלד, צו די חבֿרים שטערן,
און צוגעפֿאַלן איז ער צונעם פֿעלד,
געקושט אים און געגאָסן טײַכן טרערן:
אָ, באָבעשי, פֿאַרלאָז אונדז ניט אַלײן
אין שטרײַט אין שווערן!!..

ער האָט געוויינט. פֿון הימל אומגעריכט
אַ ווײַסע פֿידל איז אַרויסגעשוואומען,
ס׳האָט אויסגעשפּילט אַרום, פֿון שטיקער ליכט,
אַ ווילדן ליד, אַ קאַלטן און אַ שטומען — — —
און בוניע ביק האָט עס געהערט, און חבֿר ביק
האָט עס פֿאַרנומען.

דאָס ליד האָט אײַנגעזאַפּט זיך אין זײַן הויט;
ער האָט געהאָרכט, געשטוינט און האַלב געשלאָפֿן,
ערשט אויפֿגעכאַפּט זיך מיט דעם מאָרגנרויט
האָט ער דערזען — אַן אומגליק האָט געטראָפֿן:
ס׳איז בערע ניט געווען. אין מיטן נאַכט איז ער,
דער אומטרײַער, אַנטלאָפֿן.

האָט בוניע דאַן געזיפֿצט: — אויך, בערע, דו?!
אויך דו האָסט אונדזער זאַך פֿאַרראַטן?
און פֿונעם שטרײַט איז ליבער דיר — די רו?
ער האָט געשריִען מיט אַ קול אַ מאַטן:

— אָ, ווי צו איַך, אויף אַלע ווייכע פּערענעס,
אין איַער טאַטנס טאַטן!...

אַראָפּ איז ער אַן עלנטער פון באַרג,
ווי ס'וואָלט זיך אָפּגעטיילט פון בוים דער שאָטן.
פאַרוואָרפן ס'פּעקל אויפן ברייטן קאַרק,
האָט ער געפּאַרשקעט מיט די וואָנצן־דראָטן,
געגאַנגען שטום און ס'האָט אין אים
דער כּעס געזאָטן.

## ביי אַ טייך

אַ טיַך. ס'איז דורכגעשטערנט דאָ די רו.
און בוניע רעדט־אַראָפּ וואָס פון נשמה:
— כ'בין וואַסער, וואַסער טרויעריק, ווי דו!
מלאָכים באָדן זיך אין דיר מסתּמא.
ווי ס'שלאָפט דיַן שטילקייט אינעם טוי,
דאָרט, אונטער ווערבעס לאָמע...

— דו קומסט — פון וועלכער גראָזנדיקער וויַט?
און גייסט — צו וועלכע נעפּלדיקע סופן?
וואַסער, ביסט די פרומע אידלקייט,
וואָס אויך ניגונים מאַכט מען פון די שטאָפן...
פליו־פליו־פליו און פליו־פליו־פליו —
דערנאָך איז ער געגאַנגען שלאָפן.

## אין דאָרף

אין דאָרף האָט מען געקלאַפּט, געלאַכט, געבויט,
געשעפּט פון ברינעמער, באַגאָסן בייטן;

עס האָט געשמעקט מיט בלינעס [7] און מיט קרויט;
מיט פֿרילינגדיקע מוידן בײַ די פּליטן,
און ס׳האָט איעדע כאַטע זיך געטונקט
אין גרינס און קווייטן.

ס׳איז בוניע דורך פּאַמעלעך, ווי אַ האָלץ;
נאָר בײַ די פּלייטן שטיקט זיך אַ געלעכטער.
ער האָט אַרומגעקוקט זיך בייז און שטאָלץ
(אַ, בוניע ביק, דער נביא, דער גערעכטער!),
ער שטייט און ער באַטראַכט די קליינע זינד
פֿון נישטיקע געשלעכטער.

אַוועק איז ער אין איינזאַמקייט אַליין.
אַ פּנים ס׳איז נאָך שלעכטס געגוג פֿאַראַנען.
עס האָט אים נאָכגעיאָגט פֿון ערגעץ ווי אַ שטיין — — —
(ווי, ווײ, מען מוז אַרויס פֿון דאַנען!)
האָט ער אַוועקגעשפּאַנט מיט זײַנע לאַנגע פֿיס,
ווי בוניע ביק קאָן שפּאַנען!

בײַם עק פֿון דאָרף האָט ער זיך אָפּגערוט:
אַראָפּגעווישט דעם שוויס פֿון דער טשופּרינע,
געקרעכצעט שטיל, געקילט אין זיך דאָס בלוט,
נאָר פּלוצעם... שאַ!.. מע זינגט... אַ קול נגינה...
אַ גויע זינגט און עמעץ ברענצלט
אויף אַ מאַנדאָלינע.

עס באַקט די זון. דער גאַנצער הימל גליט.
עס קלינגט דער זאַמד און צווײַגן הילכן גרינע:
איעדער רויער פּלאָקן שפּראָצט און בליט —
דער וויאָז, די אָספּע [8], די ריאַבינע — — —

[7] לאַטקעס. — [8] עספּע, אָסינע, ציטערבוים, פֿון טאָפּאָל־משפּחה.

אַ גויע זינגט און עמעץ ברענצלט
אויף אַ מאַנדאָלינע.

און בוניע זעט: אַ כאַטע פֿריש און נײַ,
עס לײַכטן אַזש די קלעצער, די סאָסנאָווע,
דאָ וווינט אַ בעל־גוף! נאָר סײַ־ווי־סײַ,
מען מוז אַרײַנגיין בעטן אַ נדבֿה.
פּאַוואָליע עפֿנט ער די טיר און ער דערהערט
אַ מאַנסביל רעדט באַסאָווע:

— זײַ וויסן, נאַסטיע, איך בין קאַרל מאַרקס,
וואָס גייט־אַרויס זיך שלאָגן מיט בורזשויען.
„דו זעסט דעם פֿויסט? — אָהאָ — ס'איז עפּעס שטאַרקס!
און דו ביסט קוק, וואָס מײַנע וואַנצן גרויען,
ס'איז כּוח דאָ גענוג"... אַ, בוניע קאָן די אויגן
גאָר נישט טרויען.

ס'זיצט בערע מיט אַ גויע אויף די קני.
זי זינגט און ער דערציילט באַרימערײַען:
דו, נאַסטיע, נאַסטיע, ווייסט נאָר פֿון די קי —
געשטעלט דעם זויערמילך, פֿאַרמישט דעם קלײַען.
אַן אונדזעריקער איז פֿאַרנומען טאָג ווי נאַכט
מיט דענקערײַען!...

נאָר אומגעריכט געוואָרן איז ער שטום
(אין פּירהויזטיר איז בוניע ביק געשטאַנען — — —):
די העלדזער אויסגעצויגן לאַנג און קרום,
אויף הויכע פּיס, ווי טרוקענע בוטשאַנען.
מען האָט זיך אָנגעקוקט — און איינער האָט
דעם אַנדערן פֿאַרשטאַנען...

די נאַסטיע זאָגט: — זײַט וויסן, ליבע לײַט,
ס'איז מיט דעם שטאָטמענטש אָנגענעם צו שפּרעכן.

דעם דאָרפֿישן פֿעלט־אויס די אײדלקייט;
מען האַלט אין קנײַפּן זיך און שטעכן־ברעכן.
וואָס איז די פּויערטע אין דאָרף? זי קינדלט נאָך אַנאַנד
און איז אַ קעכין.

נאָר בערע טוט דעם גראָבן וואַנץ אַ וויש
און זאָגט: — גענוג געדעדט פֿון הויכע זאַכן!
דערלאַנג עפּעס, אַ, טײַערע, צום טיש,
מיר וועלן זען די וועלט שוין איבערמאַכן,
דו זעסט — מען טוט, מען קעמפֿט, מען וואַנדערוועט
איבער די שליאַכן...

און ווי די יונגען רײַבן איז באַוווּסט:
עס קלאַפּן צוויי אַוועקגעלאָזטע מילך.
איין רגע נאָר — די שיסלען זײַנען פּוסט,
און ווידער נעמט זיי נאַסטיע אַנצופּילן.
אַזוי כּסדר... ביזקל בוניע איז אַרויס
זײַן צאָרן שטילן.

ער טוט אַ זעץ אין טיש, ער לאָזט־אַרויס אַ ברום
און ציט דאַן אויס אַ פֿינגער ווי אַ שטעקן:
אַ, קום, פּאַרטונקלטער באַוווּסטזײַן, קום!
קום שרײַען און קום וועקן;
ס'איז בראָך אַרום! עס רינט די וועלט
אין אירע לעכערדיקע עקן!

און בערע זיצט שוין, נעבעכדיק, אַ תּם;
ס'האָט גאָט אים אָנגעשיקט דעם מאַרעוויכער[9]...
די נאַסטיע טוליעט זיך... דער ליבעפּלאַם
גליט אונטער אָנוטשעס[10] און טיכער...

[9] גנב. — [10] שמאַטעס.

דאָ טוט ער זיך אַ כאַפּ... עס ברעכט־אַרויס אַ טאַנץ,
אַ פלאַמענדיקער ווירבער.

עס טאַנצט די זון און ס'ברומט־צו די געפּעס
די שויבן ציטערן, די בענקלעך פאַלן.
עס טראָגט זיך בערע מיט דעם באַקעטן געזעס
אונטער די פייערדיקע ריטער־שטראַלן — — —
האָפּ־האָפּ, האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ, האָפּ־האָפּ! —
צווי זיסע נאַכטיגאַלן! — — —

און נאַסטיע אויך — די פיס ווי רונדע קריג,
די בריסט ווי פרישער קירבעס אויף די בייטן,
ער טאַנצט דעם באָק, זי איז די ציג,
און מיט די הערנער איינס צום צווייטן;
האָפּ־האָפּ, האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ, האָפּ־האָפּ! — — —
צווי חנעוודיקע קוויטן! — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
די נאַסטיע האָט געשריִען.

געוואָרן איז אין דאָרף אַן אָנגעלויף
און ס'האָבן קלעפּ די לייט אַריינגעקראָגן,
דערנאָך האָט מען געהרגעט זיי אין הויף,
און ווייט אין פעלד האָט מען זיי אויך געשלאָגן —
אָ, קלעפּ גענוג... קוים כוחות האָט געקלעקט
אַוועקצוטראָגן — —

# אין אַ יאַדלאָוון וואַלד

ס׳לײַכט ברוין די זון אין זאַסקעוויצער וואַלד,
ווו ס׳ברענען זאַפּטיק־רויטע מוכאָמאָרן[11];
ווו ס׳שפּאַרט מיט פּוילעניש פון יעדן שפּאַלט
און ס׳שטינקען קאָרטשעס פון פּאַר טויזנט יאָרן;
ווו ס׳קילט די זון און יעדע האַרעדיקע צווײַג
איז צוגעפּראָרן...

דאָ טראָגט דער שטיין אַ נאַסע באָרד פון מאָך,
און ריטער, ריטער צאַפּלען אויסגענאַגטע,
און ווו אַ טונקלעניש, איז עס אַ סומנע לאָך,
ווו ס׳זיצט די געלע סאָווע אַ פאַרקלאָגטע,
און עפּעס מאַטערט דאָ, ווי אין אַ טרויערבוך
פון לײדן ניט דערזאָגטע.

ס׳איז נאַכט, די יונגען ברעכן זיך אַ וועג,
עס טראָגט זיך ווײַט אַרום אַ טויבער קנאַלן,
דער פּויסט — אַ האַק, די ציינער — פּאַר אַ זעג,
און ביימער שווערע ציטערן און פאַלן.
מען קריכט אין זומפּ, די נעזער אָפּגעקאַלכט
פון ווײַטע שטראַלן...

פאַרוואַקסן האָט אַ קאַלטנדיקע פּעל
די שטאַמען ווי מנורות אויסגעדרייטע;
עס בלייכן ווייך לישײַעס[12] טונקלהעל,
ווי זילבערלעכע נעצן אויסגעשפּרייטע,
און ערגעץ הענגט דאָ די לבֿנה אויך,
אַ לאַנגע און אַ טויטע.

---

[1] גיפּטיקע שוואָמען. — [2] הויטקרעגק.

אין וואַלד האָט מען זיך, חבֿר, אָפּגעזעצט.
ס׳האָט בערע קוים אַ פֿײַער אויפֿגעבלאָזן;
אַרום אין חושך טראַפּלט, פּיקט און נעצט,
עס פּלאַשען אויסגעוויקטע גראָזן.
ס׳זיצט בוניע שטום. ער דענקט. ער בלאָזט. און אָט
האָט ער זיך אויפֿן קול צעלאָזן:

— אָ, מענטשהייט, אָן אַ היים און אָן אַ דאַך,
עס לויבט דײַן מזל צו באַוויינען,
אין וויכע נעסטן שלאָפֿט דער שנאָבלפֿאַך,
אין נאַרעס וואַרעמע — די וואַלד־פֿאַראיינען,
אַ מענטש נאָר צו אַ מענטשן וויל זיך אַלץ
ניט צוגעוויינען.

— דו פֿרעג באַשייד בײַם פּראָסטן וואָראָביי [13],
דו פֿרעג די קאַלטע ליטווישע בוטשאַנען —
איעדער הויערט אויף זײַן מיסט און שטרוי,
בלויז דו, אָ, ווייסט ניט פֿון אַהין ביז דאַנען!
צו וואָס באַדאַרף מען הויכע קוימענס?... וואָס איז
די חכמה פֿון די באַנען?...

— אָ, בערע, בערע, ברודער מײַן אין נויט,
האַלט־צו, מײַן סיווער קאָפּ זאָל זיך ניט שפּאַלטן
בײַם דענקען פֿונעם לעבן און פֿון טויט
ווײַל עפּעס איז דאָ אומקלאָר און באַהאַלטן...
אָט דאָס האָט ער געזאָגט — — און זיך פֿאַרוויקלט
אינעם טולופּל דעם אַלטן.

האָט מען אָן אײַזערנע, אַ לאַנגע נאַכט
אַזוי געשטאַרט בײַם דרעמלענדיקן פֿײַער — — — —

---

[13] שפּערלינג (פֿייגעלע).

פֿאַרציילט זיך מעשׂיות, וואָר און אויסגעטראַכט,
פֿון בופֿלאָקס און פֿון גרינעם אומגעהײַער —
האַלב פֿרויען־צימער און האַלב מאַן, וואָס זינגט
אין באָסן אײַער...

## ביי אַ מיל

און אָנגעקומען איז מען האַלבע נאַכט
צו אַ פֿאַרוואַקסן מיל, צו וואַלד און וואַסער;
געווען איז אַלץ פֿאַרשלאָגן און פֿאַרמאַכט,
פֿאַרגליווערט לעפּיש אין דער לופֿט דער נאַסער.
דאָס טײַכל בלויז האָט פֿון דעם גראָבן גראָז
אַרויסגעשײַנט אַ בלאַסער.

און בוניע האָט געזאָגט: — דו, מילנער, דו!
כ'באַדויער איצט דײַן לעבן אָן אַ זינען:
וואָס איז דער מענטש? און וווּ איז גאָט, אַוווּ?
און צי וועט ס'בידנע עמך טרייסט געפֿינען? — —
דו שלאָפֿסט, דו שלאָפֿסט, די מילנערקע בײַם זײַט
און דײַנע טעג פֿאַררינען.

דער שטערן ווינקט־אַראָפּ, דאָס טײַכל העלט,
דער הימל הילכט פֿון זילבערנע געשרייען:
ווער ווייס, צי אויף עלעקטריע גייט די וועלט,
און איר ספּרוזשינע ווער עס טוט אָנדרייען?
דו שלאָפֿסט, דו שלאָפֿסט, די מילנערקע בײַם זײַט
און דײַנע טעג פֿאַרווייען...

דערנאָך האָט מען זיך אויסגעצויגן פֿויל
און אײַנגעשלאָפֿן אין די נאַסע גרעזער;

געכראַפּעט און געכאָרכלט פֿונעם מויל,
מען האָט געפּאָמפּעט מיט די לאַנגע נעזער;
די וויַעס ווי די לאָדנס אָנגערוקט
איבער די אויגן־גלעזער.

די מעליקע לבֿנה אויפֿן מיל
האָט נאָכגעטאַפּט די חשודיקע יונגען:
— אָ, באַלעבאָס, איך וויס ניט וואָס מען וויל...
נאָר איר עגונה־שטים איז אויך פֿאַרקלונגען.
דער מילנער האָט גערעדט פֿון שלאָף און פֿערצן
נעזלעך האָבן צוגעזונגען.

## פֿאַר טאָג

פֿאַר טאָג, ווי פֿון דער שוואַרצער פֿעל
דער אָקס פֿול דאַמף און בלוט קריכט אָפּגעשונדן —
אַזוי איז דער באַגין פֿאַרבלוטיקט העל
געקראָכן פֿון דער פֿינצטער אָנגעצונדן;
דער נאַקעט פֿלאָמענדיקער לייב אין פֿעלד,
די פֿיס נאָך אין דער נאַכט געבונדן.

און ס׳שפּריַזן ביידע יונגען מיטן טראַקט.
אַ ישובֿ זעט מען ניט... נאָר פֿליינען, פֿליינען;
דער לאַרך [14] אין אויסגעגלאָזטן הימל קנאַקט;
עס שטראַלט די לויטערקייט, וואָס נאָכן וויינען,
און קלאָר איז יעדער בוים און יעדער פֿיַכטער בלאַט
אין די קודלאַטע קרוינען.

[14] לאַרכנבוים.

# אין אַ שטעטל

ס׳ליגט זשאַמוט אויף איר ליים אין טויטנשרעק,
און צווישן פֿעלדער שווייגט די ווײַסע רײַסן;
די דאַרע הימלען אָנגעטאָן אין זעק,
און ווינטן פֿײַפֿן־אויסעט ביזע גײַסן
ניט גוט, ניט גוט! עס מאַטערט זיך די וועלט
ניט אויף צום פֿלײַסן.

און אין די קרומע שטעטלעך שטילערהייט
אַ בלויער פֿינגער באַמבלט אין די שויבן:
אַ שונא קומט! אַ שונא גייט!
צום צינדן, מאָרדן און באַרויבן — —
די נאַכט פֿאַלט־צו און יעדן שטאָרן
גרויע ווי די טויבן.

און אַט אַ מאַרק. דער קאַרגער מולד רינט.
צוויי מערדערס שפּאַנען, שפּריצן מיט רציחה...
די לאַנגע וואָנצן פֿלאַטערן אין ווינט.
— דו שרײַ, אויב ס׳איז דאָס לעבן דיר ניט ניחא!
די עצה סקרוכעט. האָרך! געמפּילט
האָט די שמשיכע...

אין מיטן מאַרק זיצט בוניע לאַנג און גרויס,
און בערע קריכט־אַרום איבער די הויפֿן:
— דאָס שענסטע מיידל פֿירט־אַרויס,
וואָס וואַשט זיך מיט די טײַערדיקסטע זייפֿן!
און ניבול־פּה האָט פֿײַערדיק געשפּריצט
פֿון מויל דעם טרייפֿן...

אַזוי האָט ער גערופֿן אין דער נאַכט.
ס׳איז קהל איינציקווײַז צונויפֿגעקומען,

געזעצט זיך שטום, צעהויקערט און פֿאַרשמאַכט,
ביז אַ געוויין האָט זיי אַרומגענומען —
האָט מען געוויינט. דאָס לעמפּל רייכערט.
שטום. און אַלע שטומען.

שטייט־אויף פֿאַרציטערט אָרעלע מושקאַט,
און ס׳קלינגט זײַן קול, פֿון קבֿר אויסגעגראָבן:
— מײַן ווײַב האָט מיר די קינדער אָפּגעהאַט,
איך דאַרף איר איצט שוין סײַ־ווי־סײַ ניט האָבן...
האָט ער געוויינט. און לײַט האָבן אַרום געשטוינט,
ווי אויסגעשטאָפּטע ראָבן.

און מענדע כ״ץ, אַ שטאַרער, ווי אַ מת,
שטרעקט־אויסעט בײדע הענט מיט אַנגסט און ציטער:
— איך גיב מײַן שוויגער אָפּ אויף עולמות!
און ס׳האָבן אַלע איר באַדויערט ביטער,
געפּלאַנכעט אין די קודלעוואַטע בערד,
ווי אין די וועלדער אַ געוויטער.

אַ נאַכט. ווי שאָטנס האָבן זיך גערוקט
פֿיל שלומפּערדיקע ווײַבער אין פֿאַטשיילעס;
די מאַנסביל ליגן אין די לעכער און מען לוגט,
וואָס וועט געשען אין מאַרק מיט די נבֿלות?...
און שטיל איז, שטיל. מען הערט שוין, ווי די שטערן
פֿליעסקען זיך אין תּכלית.

און אָט. אַ מאַרק. דער קאַרגער מולד גליט.
געשטרײַפּטע מחנות שווײַגעודיק מושטרירן;
די ווײַבער, ווי די זעלנער, מעסטן טריט,
פֿאָרויס צווי שוואַרצע ריטערס קאָמאַנדירן.
און שטיל איז, שטיל. דאָס שטעטל הוילט
פֿאַרהאַקט אויף אַלע טירן.

# בערע שפּילט אויפן האָרן

די געפּלען קײַקלען זיך פֿון דינעם מילך
און ביימער־שאָטנס שטאַרן און פֿאַרשווימען;
עס רוישט, עס שאַרכט אַ זײַדענער געהילך,
אַ ווייכע שושקעניש פֿון האַלבע שטימען — — —
אָ, האָרך! עס קלאַפּט דער פּיקהאָלץ אויס
אַ הילצערדיקן הימען.

דאָס לאַנד, דער הימל האָבן זיך פֿאַרמישט,
די קלאַנגען, פֿעלד און לופֿט צעבױיפּגעקנאָטן;
עס פֿינטלט ווי פֿאַררייכערט און פֿאַרווישט
אַ שוואַלב אויף טעלעגראַפֿן־דראָטן.
ס׳איז חלום. וואָר איז בלויז דאָס שטיקל שליאַך,
וואָס ווערט באַטראָטן.

ס׳גייט בוניע שטום פֿאַרבונדן אויף אַ באַק
און בערע שלעפּט אַ פֿוס אַן אויסגעדרייטע,
פֿאַרוויקלט וואָרעם אין אַן אַלטן זאַק.
זי קריכט אים נאָך אַ פֿולע און אַ ברייטע,
און באָרוועס פּאַדעט[15] מען אין ליים
מיט פּיאַטעס רויטע.

עס פּאַלט פֿון באַרג אַראָפּ דער שליאַך אין טאָל,
די נאָסע, קורצע ווערבעס בײַ די זײַטן,
און בערע הינקט, ער קרעכצעט אויפֿן קול:
— אָ, זאָג מיר, וויפֿל איז דער שיעור צו שטרײַטן?!
דו זעסט נאָר קלעפּ נאָך קלעפּ און עפּעס זעט מען ניט
די נײַע צײַטן?! — — —

---

[15] פּאַלט; מ׳קריכט, מ׳לויפֿט און מ׳פּאַלט.

דער נעפּל בלעטערט זיך און שימערט שטום,
און זיי אין אים, ווי פֿלעקן דורכגעפּעטסטע.
מען קריכט־פֿאַרויס, מען טאַפּט דעם וועג אַרום;
די קנאָדערדיקע היט אַראָפּגעזעצטע
די וואָנצן אויף אַראָפּ — — זיי שטייען אויפֿן באַרג,
צוויי הענער אויסגענעצטע.

און אויבן — לאָנקעס שפּרייטן זיך אין טוי;
עס פֿיטערט זיך די טשערעדע פֿון שׂררה.
דער פּאַסטעך זיצט — אַן אַלטער, גרויער גוי,
רעדט שטיל און ניסט, און שפּרעכט זיך אָפּ עין־הרע...
ער פֿלעכט־אויס לאַפּטשעס, קאָשיקעס
פֿון פֿרישער קאָרע.

ס'זאָגט בוניע הויך: „דזשיען דאָברי[16], אַלטער כריין!"
און יענער ענטפֿערט: „וואַצפּאַני, דזשענקויע"[17]!
מען זעצט זיך שוין דערבײַ אָפּ אויף אַ שטיק, —
אַ שמועס וועגן פֿי און וועגן תּבֿואה.
אַהער־אַהין — אַ מענטש אַן ערלעכער איז הײַנט
נישטאָ אויף אַ רפֿואה! — —

דאָ הייבט זיך בערע אויף: — אָ, זיידעניו!
דו לאָז מיר נאָר אַ בלאָז טאָן אין דײַן האָרן,
איך וויל דאָ פֿאַר דעם שעפּס און פֿאַר דער קו
אַ זינג טאָן עפּעס פֿון די קינדער־יאָרן.
אָ, לאָז מיר, לאָז... און בערע איז אַזש
בלייך געוואָרן.

אַ כאַפּ געטאָן דעם האָרן צונעם מויל,
האָט ער גענומען זיך פֿונאַנדערוויגן,

[16] גוט מאָרגן! — [17] זייער חשובער, אַ דאַנק!

אַרויסגעריסן האָט זיך נאַקעט־הויל
אַ בריל, אַ ווילדער וויי־געשריגן — — —
און וויַיט אין פֿעלד האָט זיך צעברומט
זײַן געלער פּלאַנכעדיקער ניגון.

ער האָט געבלאָזן ביטער און געקלאָגט:
— דאָס פֿעלד איז גאָט, דער האָרן איז דער בעטער.
אָ, ווו האָב איך געגעכטיקט און געטאָגט?!
כ'בין ווי דער האָלץ אָן צוויַיגן און אָן בלעטער.
עס גרויען בייזע מײַנע טעג, ווי שוואַרצע,
האַרטע, טהרה־ברעטער — — —

מײַן טאַטע איז דער לאַנגער ברייטער שליאַך,
דאָס פֿעלד איז גאָט, מײַן בעטער איז דער האָרן.
כ'בין ווי דער ראָב, וואָס וויגט דאָס צוויַיגל סכך,
פֿון טרויער — האַרט, פֿון פּלאָגן — שוואַרץ געוואָרן.
די סאָווע האָט אַ נעסט, די קו אַ שטאַל, און איך בין
אַ פֿאַרשטויסענער געבאָרן — — —

ער האָט געבלאָזן, ביטערלעך געקלאָגט,
אויך בוניע האָט אַ וויש געטאָן די ברעמען...
אָ, דאַן האָט בוניע צו דעם גוי געזאָגט:
— וויס, אַלטער כריין, מיר וועלן אַלץ אָפּנעמען —
דו קריגסט די פּי ווי אַ געשאַנק... דערמאָן
צום גוטן כאָטש אונדזערע נעמען.

די זון האָט אויפֿגעבליצט אין וויַיטן טוי,
צעשפּריצט זיך פּערלדיק אויף צוויַיג און גראָזן;
עס האָט געגומען וויקלען זיך דאָס גרוי,
און גיין, און אויפֿפּלאַצן, ווי זייפֿנבלאָזן —
די טאָלן האָבן זיך אַרויסגעשיילט
אין גרינעם און אין ראָזן.

אַ קו איז שווער געשטאַנען און געקוקט,
די שוואַרצע פֿעל מיט ווײַס ווי אָנגעמאָלן —
איבער די אויגן קנייטשן אָנגערוקט.
זי האָט געשטוינט צוזאַמען מיט די טאָלן,
זי האָט געטראַכט, געגליווערט מיט אַ פּוסטן קאָפּ
און אָנגעקוואָלן.

און הער: ס'איז יעדער צווײַג אַ פֿײַפֿיאַל,
ס'איז יעדער שטיין בײַם וועג אַ גרויע פֿידל;
דער אַקער בליצט אין וועסנעדיקן טאָל,
עס קלינגט פֿון בייט אַראָפּ דער בלאַנקער רידל,
און אין דעם קורצן קוסט דער פּראָסטער טשיזשיק
זינגט אַ פּראָסטן לידל...

## פֿאַר טאָג

פֿאַר טאָג. בײַם מידן אויפֿבליצן פֿון ראָז,
וואָס וויל די וועווערקע נאַרישעוואַטע?
ווער וויס דעם קלונג פֿון אונדזער פּראָסטן גראָז?
דעם בליק פֿון אונדזער קו, די תּמעוואַטע?
ווער וויס די שרעק פֿון אונדזערער אַ יאָדלע,
די טרויעריק צעליאַפּעוואַטע[18]?

אין נעפּלען וויגן זיך די סטערטעס היי
און תּפֿילות מעשענע פֿון ווײַטע גלאָקן;
עס שנײַדט זיך דורכן גראָז אַ טרוקענער שאָסיי —
אַ טויטער שרינט אין די צעגראָזטע לאָקן.

---

[18] צעקראָכענע.

עס בלויט. די שטילקייט שלאָפֿט אויף יעדן שטיין
און הענגט אויף יעדן פּלאָקן.

און בוניע זאָגט: — מיר שפּאַנען צו דער שטאָט.
צי פּילסטו, חבֿר בערע, די אַחריות?
באַנעמסטו כאָטש, ווי ס'ווערט באַדראָט
די אַלטע וועלט אין שימל און לישײַעס? — —
נאָר ס'ענטפֿערט בערע: — אָ, ווי דען? איך פּיל עס
און פֿאַרדײַ עס — — —

זאָגט בוניע דאַן: — טאָ גרייט דעם גראָבן פֿויסט,
דו, דו, די שטומע קראַפֿט, וואָס גייט צעשטערן...
שטיי־אויף, פּראָלעטאַריאַט! דײַן צאָרן ברויזט.
אָ, דלות־לעמפּערטן, אָ, קעלער־בערן!...
און ס'ברומט־צו דער פּאַלענט: ס'איז כּוח נאָך פֿאַראַן
אַ שמעלט[19] צו איבערקערן!

מען האָט אַוועקגעשפּרײַזט מיט לאַנגע פֿיס,
אַוועקגעוויאָסלעוועט, ווי די ציקאַדן[20];
די אייגלעך פּײַכטינקע און צוקער־זיס,
צעפֿאָרן און צעהאָצט, ווי אַלטע מאַדן[21],
אין פֿויסט אַרײַנגעשפּײַט און העלדיש צוגעפּײַפֿט —
צוויי בלאָנדזשענדע באַלאַדן.

## ביי טאָג

ס'איז היס. דער גליווערדיקער תּמוז ברענט.
אַן שאָטנס העלט דאָס פֿעלד, ווי אויסגעשליפֿן;
די ווײַטן בלויע, גליִענדיקע ווענט,

---

[19] (וואָרטשפּיל) וועלט. — [20] ביימער. — [21] מיידן (שווערלייביקע פּאַרזע־סענע פּרויען).

ס׳גליט קלאָר די וועלט ביז אין די טיפּסטע טיפן.
און רו. בלויז האַרטע קלינגענדיקע שטראַלן
אין דער לופטן שטיפן.

און פון די בעק גערונען האָט דער שווייס,
ווי ס׳רינט פון סאָסנעס אָפּ די טערפּקע סמאָלע;
עס שניידן שטראַלן, ווי חלפים הייס,
און וואַקלדיק פון זון איז מען שוין מלא...
די לייבער אָפן... ווו עס הענגט דאָס העמד
און ווו עס שטאַרצט אַ פּאָלע...

## ביי דער שטאָט

אום האַלבן טאָג האָט מען דערזען, דערזען:
עס בלומט די שטאָט אַרום אין אַלע טאָלן;
די פענצטער שפּריצן אינעם תמוזדיקן ברען;
עס שרייט דאָס בלעך אויף רויט און גרין באַמאָלן;
די צלמים פּלאַקערן פון קופּלען־ציבעלעס,
און ס׳לויפן טורעמס ווי קרישטאָלן.

עס דאַמפט. עס ברומט די אָנגעגליטע שטאָט,
מיט הימלען דורכגעזעגט פון שוואַרצע טרויבן,
מיט שטימען ווינטיקע אין קאַלטן דראָט — — —
עס בליצט די שטאָט אַדורך מיליאָנען שויבן.
און ס׳הוילט די רער. און ס׳ברילט דאָס ראָד. און די
עלעקטריע טאַנצט פון אויבן...

געבליבן איז מען העשעדיק און שטום,
געקוקט מיט הייסע, קוועלעכדיקע אויגן — — —
ס׳איז וואָר? צי אפשר טורעמט זיך אַרום

אַ חלום ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן?.
אָ, יאָמערטאָל! דײַן נעפּל איז אַ רויך
און אײַזן איז דײַן רעגן־בויגן!...

עס שטייען לאַנג באַדריפּעט [22] און פֿאַרשמאַכט
די בלויע בעל־חלומות פֿונעם קעלער — — —
די שטאָט פֿאַרגייט. עס קריכט די נאַסע נאַכט
פֿון די בית־עלמינס, תּפֿיסות און שפּיטעלער — — —
פֿאַרויס!... אַ בליץ שנײַדט־דורך די מאָכיקע
נשמות העל און העלער.

[22] (אָנגעמאָכט) געפֿאַלן בײַ זיך.

# ל״ו

— א —

אַ ייד גייט־אַרום אויף פֿאַרוואָקסענע שליאַכן,
פֿאַרשיכּורט פֿון ריחות, פֿון קרײַטעכער־זאַפּטן אין בלוי —
האָט זיך זײַן שטילע נשמה געבאָדן אין טוי:
האָט זי געוואַרט אויף דער הייליקער שעה פֿון דערוואַכן.

גייט זיך אַ ייד צווישן וועלדער, וואָס לאָזן ניט ריידן,
הערט ער זיך צו ווי דאָס לעבן אין האַרצן גייט־אויס;
זעט ער, ווי ס׳שווימט אַ פֿאַרשטויסענער שם אין גאָטס הויז,
ס׳בלאָנדזשעט אַ רעטעניש אום און זי וויל זיך באַשיידן.

הייבט ער דעם קאָפּ צו די הימלען און פֿרעגט די מזלות:
— וואָס פֿאַר אַ שם איז פֿאַרטריבן פֿון גרויסן אין־סוף?
ענטפֿערט פֿאַרחלשט די זילבערנע בתולה פֿון שלאָף:
— געלויבט איז אַ כשרער ייד, וואָס גייט אַפּריכטן גלות!...

— ב —

גייט זיך אַ ייד צווישן שטעטלעך, פֿאַרגעסענע וועגן,
עס שמעקט פֿון אים היי און די פֿרישקייט פֿון נעפּלען און רעגן,
כאָטש גרוי איז דער ייד, ס׳איז זײַן פּנים משונה פֿאַרוואַקסן,
כאָטש אַלט איז זײַן פּעלץ, כאָטש ער שווײַגט ווי אַן עלנטער עקשן.
עס שלעפּט זיך אַ מענטשל אַזוי זיך פֿון אַל די פֿאַראומערטע עקן,
אַליין אין דער וועלט שלעפּט זיך אומעט אַ גופֿל אויף עפּעס
אַ שטעקן...

אַ ווערוריקל וויגט זיך אין וואַלד — גייט דער ייִד, הערט עס אויף זיך צו וויגן,

אַ פֿייגעלע זינגט אויף אַ צווײַג — גייט ער דורך, ווערט עס פֿלוצעם אַנטשוויגן,

דער בוים בייגט זיך איבער צום בוים, ס׳ווערט אַ צווײַג אין אַ צווײַג אײַנגעפֿלאָכטן,

עס טריפֿט רויטער שײַן פֿון דער זון, וואָס זעט־אויס ווי געשאָכטן...

טיף אין וואַלד שפּילט אַזוי ווי אַ האַרץ: אַ געבעט ווערט אָן כּוחות פֿאַרגאַנגען,

אַ ווינטעלע ברומט ווי אַ טויב און ער דאַוונט צום שם אין געזאַנגען,

און צערטלט דעם ייִדן די אויגן, די קאַלטנס פֿון באָרד און די פּאָלעס:

געלויבט איז אַ כּשורער ייִד, וואָס גייט אַפֿריכטן גלות!...

— ג —

בײַ נאַכט. עס שמעקט מיט מאָך און קראָפּעווע פֿון געגנט,

די פֿעלדער האָבן זיך אין ווײַטעניש מיט הימלען אָנגעזעגנט,

צונויפֿגענומען זיך צווײַ שטילע עולמות און זיך פֿאַרשלאָסן...

דער חושך האָט פֿון ערגעץ פֿון אַ שוואַרצן קוואַל געגאָסן,

געבלאָנדזשעט האָט דער ייִד, געמוטשעט זיך אין שוואַרצן,

און ס׳קוועלט דאָס פֿינצטערניש... פֿון נאַכטקוואַל צי פֿון האַרצן?

מסתּמא זוכט דער ייִד אַ ביסל לויטערקייט אין זײַנע לײַדן,

ס׳פֿילט זײַן האַרץ שוין דאָס געזאַנג פֿון ליכטנדיקע וועלן,

וואָס פֿליעסקען זיך אַהינטער די פֿאַרבאָרגענע, שטומע שוועלן,

פֿון גן־עדן.

מסתּמא קאָן דעם ייִדנס זינגענדע נשמה ווי צו זיך ביט קומען

און זײַן תּפֿילה, די געהייליקטע, פֿאַרוועלקט אין אירע בלומען —

גייט ער איבער רײַסן, איבער ליטע, איבער פּאַסעקע [1] און פֿליינען,

[1] אויסגעהאַקטע וועלדער.

און זײַן האַרץ וויל עפּעס אויסריידן און וויינען, וויינען, וויינען,
נאָר די צונג געליימט איז צו דעם גומען.

די לבֿנה טוט אַ פֿינקל. ווײַסע ליכט נעמט שפּרודלען אויפֿן געגנט,
קילע שטרעקעס, דרעמלענדיקע, ווערן זילבערדיק באַגעגנט.
מרחקים ווערן קלאָר... דאָרט שלאָפֿן בערג פֿאַרטײַעטע אין שווײַגן,
אין מיטן פֿעלד רוט צווישן כוואַשטשעס [2] גאָר אַן אַלטער ברונען —
צווײ דעמבעס האַלטן איבער אים פֿאַרבראָכן די משונהדיקע צווײַגן,
עס ווערט אַ געלבלעכער געוועב אויף טויזנט מײַלן אויסגעשפּונען.
עס העלט אַרום. און ס׳איז דעם ייִד ניט קלאָר, ווו ווערט עס העלער,
ווו רוט דער ברונעם און די אַלטע אויסגעקרימטע ביימער —
צי אויפֿן אומעטיקן געגנט אָדער טיף אין דעם נשמה־קעלער...
ס׳דאַכט אים, קוקנדיק אין ברונעם, ער איז עס דער שומר
פֿון אַלטער פּראַכט, וואָס דאַרף געלײַטערט ווערן,
פֿון גרויסער פֿרייד, וואָס דאַרף זיך דורכרײַסן פֿון טרערן,
וואָס דאַרף פֿון טיפֿענישן אויפֿלײַכטן און קוועלן, קוועלן...

פּלוצעם ס׳בידנע גופֿל אויפֿהייבן צו אַל די שטראַלנדיקסטע העלן,
און טראָגן זיך אַ גרינג באַשעפֿעניש און ווײַל עס זינגט זיך —
זינגען...

ער זעט אין ברונעם ריזלען שטילערהייט די וואַסער־רינגען,
דאָרט זיצן שווײַגנדיקע די שטאַנס פֿון די דעמבעס... פּלוצעם
ווערן זיי צערונען...
עס עפֿנט זיך דער גרונט, אַן אויג טוט זיך אַ ווײַז, אַ ווילדע וויע...
און ס׳ברומט־אַרויס אַ שווערע שטים פֿון גרונט, פֿון ברונעם:
— הער, ווער ביסטו, בריאה?

עס שטייט דער ייִד דערשטוינט און וויס ניט וואָס צו זאָגן,
עס האָט אים אין אַ קאַלטער וויסטעניש דער פֿײַן פֿאַרטראָגן.

[2] פֿאַרוואַקסנקייטן.

ביי אַ ברונעם אין דער פינצטער, צווישן דעמבעס לאָמע,
קוועלט עס פון זיין האַרץ אַרויס דאָס שלעכטס מסתמא,
ווי דאָס פוילעניש פון וואונד, רינט־אויס, ווען ס׳נעמט זיך היילן,
ווי ס׳פאַרוועלקט דער קנאָספּ, ווען ס׳נעמט די פרוכט זיך שיילן...

עס הערט און הערט דער ייִד, אַז ס׳קלאָגט אין אים פאַרבאָרגן,
אַז ס׳וויגט זיך זיין נשמה צווישן נאַכטפּיין און פרימאָרגן:
זי זוכט וואָס טאָפּנדיק, געפינט, נאָר באַלד ווערט עס אַנטרונען,
עס האָט זיין זעלע אין איר וויטיק זיך אַליין געריסן קריעה
און די טיפע שטים רעדט אַלץ מיט שרעק פון ברונעם:
— הער, ווער ביסטו, בריאה?

דער ייִד:

— איך בין שמואל־איצע קוימענקערער,
אַן אביון, אַ פאַרהונגערטער, פון רייסן,
איך האָב געליטן שטומערהייט און כ׳קאָן ניט מערער,
און כ׳קאָן ניט מערער לעבן אויף צופלייסן.

איך בין אויף וויסטע בוידעמער געקראָכן
און קוימענס לאַנגע, פינצטערע געקערט,
איך האָב אויף קאַלטע דעכער אָפּגעלעבט די וואָכן
און נאָר שבתים אָפּגעריכט אויף דר׳ערד.

איך בין שבתים נאָר געגאַנגען אויף דער ערד,
אויף גרויע גאַסן, שלאָפּעדיקע, צווישן קראָמען,
אויף שטילע מערק שפּאַצירנדיק האָב איך דערהערט
די שטים פון טיפע ברונעמער און תהומען.
אַ גאָט, פון בריגעמער, פון פינצטערניש און תהומען!

פון טויזנט קוימענס האָב איך אַש אַרויסגענומען,
פאַר וואָס קאָן איך ניט אויסשעפּן דעם פּיין, וואָס האָט קיין נאָמען,
פאַר וואָס קאָן איך דעם אַש פון האַרצן ניט אַרויסבאַקומען.

איך וויס, איך בין געקומען פֿון געהיימע ברעגן,
ווו ס׳גיסט זיך ליכט פֿון שײַנענדיקע פּוטער־פֿעסער,
ווו שׂרפֿים זינגען, שוועבן אויף דעם צדיקס וועגן,
איך בין אויף דער ערד דאָס ליכט פֿון ספֿירה כּתר.

איך בין אויף דר׳ערד אַ טראָפּן ליכט פֿון ספֿירה כּתר,
אַדורך די גלידער די פֿאַרחלשטע און לאָמע
טוט ווען אַ צוק אַ פֿלאַם, ווי פֿון אַ שאַרפֿן מעסער —
מײַן אַש־פֿאַרצויגענע פֿאַרמאַטערטע נשמה.

פֿאַר וואָס פֿעלט־אויס צו מאָל אַ ביסל אָטעם אויף דער וועלט?
עס טוט ווען אומגעריכט אין האַרץ אַ טעמפּער ברען,
און ס׳דאַכט: אָט רײַסט זיך אויף אַ קוואַל, עס שטראַלט, עס העלט,
נאָר פּלוצלינג נעמט אַלץ ווידער וועלקן, ווי געווען.

איך בין אַ ייִד שמואל־איצע קוימענקערער,
ליג איך טיף אין קוימען פֿון דער וועלט און כ׳שרײַ,
איך האָב געליטן שטומערהייט און כ׳קאָן ניט מערער,
כאָטש לײַדן וועל איך ווײַטער סײַ־ווי־סײַ...

אַנטשוויגן געוואָרן. זײַן האַרץ האָט געגומען אין העלקייט זיך באָדן,
אַזוי ווי אַ כמאַרע, וואָס האָט פֿון זיך רעגנס און פֿלאַם אויסגעלאָדן.
ס׳דאַכט ר׳ שמואל־איצען: זײַן לעבן איז לויכטנדיק גרינגער
געוואָרן,
אַזוי ווי דער שלאַנג, וואָס האָט פּלוצלינג איר פֿעלהויט די אַלטע
פֿאַרלאָרן.
כאָטש פֿינצטערער קרעכטשעט[3] די נאַכט, לײַכטן העל זײַנע אויגן,
די מילדע,
בײַ נאַכט, ווי דער גליוואָרעם לײַכט אין די טונקעלע וועלדער,
די ווילדע...

---

[3] קרעכצט.

ס׳פֿאַרשווינדן פֿון דער האָרץ די געפֿילן, פֿאַרקוילטע פֿון פֿײַער און צאָרן,
ווי ראָבן פֿאַרשווינדן פֿון בוים, וואָס איז איבערגעבראָכן געוואָרן.
עס לײַכט אים זײַן אָרעמער קערפּער, וואָס איז אים אי מיאוס,
אי טײַער,
אַזוי ווי דער קאָרטש, דער צעפֿוילטער, לײַכט בלוי מיט זײַן
פֿאָספֿאָריש פֿײַער...

עס שטייט ר׳ שמואל־איצע באַגליקט און ער שמייכלט אַזוי זיך,
ער קוקט אינעם ברונעם און מורמלט: — אָט גיי איך, אָט גיי איך,
אָט ווער איך דערהויבן און אויסגעלייזט ווער איך פֿון וואָגלען,
אָט צופֿאַלן וועל איך צום שײַן אין די אוראַלטע לאָגלען
און זויפֿן דאָס גליק און מיט שפּרודלענדער פֿרייד זיך פֿאַרכלינען,
אָט גייט ר׳ שמואל־איצע! אָט גיי איך אַ לויטערן מלבוש געפֿינען.
פֿאַר אָרעמע מענטשן אַ וואַרעמע קליידונג צום לעבן,
פֿאַר זיך און פֿאַר אַלעמען אָטעם אַ ביסל און פֿליגלען צום שוועבן —
זאָל זײַן ס׳איז אונדז שלעכט אויף דער ערד, וועט מען לאָזן
זיך פֿלײַען;
אויב ס׳איז אונדז וועלקן באַשערט, וועט אונדז טרייסטן דער שם
פֿון אויפֿבלײַען...

אַזוי האָט שמואל־איצע געפֿילט און געמורמלט פֿון גליק,
כאָטש גרוי איז געווען זײַן שעפּסענער פעלץ און זײַן באָרד
און געניק [4].
אַזוי האָט שמואל־איצע פֿון רײַסן צום ברונעם, צום אַלטן, גערעדט;
באַגאָסן פֿון חושך, וואָס האָט זיך אַרום־און־אַרום אויסגעבעט...
נאָר פּלוצלינג דערשפּירט ער, אַז עמעצער קריכט פֿונעם ברונעם.
ווײַזט־אויס, מען האָט דאָרטן שמואל־איצען די שעה ביט פֿאַרגונען:
אַ מענטשישער קאָפּ האָט פֿון ברונעם זיך איבערגעבויגן,
געשוואָלן, פֿאַרוואַקסן מיט מאָך, מיט פֿאַרשלומפּערטע אויגן,

---

[4] האַלדזנאַקן, קאַרק, פּאָטיליצע.

אַריבערגעוואָרפֿן די הענט און פֿון זיי האָט גערונען
דאָס פֿוילעניש טיף פֿון דער ערד און די בלאָטע פֿון ברונעם,
אַרום האָט אַ רויך זיך געקײַקלט, געפּאַרעט אַזוי ווי אַ נעפּל,
און ס'האָט ר' שמואל־איצע דעם ריח דערשמעקט
פֿון צעגאָסענעם שוועבל...

עס איז אים אָן אימה באַפֿאַלן, ניט איבערצוטראָגן,
ער האָט זיך געקאָרטשעט אויף דר'ערד און די וואָרצלען געריסן,
אַ זיפֿץ ניט געטאָן, נאָר דאָס לײַב פֿון יסורים צעביסן
און שטום האָט זײַן מאַנסבילשע האַרץ אָנגעהויבן צו קלאָגן.

דערשראָקן באַקוקט ער די בריאה, וואָס הענגט אויפֿן ברונעם:
דאָס איז ער — דערזעט ער — דאָס אייגענע אומגליק,
וואָס האָט זיך געפֿונען.
ווי ס'וואָלט זיך אים פֿלוצלינג באַוויזן פֿון לעבן אַ ווײַטערער שטאַפּל,
ער גורט־אָן מיט פֿײַן זײַנע לענדן און פֿלוצלינג דערלאַנגט ער אַ צאַפּל,
ווי ס'וואָלט זיך אַ טויער געעפֿנט צו עולמות אומגעריכט־נײַע:
— ווער ביסטו, אין האַרצן פֿאַרוואַקסענע חיה?

— סמאל, איך דער שם פֿון פּײַן.

די צוועלף מזלות האָבן מילד געגאָסן שײַן,
עס האָט דער זילבערנער אַרי [5] אַראָפּגעקוקט מיט קאַלטע אויגן.
און ס'האָבן שטערן ווי די פֿייגעלעך געשטויגן און געפֿלויגן...
שמואל־איצע האָט פֿון מויל אַרויסגעבראַכט דעם שם פֿון בראָך:
פֿון דער נשמה איז אים גרינג אַראָפּ אַ זלידנע יאָך,
און פֿון זײַן האַרץ האָט הייס אַ טראָפּן בלוט אַרויסגערונען
און קאָכנדיק אַרײַנגעטריפֿט אין ברונעם.

[5] לייב (ווי אַ סימבאָל).

סמאל:

— איך בין דער שלעכטער שם, וואָס בלאָנדזשעט שוין פֿון כּמה יאָרן,
פֿון אַלע עולמות פֿאַרטריבן, בין איך בלינד און גרוי געוואָרן.

איך ליג אין בלאָטעס, אין די ברינעמער, אין פֿײַכטע היילן,
מיט אַן אײַנטערדיקן, בייזן האַרץ, וואָס קאָן זיך ניט פֿאַרהיילן.

פֿאַרשטויסן איז סמאל, אַלט, באַוואַקסן און פֿאַרברענט,
איך בין דער עלנטער בעל־שליטה אויף די גרונטן,
וואָס נישטערט אין דער פֿינצטערניש און גראָבט זיך מיט די הענט
צו די יסודות פֿון דער ערד, די סלופּעס און די שפּונטן...

עס קוועלט פֿון לויטערן אין־סוף אין אַלע הערצער פּראַכט,
און ס'גידערט הייליקייט אויף דר'ערד פֿון נײַן און פֿערציק רערן,
באַהאַלטן אין די ברינעמער, אַליין, מיט פֿוילע וואַסערן פֿאַרמאַכט,
כ'וועל פֿאַרט דערגראָבן זיך צום קוואַל פֿון טרערן.

כ'האָב אַמאָל אַ שפּונט דערטאַפּט שוין בלינדערהייט,
מיט לעצטע כּוחות, מיט די ציינער האָב איך אים געביסן,
נאָר ס'האָט אַ שטילער ל"ו דערמאָנט דעם א"ס' מיט פֿרייד
און ווי אַ שטיק האָט מיך פֿון גרונט אַרויסגעריסן.

די ל"ו פֿון רײַסן, זשאַמוט, פֿון דער ליטע
פֿאַרשאָלטן זאָלן ווערן פֿון סמאלס נאָמען; —
איך בין אַן אומגליקלעכער שם, וואָס דאַרשט נאָך שליטה,
און כ'מוז זיך וואַלגערן פֿאַרבלאָטיקט אין די תּהומען.

שמואל־איצע:

דו ביסט דער אומגליקלעכער שם פֿון כּמה יאָרן?
פֿון כּמה יאָרן בלאָנדזשען מיר, ווי דו!
אַ, כאָטש מיר שטאַרבן אָפּט און ווערן נײַ געבאָרן,
נאָר אַלע זײַנען מיר דאָס אויג, וואָס זעט אַלץ צו.
עס האָט אין־סוף אונדז אויף דער ערד פֿאַרזייט,

מיר זויגן פֿון זײַן האַרץ און טראָפּנס פֿון זײַן שײַן —
מיר האָבן אויף דער ערד געזונגען שטילערהייט,
פֿון דײַן, סמאַלס, בלוט, פֿון פֿינצטערניש און פּײַן...
איצט זײַנען מיר אַ מענגע בייזע שלאַנגען,
מיט אַ נשמה אויסגעמישט פֿון גאַל און פּראַכט,
אַ האַלבע איז זי רויק, אַ האַלבע רוט זי אין געזאַנגען,
און אויף משקולת וואַקלט זי זיך טאָג ווי נאַכט.

נאָר כ׳ווייס פֿון איינער אַזאַ... מען ווערט גרעסער פֿאַר זיך...
און יעמאָלט גאָר איבעריק ווערן די מענטשישע רייד,
עס וואַרפֿט די נשמה אַראָפּ איר פֿאַרעלטערטע קלייד,
און פּלוצעם דערפֿילט מען: עס לעבט די נשמה צו גיך...
מען מיינט, זי פֿאַרצערט דאָס לעבן פֿון צענדליקער מענטשן,
וואָס גייען־אַרום אויף דער ערד, נאָר זיי גרייטן זיך שטאַרבן,
ס׳צעזינגט זיך דאָס האַרץ, הייבט־אָן הייליק צו דאַווגען און בענטשן
דעם אין־סוף פֿון שקיעות און זריחות אין אַלערליי פֿאַרבן...
עס קוועלט אַ געזאַנג פֿון די ביימער, פֿון שטיינער און חיות,
פּאַמעלעך, ווי דער פּאַמפּעדיקל פֿון עפּעס אַן אוראַלטן זייגער,
און איטלעכער מורמלט צום שם פֿון דער וועלט אויף זײַן
איגענעם שטייגער:
דער שטיין זינגט מיט בושה, די וואַסערן שפּריגגען
אין קאַלטע העוויות;
דאָס פֿייגעלע בעט אויף אַ ווײַנענדיק־ביטערן קול
און די וועלדער צערעווען זיך טיף, אַזוי טיף...
מיט אַ מאָל —
עס לאָזט זיך דאָס לעבן אַוועק צו אַ הייליקן ברעג,
אין אַ גליקלעכן וועג, אין אַ פֿריילעכן וועג אין אַ העלן — — —
סמאַל, גיי־מיט, שווים מיט אונדז, מיט דעם הייליקן שטראָם,
צו די אייביקע שוועלן.

סמאל:

עס וועט דער ס״ם ניט בעטן רחמים בײַם אין־סוף!
ווען איר וועט לאָזן זיך צו אים ווי בידנע שאָף
און איר וועט אויסשטרעקן די הענט צום קאַלטן שוועל,
וועל איך זיך אויפקאַרטשען פון פּײַן אין מײַן צעפּוילטער פעל,
ווי ס׳קאַרטשעט זיך צונויף בײַ נאַכט אַן אַלטער הונט,
וואָס איז פאַרגאַוועט, אַלט און האָט שוין ניט קיין צין.
איך וועל זיך אײַנשטשעמען מיט גאָר דער ביטערקייט צום גרונט
און כ׳וועל אין חושכניש באַקלאָגן זיך אַליין...

סמאל איז אַליין אין־סוף אין זײַנע אינגעווייד!
נאָר אַ פאַרמשפּטער פאַרשלאָסן אויף מײַן קייט
קאָן איך קוים אויפהייבן דעם קאָפּ פון תהום...
פאַרשאָלטן זאָל ער זײַן דער קדושה־שטראָם,
פאַרשאָלטן זאָלן ווערן קינד און קייט
פון חיות, מענטשן, פעלד און וואַלד,
וואָס בעטלען, ווי אביונים שטילערהייט
און נעמען ניט די עולמות מיט געוואַלט.

— ד —

אויפן הימל איז דער מאָרגן־שטערן ווי אַ הירש אַרויסגעגאַנגען,
ווי אַ הירש וואָס בלישטשעט אויף דעם בלויען מענטעלע
פון ספר־תורה,
די מזלות זײַנען כיתותווײַז אַוועק און פונקט ווי לעמפּלעך
פון דער הייליקער מנורה,
האָבן יונגע שטערן אָפּגעריכט פון שחרית די געזאַנגען.

ר׳ שמואל־איצע האָט די אויגן אָפּגעווענדט צום מאָרגן־שטערן...
פּלוצעם האָט אַ שטילע הייליקייט אַרויסגעשײַנט פון אַלעס,
ר׳ שמואל־איצע האָט באַשײַמפערלעך דערפילט דעם כוח פון התגלות
און ס׳האָט זײַן האַרץ געעפנט זיך — אַ קוואַל פון טרערן.

אַן אײַנגעביסענער פֿון שלאַנג, אַ גרויער, האָט זײַן האַרץ
געצאַפּלט זיך אין קלעם,
האָט זײַן נשמה ווי אַ פֿײַער ברענענדיק געפֿילט קידוש־השם
און האָט געשעפּטשעט פֿון התלהבֿות און גרויס גלויבן:

— אָט איז זי געקומען, די שעה, ווען איך ווער שוין דערהויבן!
די רויטע פּרוכתן נעמען פֿאַרהענגען דעם פּליק,
און עס איז שוין מײַן פּעלץ פֿון דער ראָזעווער פּראַכט אַזוי שיין,
עס נידערט פּאַמעלעך דער גאָלדענער כּתר אַראָפּ
אויף מײַן קאָפּ...
אָט בין איך אַ מלך, אַן אַלטער, וואָס בלאָנדזשעט באַגינען אַליין
און עס שלעפּט זיך אויף דר׳ערד זײַן צעוואָרפֿענע פּורפּורנע קלייד,
און עס לײַכט אים אַרויס פֿון די אויגן די הייליקע פֿרייד.

ס׳איז איצטער שמואל־איצע אַזוי ווי אַ טירקלטויב גרינג,
ווי אַ פֿויגל וואָס פֿליט פֿון זײַן שטײַג,
אַז איך שפּיר ניט דעם לויב, וואָס איך זינג
צו דער פֿרייד, וועלכע קוועלט פֿון אין־סוף...
ס׳איז צו לויטער בײַם ליכטיקן שוועל,
אַז דאָס האַרץ ווערט פֿאַרוויגט אין אַ שלאָף...
ס׳איז דער שײַן פֿון תּפֿארת אַראָפּ אויף מײַן זעל:
דער אור־גנוז, וואָס רינט ווי דער טוי
אויף די האָר פֿון מײַן באָרד און מײַן קאָפּ...
אָ, עס נידערט פּאַמעלעך דער גאָלדענער כּתר אַראָפּ...

אַ וואָלקן בין איך און כ׳גיי זיך אָנטרינקען צום גרויסן ים,
אָט שטיי איך אַ שטילער אַליין לעם דעם רויִקן ים,
פֿון טיפֿעניש לײַכטן די לויטערע כוואַליעס
און גייען ווי לעמלעך, אַ לאַם אויף אַ לאַם.
עס בויען זיך אויסעט קרישטאָלענע פּאַליעס
און ווערן צעגאַנגען אויף יעטווידער קאַם.

אַט עפֿ׳נען זיך גרונטן און ס׳עפֿ׳נען זיך היילן
און ס׳שווימט דער לוויתן אַרויס אויפֿן ים;
עס ברענען די שופּן ווי טליִענדע קוילן,
ער שווימט אויפֿן וואַסער — אַ הייליקער פֿלאַם.
אַט עפֿ׳נען זיך טירן פֿאַר שטילע פּמליאַס,
וואָס פֿליִען־אַרויס אויף דעם שײַנענדן ים,
עס זינגען מיר כוואַליעס און ס׳טראָגן מיך כוואַליעס
אַריבער דעם גרינגן פֿאַרבאָטענעם צאַם.
די גאָלדענע קרוין קרוט שוין שווער אויף מײַן גרײַזגרויען קאָפּ,
אַט הענגט אויפֿן הימל די קלאָרע געלײַטערטע וואָג!
עס נידערט פֿון בלויעכץ פּאַמעלעך די אַלטע מרכּבֿה אַראָפּ,
אַרום אירע ווענטלעך — פֿאַרגליווערטע פֿײַערן ווײַסע —
איז פּונקט ווי מיט פּאַסיקלעך נאַכט אויף דער ריינער מגילה פֿון טאָג
מיט פֿײַער, מיט שוואַרצן, באַשריבן בכּתבֿ של חרטומים...
עס נידערט דער כּבֿוד פֿון א״ס און עס פֿינקלען אַרום אים
מלאָכים גוטע,
ווי טײַבעלעך שטילע,
אופֿנים באַרוטע,
און כּרובֿימלעך העלע,
און זעלע מיט זעלע
און תּפֿילה מיט תּפֿילה,
ווי שײַנענדע שאָטנס,
וואָס זינגען און שוועבן,
און שפּרייטן די פֿליגלען
פּונקט קוים וואָס זיי לעבן...

עס נידערט דער כּבֿוד פֿון אַ״ס אויף די טאָלן און היגלען,
מלאָכימלעך גיסן־אויס עמערלעך טוי,
אראלימלעך [6] גיסן־אויס עמערלעך ראָז

[6] (ישעיה לג, ז׳) העלדן (מלאָכימלעך — שליחים).

און כּרובֿימלעך גיסן־אויס עמערלעך בלוי
אויף דעם פרישינקן פליין,
אויף דעם גרינינקן גראָז.

אָט בין איך אַ מלך, אַן אַלטער, וואָס בלאָנדזשעט באַגינען אַליין...
עס טשוכעט קוים
דער באַגין אויף דער ערד,
און דער בוים וועקט דעם בוים,
קוים מען זעט, קוים מען הערט...
ניט געזאַמט, ניט געוועדט,
ווי אויף פליגעלעך העל,
קוים מען זעט, קוים מען הערט,
פליט אַ הייליקע זעל,
און מלאָכימלעך קליין
ביי דעם איביקן שוועל
שיקן־אָפּעט די זעל:
ר׳ שמואל־איצע איז הייליק ווי אין־סוף אַליין!

— ה —

די זריחה האָט זיך אויסגעלייגט אויף קרייטעכצער און גרינע זאַנגען.
אַ וועסנעטאָג, אַ גוטער, איז פון פינצטערניש אַרויסגעגאַנגען,
ווי ס׳גייט אַ חתן פון דער חופּה פריילעך און געלאַסן...
ר׳ שמואל־איצע האָט זיין פּנים ביי אַ קרעניצע אַרומגעוואַשן,
מיט דער טאָרבע אויף דער האַנט, דאָס ווינטערדיקע היטל ביז
די אויגן,
האָט ער זיך צו אַ ישובֿ, צו אַ נאָענטן, געצויגן.

ער איז אַריין אין וואַלד, האָט אים אַ ליבלעכקייט אַרומגענומען;
עס האָבן זיך געשושקעט גרעזעלעך מיט שלאָפעדיקע בלומען,
ווי ס׳שושקען זיך באַגינען יונגע כּרובֿימלעך אין הימל,
און ר׳ שמואל־איצע האָט געהערט, און ר׳ שמואל־איצע
האָט פאַרשטאַנען;

עס האָט אַ בלימעלע געפרעגט: פון וואַנען גייט אַ ייד, פון וואַנען ...
אַן אַלטע יאַדלע האָט אַ קער געטאָן אַ צווייַג צום בלימל:
ר' שמואל־איצע לאַמעד־וואָווניק גייט, וואָס איז שוין גלות
אָפּגעקומען...

●

## לידער פון אַן אָרעמאַן

— 1 —

כ'האָב בײַ נאַכט שטילערהייט אויסגעשליפן
פונעם האַרצן אַ דימענט אַ קאַלטן;
טאָמער דאַרף זיך אַ מענטש ווען באַהאַלטן
אין די אייגענע, טונקעלע טיפן.

מײַן ליכטיקע נויט וועט באַשטראַלן
דעם לעצטן צעעפנטן טויער
כ'וועל שמייכלען פון פריילעכן טרויער,
וואָס איך בין געפאַלן, געפאַלן...

— 2 —

אויפן בוידעם זיצט בײַ נאַכט אַן אָרעמאַן
מיט אַ דינעם שמייכל אויפן פנים;
ער זינגט, וואָס ער איז אויבעט אויף דער וועלט פאַראַן
און וואָס אומעטום באַגייט מען זיך שוין אָן אים.

עס ציט זיך אויס זײַן לאַנגער גוף וואָס העכער, העכער.
ער ווײנט. ער זינגט דאָס בידנע ליד פון גרוי און אָרעם.
און די געהאַרנטע, די שטעכיקע לבֿנה אויף די דעכער
קריכט־אום אַרום — אַ ווײַסער, גליִענדיקער וואָרעם.

אָ, די געלע שטים פון אָרעמאַן, אין טיפער שרעק,
פאַר אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט, דער גרויער!
די שטים פון מענטש, אַן אָנגעטאָנענער אין זעק.
וואָס זשאַלעוועט זיך שיידן מיט דעם טרויער!

עס זינגט די דינע פרייד, וואָס איז אין פיין פאַראַן,
ווי קילער וואַסער צווישן נאַקעט אָפּגעבערענטע שטיינער,
אויפן בוידעם זינגט ביי נאַכט אַן אָרעמאַן
און די לבנה הערט און וויטער — קיינער, קיינער...

— 3 —

כ׳האָב דעם מענטשן פון זיך אָפּגעשאָבן
ביים ליכט פון די רינענדע טרערן.
אָ, ווי גוט עס איז גאָר נישט צו האָבן
און אומגיין דאָ אונטער די שטערן.

ווער עס האָט ניט זיין לעבן צעטראָטן,
וועט קיין מאָל דעם פיין ניט פאַרטרייבן.
כ׳בין אַ העלער פאַפיר דאָ אין שאָטן
און גאָט וועט אויף דעם איצטער שרייבן.

פלוצלינג האָב איך מיין פרייד אָפּגעגראָבן
ביי פרעמדע, פאַרבלאָטיקטע שוועלן.
אָ, ווי גוט עס איז גאָר נישט צו האָבן
און גאָרנישט ניט וועלן.

— 4 —

אַ מענטש האָט אַ שטיבל אין וואַלד אויסגעבויט
און פאַרבליבן אַליין.
געלעבט האָט ער דאָרטן פון גראָז און פון מאָך, און פון קרויט,
און פון כריין — — — — —
אַ מענטש איז פאַרבליבן אַליין.

אַ, ער איז געגאַנגען צו־להכעיס דער וועלט
און געפּיפּט: טאַ, טאַ, טאַ! טאַ, טאַ, טאַ!
ביז ער האָט דערשפּירט אַ בריליאַנטענע קעלט
און אַן אומעט אַזאַ — — —
טאַ, טאַ!

דאָ איז ער אַוועק און אַוועק, ווי געיאָגט.
— וויס דער חכם אַ ראָט? וויס דער גרייזגרויער מאַן?
נאָר ס'האָט אים דער אַלטער פּאַמעלעך אין אויער געזאָגט:
„וועגן דעם איז אין בוך ניט פאַראַן” — — —
דער חכם, דער גרייזגרויער מאַן...

דאָ איז ער אַוועק און אַוועק, ווי געיאָגט:
און געקרעכטשעט: ווײ, ווײ, ווײ! ווײ! ווײ, ווײ, ווײ!
דער אומעט, דער דינער, אין אים האָט געקלאָגט
אַ ווײסער ווי שניי — — —
ווײ, ווײ!

אַ מענטש האָט אַ שטיבל אין וואַלד אויסגעבויט
און פאַרבליבן אַליין,
געלעבט האָט ער דאָרטן פון גראָז און פון מאָך, און פון קרויט,
און פון כריין — — —
אַ מענטש איז פאַרבליבן אַליין.

— 5 —

## די תּפילה

די תּפילה פון אַן אָרעמאַן, וואָס איז פאַרטײַעט געוואָרן
און פאַר גאָט טוט ער אויסגיסן זײַן האַרץ.
פאַר וואָס ווערט מען אַזוי געפּײַניקט, גאָט!
וווּ איך שטיי, בין איך צו פיל פאַראַנען, און וווּ איך גיי,
טראָג איך מיט

דעם ריח פֿון דער פֿינצטערניש.
בין איך מקנא דעם פֿויגל, וואָס אים איז בעסער פֿון אונדז,
און דעם ליים, וואָס אים איז בעסער פֿון אַלעמען.
וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַן האַנט, וואָס איז מיר איבעריק,
און מיט מײַן האַרץ, וואָס איז מיר איבעריק?

## די חתונה

פאָלקסמאָטיוון

— 1 —

דאָס שטיבל האָט מען אויסגעקאַלכט
און ריין געמאַכט די דילן;
עס קומען באַלד מחותּנתטעס
און קלעזמער וועלן שפּילן.

מײַן חתן איז אַ יונגער־מאַן
פֿון גרויס־מדינה פּוילן;
זײַן בליק איז הייס, ער ברענט און גליט,
ווי פֿײַער גליט אויף קוילן.

נאָר ער איז יונג אַזוי און בלאַס,
ער קושט מיך שטיל אין שטערן,
ער גלעט מײַן האַנט און שמייכלט מיר,
די אויגן גיסן טרערן...

— 2 —

דער טאַטע האָט אַוועקגעשיקט
צום פֿעטער שמואל־יאָשען,
צום מילנער אויף לוהאַווער שליאַך,
צו בערלען און צו סאָשען;

זײַן טאָכטער איז שוין כּלה־מויד —
וואָס ס׳דאַרף זײַן, איז געוואָרן —
זיי זאָלן שפּאַנען גלײַך די פֿערד
און קומען באַלד צו פֿאָרן.

למען־השם, למען־השם,
זאָל קומען פּעטער יאָשע,
דער חתן איז אַן אויסנעמזאַך
און ט׳זאָגן אונדז אַ דרשה...

— 3 —

די מאַמע זאָגט: די פֿורן קומען —
קרובֿים, גוטע געסט,
אין אָנגעפּאַקטע וועגענער,
ווי פֿייגלעך אין אַ נעסט...

מען טראָגט די טאָרטן, אײַנגעמאַכטס,
די פֿולע פֿלעשער ווײַן,
די בראַנפֿנס, קערב מיט האָב־און־גוטס,
אין גרויסער שטוב אַרײַן.

— 4 —

אײַ, כאַדאָראַם און כאַדאָראַם
און בים־באַם־בום...
עס טאַנצן די מחותּנתטעס
אַרום־און־אַרום:
בערל כאַפּט דעם חתנס קיטקע [1]
און ער טאַנצט מיט איר,
באַשע טאַנצט אין קרינאָלינע

[1] חלה, קוילעטש.

סאַמע בײַ דער טיר.
אײַ, לעבעדיק און האָפּערדיק,
און לעבעדיק און פֿרײַ...
אײַ, מען פֿירט די חתן־כּלה!
אײַ! אײַ! אײַ!

— 5 —

דערלאַנגט אַהער די קאַרפּנקעפּ,
די שלײַען און די הינערזופּ,
די העלדזעלעך פֿון די טשאָלנטטעפּ,
און חי — געלעבט זאָל זײַן!...

מען לעבט נאָר אײן מאָל אויף דער וועלט...
אוי, אָרע־צרה, קום אַהער!
וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט?
אָט נעם אײן מויל אַרײַן!

יויך צו פֿולע שיסעלעך,
און משקה אויך צו קאַפּעלעך,
צו קאַפּעלעך, צו ביסעלעך,
און נעמט זיך אָן מיט מוט!

וואָס שטייט איר דאָ אין קופּקעלעך?!...
אָט נעמט זיך צו די צימעסלעך,
די קוגלען און די פּופּקעלעך —
און זאָל אונדז גײן גאָר גוט!...

— 6 —

די כּלה זיצט אַ פֿרײלעכע
בײַם חתנס טיש אַליין...
אָ, כּלה־קרוין! וואָס טוסטו, וואָס?...
פֿאַר לײַטן איז ניט שיין...

זיי זיצן ווי די טײַבעלעך
און ריידן נאָך אַנאַנד...
אַ, כּלה־קרוין, מיר זעען דאָך —
דו גלעטסט דעם חתנס האַנט...

אַ לאַנגגן, לאַנגגן סיוון־טאָג
האָט אָפּגעפּאַסט די פּאָר;
דער איבערשטער זאָל צושיקן
זיי מזלדיקע יאָר...

דער חתן איז אַ שוואַכעס קינד,
איז אומעטיק און בלאַס.
אַ קלייניקייט! אַ בקי זײַן
אין פּוסקים און אין ש״ס...

דער איבערשטער זאָל העלפֿן זיי,
ווי כ׳ווינטש זיך נאָר אַליין,
מיט קינדער — ייִדן ערלעכע,
מיט אַל דאָס גוטס — אָמן!

## דאָס ציגעלע...

איך טרײַב־אַרויס אין פֿעלד דאָס ווײַסע ציגעלע,
עס זאָל זיך פּיטערן אַליין...
דאָס ווײַסע ציגעלע, וואָס כ׳האָב איר אָפּגעקויפֿט
פֿאַר צוויי גילדוין,
פֿאַר צוויי גילדוין.

נאָר מיט די לאַנקעס גייט־אַוועק, אַוועק דאָס ציגעלע,
און כ׳גיי איר נאָך,
אין אַלטע וועלדער, פּוסטע פֿעלדער בלאָנדזשען מיר

די גאַנצע וואָך,
די גאַנצע וואָך.

און פֿרײַטיק האַלבן טאָג בלײַבט שטיין דאָס ציגעלע
גאָר אומגעריכט,
און איך דערזע: העט ווײַט איז אויסגעשפּרייט אַ לאַנד
אין בלויען ליכט,
אין בלויען ליכט.

אַ לאַנד — אַ לאַנד,
ווו איבדן לויערן אויף אַלע בערגעלעך,
ווו ס׳שלאָפֿט דער בופֿלאָקס לעם דעם וויזלטיר,
אַ לאַנד — אַ לאַנד,
אַ ציטערדיקע, אַ פֿאַרחלומטע,
וואָס קאָן פֿאַרלוירן גיין פֿון יעדן ריר...

דער טאָג פֿאַרגייט. דאָס ווײַסע ציגעלע ליגט נעבן מיר.
און אויך דאָס ציגעלע וועט באַלד פֿאַרגיין,
און אויך דאָס ציגעלע, וואָס כ׳האָב עס אָפּגעקויפֿט
פֿאַר צוויי גילדוין,
פֿאַר צוויי גילדוין.

## אַ בן־מלך האָט זיך פֿאַרשטעלט...

אַ בן־מלך האָט זיך פֿאַרשטעלט אין אונדזער געגנט פֿאַר אַ פּאַסטעך,
האָט ער געפֿירט אויף דעם טאַטנס לאַנקעס זײַנע שאָף.

עס האָט געשמעקט זײַן פּעלצל און זײַן לײַוונטענע טאָרבע
מיט שטאַרקע קרײַטעכצער פֿון וואַלד און פּליין,
ער האָט געגעכטיקט אויף די פּעטע בעפּל־פֿעלדער,
דאָס פֿרישע פּאַסטעכל, דער בן־מלך אַליין!

ער פלעגט אין ווײַטן טאָל באַגלייטן די לבֿנה
און אויף אַ הויכן בוים באַגעגענען דעם מאָרגנרויט,
ער האָט זײַן דאָרשט געשטילט בײַ קלאָרע וואַסערן
און פלעגט מיט פייגלען טיילן זיך זײַן ברויט.

איין מאָל איז צו אים זײַן בת־מלכה געקומען
און אַ פאַרבלוטיקט שעפעלע געטראָגן,
און געדאַרפט אַ זיסע בשׂורה אים אָנזאָגן,
האָט דער בן־מלך, דאָס פרישע פאַסטעכל, געשוויגן
און נאָר דאָס שוואַכע לעמעלע אַרומגעבונדן.
ער האָט זײַן שטילע טשערעדע אין וואַלד פאַרטריבן
און ס'איז דער בן־מלך, דאָס פאַסטעכל פאַרשווונדן — — —

## גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן!

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן!
פון די פרישע מענטשנס וועגן!
די וואָס וואַקסן שטײַפע, רויע
אונטער דײַנע הימלען בלויע,
אַז זיי זאָלן זיך צעבליִען
ווײַס אין בלומען, ווי אין שנייען,
אַז זיי זאָלן זיך ניט קניִען
אין די זאַפטיק שטאַרקע ווייען...
אויסגעמישט מיט מאָך און באָדן,
זאָלן זיי ווי דעמבעס ווערן,
און אין רעגנס אויסגעבאָדן
פון דער פעטער ערד זיך נערן.

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן
אויך פון מענטשנס שטילע וועגן!

אַז זיי זאָלן גרינג דערלעבן
רו און ליכטיקייט אין שווײַגן,
און ווי פֿייגעלעך אומשוועבן
העל אין זייער היליק שטײַגן...
שטילע, שעמעוודיקע, צאַרטע,
פּונקט ווי גייענדיקע בלומען,
מײַד זיי אויס פֿון בליקן האַרטע,
ווו זיי גייען און זיי קומען...
צאַרטע, שעמעוודיקע, שטילע —
איז דײַן וועלט פֿאַר אָט די טויבן
ווי איין גרויסע שעה פֿון בעילה,
דיך צו לויבן... דיך צו לויבן...

1920

## פתיחה

די אַלע, וואָס האָבן זיך אויסגעמאָסטן מיט דעם וואָרט יהוה, די ל"ו, גייען־אַרום אָפּגעזונדערטע און עלנטע בײַם ברעג פֿון דער וועלט.

אין דער פֿינצטער בלײַבן זיי אַ מאָל פּלוצעם שטיק, זיי דער־שפּירן זיך אין דער ווײַטעניש, נאָר קיינער זעט קיינעם ניט. אין האַלבער נאַכט, בײַם ברעג פֿון דער ערד, גייען זיי, גרויסע ייִדן מיט הויכע שטעקנס, אײַנגעבויגענע, אויף דער בלויקייט פֿון הימל.

און בײַם יום־הדין, דעמאָלט, קומען זיי מיט די צעפּאַטלטע בערד, באַפּעלצטע, אין שטיוואַלעס, מיט די בראָנזענע שטעקנס אין די הענט. און זיי פֿרעגן נישט: זיי קומען און זעצן זיך צופֿוסנס פֿון דעם כּסא־הכּבֿוד.

זיי לייגן־אַרײַן אַן אַרבל אין אַן אַרבל און וואַרעמען זיך אין דער הייליקייט פֿון דעם אַלמעכטיקן.

און זיי פֿאַררייכערן די ליולקעס זייערע.

דער אַלמעכטיקער זיצט אויף דער כּסא־הכּבֿוד און שמייכלט. עס געפֿעלן אים זײַנע פּשוטע צדיקים.

## דער מילנער

עס איז געווען אַ מאַן אַ מילנער אין לאַנד רײַסן.

די ווײַב זײַנע איז געשטאָרבן און דעם זון האָט מען אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן.

די מיל איז פֿאַרוואַקסן געוואָרן מיט מאָכן און מיט קרײַטעכ־צער.

דער דאַך האָט זיך אַראָפּגעלאָזן ווי אַ פּעלץ איבער דער מיל ביז דער סאַמער ערד.

די געגנט האָט געוויסטעוועט.

נאָר סאַראַקעס זײַנען אַרומגעפּלויגן, בלויז די בידנע סאַראַקעס.

דער מילנער האָט ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל אָנהייבן צו טאָן.

ער איז אַרײַן אין שטאַל און האָט אויסגעפֿונען, אַז נאָר איין בהמהלע איז אים איבערגעבליבן פֿון דעם גאַנצן פֿאַרמעגן זײַנעם.

דעמאָלט האָט ער זיך אָוועקגעזעצט פֿון גרויס עלנטקייט אויף דער שוועל פֿון זײַן שטוב און ער האָט זיך ביטערלעך צעוויינט.

מען האָט אים גערופֿן ר׳ בעניע.

## וואָס ווערט בעת אַ מענטש בלייבט אַליין

איך האָב געזען אין אַן אַלטן ספֿר, אַ מענטש דאַרף זיך היטן בלײַבן אַליין. לכתּחילה מיינט ער, ס׳איז גאָר נישט; דערנאָך לאָזט זיך אַרויס, אַז ער קריגט שלעכטע געדאַנקען, עס בײַט זיך איבער בײַ אים דאָס קול און ער גייט־אַרום ווי אין אַ הינערפּלעט.

ר׳ בעניע וואָלט עס געוווּסט, קאָן זײַן, ער וואָלט ניט געבליבן אַליין אין מיל, ער וואָלט זיך איבערגעקליבן אין אַ דערבײַיקן שטעטל אָדער אפֿשר גאָר חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל.

בכלל איז דאָס לעבן אויף אַ ישובֿ פֿאַר אַן עלטערן מענטש צו שווער.

ר׳ בעניע האָט יעדן טאָג אַליין אָפּגעקאָכט פֿאַר זיך דאָס ביסל עסן, אַליין אויסגעמאָלקן דאָס בהמהלע, נאָך דעם פֿלעגט ער אַזוי אַרומשפּאַצירן אַרום מיל, די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן אָדער ער האָט געזאָגט תּהילים, וואָס דאָס איז די טבֿע פֿון דעם עלנטן מענטשן.

און איין מאָל איז ער זיך אַזוי געגאַנגען אַרומוואַשן בײַ דער קרעניצע, האָט ער דערזען אין וואַסער, אַז בײַ אים הענגט־אַראָפּ די אונטערשטע ליפּ. בײַ ר׳ בעניען איז קיין מאָל פֿריִער ניט אַראָפּ־

געהאַנגען די אונטערשטע לופּ. ער האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס שטאַמט, ווײַל מען איז אַ מענטש אַליין. ער איז אַרײַן אין שטוב, אַראָפּגענומען דאָס שפּיגעלע פֿון דער וואַנט, און עס לאָזט זיך טאַקע אויס, עס הענגט בײַ אים אַראָפּ אַ לופּ. דערצו זײַנען בײַ אים געדיכטער צוגעוואַקסן די ברעמען, און אין גאַנצן איז ער אַ האָריקער, פֿאַרוואַקסן און אָפּגעלאָזן ווי אַ טכויר. ר׳ בעניע האָט אָנגעטאָפּט מיט דער האַנט דעם לעפּץ זײַנעם, איז ער געווען צוגעטריקנט ווי אַ שטיקל ליים. און הגם עס איז געווען אַ וואַרעמער פֿאַרנאַכט אין דרויסן, איז ער אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן אויוון, אײַנגעניורעט זיך אונטער די אַלטע בגדים און איז אײַנגעשלאָפֿן.

## ר׳ בעניע פּיטערט דאָס בהמהלע

אַ יאָדלאָווער וואַלד איז געשטאַנען הינטער דער מיל.

עס איז געווען די צײַט פֿון די נעפּלדיקע טעג אין רײַסן, און די רעגנס האָבן אויסגענעצט די גאַנצע געגנט.

בײַם גראָען אויפֿטאָג האָט ר׳ בעניע אַרויסגעפֿירט דאָס בהמהלע אויף דער פּאַשע. אויף די ליימיקע וועגן זײַנען זיי געגאַנגען, איבער די אָפּגעשאָרפּטע פֿעלדער אין דעם אַלטן וואַלד אַרײַן. ר׳ בעניע פֿאָרויס מיט דעם שטריקל אין דער האַנט און דאָס בהמהלע איז אים נאָכגעגאַנגען.

זײַנען זיי אַרומגעקראָכן אין דער געדיכטעניש, צווישן די ביימער, און די נאַסע צווײַגן האָבן זיי אָפּגעגאָסן מיט וואַסער, אָבער ר׳ בעניע איז געווען שטאַרק פֿאַרטאָן און עס האָט אים ניט גערט. אַזוי פֿון איין געדיכטעניש אין דער אַנדערער. דאָס בהמהלע פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט אָפּציפּן עטלעכע נאַסע גראָזן פֿון אַ וואָרצל און דערמיט האָט עס זיך מחיה געווען.

עס טוליען זיך די קאָרטשעס און פֿוילן צווישן דעם פּאַפּאָראָטניק. דער מאָך באַדעקט און טאָפּט־אַרום די ערד און די ביימער, און

עס מישן זיך און לעשן זיך אויס אין דער פֿאַרשטיינערטער טויבע־ניש די קאַלטע קולות פֿונעם וואַלד.

ר׳ בעניע פֿירט־אַרויס דאָס בהמהלע אויפֿן וועג. אַ רעגנדיקע רחבֿות. זיי גייען ביידע פֿאַרמאַטערטע, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, אָנגעלאָדענע, שווערע פֿון ניט טראַכטן.

ר׳ בעניע פֿלעגט אַרויסבאַקומען די רעיונות ניט טראַכטנדיק. און ס׳איז שטיל. די באַרוועסע פֿיס רויט פֿון קעלט און פֿאַרבלאָ־טיקט. עס רוקט זיך אַרויס די וואַטע פֿונעם פֿאַרשלומפּערטן קאַפּטן. ער שטעלט זיך אָפּ, קוקט־אַרום די בגדים זײַנע, די בגדים פֿון וואַלד.

בעניע, די יאַדלעס האָבן שיינע מלבֿושים!

## לוי דער מלווה

און לוי דער מלווה, ר׳ בעניעס אַ ברודער, האָט זיך איבער־געקליבן פֿון זאַסקעוויץ אין דער שטאָט ווילנע, וואָס אין ליטע. אין גיכן איז זײַן דעה געוואָרן זייער גרויס, מחמת ער האָט געפֿירט מסחרים מיט גענעראַלן און מיט גרויסע נגידים.

אַ טאָכטערל האָט ער געהאַט, איז זי געווען אַ פֿאַרשוין, די שענסטע פֿון ווילנע.

ער האָט אויסגעהאַנגען אַ שילדל פֿאַר זײַן הויז: דאָ וווין איך, לוי פּאַטאַשניק. ר׳ לוי האָט געהאַנדלט מיט וואַלד און מיט תּבֿואה. בײַ נאַכט, אין זײַן באַזונדערן חדר, פֿלעגט ער אַ מאָל הייסן, מען זאָל פֿאַר אים עפֿענען די סוחרישע ביכער. די שיינע טאָכטערל האָט אים געלייענט די חשבונות:

זײַנע תּבֿואה פֿירט מען אויף אַלע טראַקטן.
זײַנע געהילצן שווימען אויף אַלע טײַכן.
גאָלד פֿאַרזייט מען בײַ אים אין גאָרטן.
גאָלד ליגן זײַנע היבער.

לוי פּאַטאַשניק שמייכלט.

— געגנוי! — זאָגט ער צו דער טאָכטערל — קענסט גיין שלאָפֿן!

און אין זײַן באַזונדערן חדר גייט ער אַרום די גאַנצע נאַכט איבער די ווייכע טעפּעכער זײַנע און טראַכט:

— גאָלד איז, משמעות, גאָלד! גאָלד איז, משמעות, גאָלד!

## די דריי אורחים

ר׳ בעניע איז געזעסן אויף דער פּריזבע און אַרויסגעקוקט צום וועג אַרויס. עס איז געווען אַ ווײַסער פֿאַרנאַכט אין רײַסן. האָט ער געעפֿנט די אויגן און דערזען: דרײַ מענטשן קומען־אָן מיטן וועג.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און אַרויסגעגאַנגען די מענטשן אַנטקעגן.

דרײַ פֿאַרוואַקסענע ייִדן, באַפּעלצטע, מיט טאָרבעס אויף די פּלייצעס, זײַנען מיט שווערע טריט אָנגעקומען פֿון וואַלד.

ר׳ בעניע האָט זיך דערנענטערט צו די אורחים אויפֿן וועג און זיי אָפּגעגעבן שלום. די ייִדן האָבן אים אָפּגעענטפֿערט שלום, אים אָנגעקוקט און הייזעריק עפּעס אַ ברום געטאָן, אָבער אַ וואָרט ניט אַרויסגערעדט. (עס זײַנען דאָ מענטשן, וואָס עס איז זיי באַשידן געוואָרן צו שווײַגן).

ר׳ בעניע האָט די אורחים צוגעפֿירט צו דער שטוב און ברייט געעפֿנט פֿאַר זיי די טירן פֿון זײַן הויז. עס האָבן זיך טיף די ייִדן אײַנגעבויגן פֿאַר די אוסאַקעס [1] פֿון די טירן, מחמת זיי זײַנען געווען גרויס און הויך געוואַקסן. און אין שטוב איז שוין געווען צוגעפֿאַלן די נאַכט.

די אורחים האָבן פּאַמעלעך אָפּגעלייגט די טאָרבעס מיט די שטעקנס, עס האָט געשמעקט פֿון זייערע בגדים דזשעגעכץ און דער

[1] טירגעזימס (אייערשטע לײַסטן, שוועלן).

ריח פון וואַלד. ר׳ בעניע האָט די אורחים זײַנע מיט גרויסע חידור־שים באַקוקט.

אויף די ברייטע בענק אַרום טיש האָבן זיי זיך אַפּגעזעצט, די גרויסע גופים האָבן געשטאַרצט אין דער פינצטערניש, ווי קאָרטשעס פון אַלטע ביימער.

ר׳ בעניע האָט בײַ זיי געפרעגט: פון וואַנען זײַנען ייִדן?

דער עלטערער פון די אורחים האָט אויף אים אויפגעהויבן די ווײַעס, אַרויסגענומען די ליימענע ליולקע פון דער קעשענע און גע־זאָגט:

— פון רײַסן.

מער האָט ער ניט געהאַט וואָס צו פרעגן, מחמת די רעיונות זײַנען בײַ ר׳ בעניען געווען צוגעוואַקסן צום פליש.

און אין דער טונקעלניש, דער אומעטיקער, האָבן די בלויע שײַ־בעלעך געלויכטן און די ייִדן האָבן אויסגעלייגט זייערע פעלצן אויף די בענק.

ר׳ בעניע האָט אָנגעצונדן אַ קינעלע. די אורחים האָבן זיך משונהדיק אַ קער געטאָן אין דעם שטיבל, וואַרפנדיק שאָטנס אויף די ווענט. און די בהמה אין שטאַל האָט פון עפּעס געוווסט, איז זי אַרויס פון איר וואַרעמען שטאַל און האָט אַרײַנגעשטעקט דורכן פענצטער דעם קאָפּ אין שטוב אַרײַן. זי האָט זיך צוגעהאָרכט.

ר׳ בעניע האָט זיך אויך שטילערהייט צוגעזעצט צו דעם טיש פון די אורחים, געזעסן, געקוקט און געווען שטאַרק פאַרטאָן, מחמת ער האָט געוואָלט עפּעס אַ טראַכט טאָן און בשום אופן ניט געקאָנט.

מיט אַ מאָל טוט ער זיך אַ קער צו די ייִדן:

— אורחים, וואָס זאָל איך טאָן?

ס׳האָבן אים די אורחים אָנגעקוקט תמעוואַטע און שפּעטער צו האָט אים דער עלטערער פון זיי אַ פרעגן געטאָן:

— און וואָס צום עסן האָסטו?

— כ׳האָב ?!

— גאָר נישט.

— אַזוי? און וואָס איז דער שׂכל?!
— ניטאָ קיין שׂכל.
— ניטאָ קיין שׂכל?!

און דער עלטערער אורח, וואָס האָט אים געענטפערט, האָט זיך אָנידערגעלייגט אויף דער האַרטער באַנק מיטן רוקן צו אים, און מיט דעם פּעלץ האָט ער זיך אַריבערגעדעקט ביז איבערן קאָפּ, ווי די איבעריקע אורחים. זיי האָבן געוואָלט איינשלאָפֿן.

ר׳ בעניע איז געשטאַנען איבער אים.

אַ לאַנגע צײַט איז ר׳ בעניע געשטאַנען איבער אים. דערנאָך האָט ער פֿאַרלייגט די הענט אויף הינטן און שטילערהייט גענומען אַרומגיין איבער דער שטוב, און די בהמהלע אין פֿענצטער האָט אים נאָכגעקוקט.

עס האָט אים פּלוצעם אַ שאַרפֿן שניט געטאָן אַ רעיון, וואָס איז אים אַרײַנגעפֿאַלן אין קאָפּ. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם אורח און גענומען אים שלעפּן פֿאַר אַ פֿוס:

— און נאָך דעם וואָס? שטאַרבן, האַ?

דער אורח האָט גענומען ציִען מיט גאַר די כוחות דעם פֿוס פֿון זײַן האַנט, אָבער יענער האָט אים ניט אָפּגעלאָזן, ער האָט זיך נאָך העכער צעשריִען:

— וואָס, האַ? שטאַרבן?

און ער האָט זיך פֿונאַנדערגעוויינט:

— שטאַרבן?

די אורחים האָבן זיך געזעצט אויף זייערע געלעגערס און ער, ר׳ בעניע, האָט געקלאָגט, געכאַפּט זיך פֿאַר די ווענט, אַרומגעלאָפֿן איבער דער שטוב און אָן אַן אָטעם געוואָרפֿן פֿון זיך די בגדים און געשריען, ווײַל עס האָט אים, משמעות, וויי געטאָן.

האַלבע נאַכט זײַנען די אורחים אויפֿגעשטאַנען. זיי האָבן אָפּגעגאָסן בעגל־וואַסער און אַרויסגענומען די תהילים. זאַלבעפֿערט האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד. עס איז געווען קאַלט די ליימיקע פּאָדלאָגע, מחמת דעם קילן באַגינען. דאָס בהמהלע איז

נאָך אַלץ געשטאַנען אין דעם אייגענעם פענצטער און געפרוירן. קאַלט.

די ייִדן האָבן מיט זייערע הייזעריקע שטימען געזאָגט תהילים מיט אַ חשקדיקער התלהבות. זיי האָבן צוגעמאַכט די אויגן און גע־קוקט ניט אין דער וועלט. די ייִדן האָבן ניט געהערט די שטים וואָס רעדט, נייערט די פינצטערע שווייַגעניש, וואָס איז געלעגן אינע־ווייניק, און ניט געקאָנט אַרויסגיין. די תפילה פון אַן אָרעמאַן, וואָס איז פאַרטייַעט געוואָרן. און פאַר גאָט טוט ער אויסגיסן זייַן האַרץ...

און אין דער נאַכט האָבן זיך שוין גענומען אַרויסשיילן די ערשטע פייַערן פון דעם כאוּר.

ר׳ בעניע האָט זיך צום פרימאָרגן אַ ביסל אויסגעלייַטערט. די לאַנגע הענט האָבן זיך געבאָמבלט אַרום זייַן גוף ווי פרעמדע, געטייַטלט אין תהילים אַרייַן, קנאָכעדיק און קאַלט. ער האָט באַ־קוקט די אורחים, פאַמעלעך צוגעבויגן זיך צו זייַן שכנס אויער:

— וואָס איז אייַער מלאָכה, טייַערער אורח?

— אַ וואַסער־טרעגער.

— און אייַער מלאָכה?

— אַ קלעזמער.

— און אייַערע?

— אַ קוימען־קערער.

אים זייַנען געפעלן געוואָרן די חשובֿע מלאָכות.

די אורחים האָבן זיך אָבער דערווייַל אויפגעהויבן פון דער ערד און גענומען זיך גרייטן אין וועג אַרייַן.

ר׳ בעניע האָט זיך געפלאָנטערט אַרום זיי און ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל אָנהייבן צו טאָן.

איטלעכער האָט שווייַגנדיק אַ קוש געטאָן די מזוזה און מען איז אַרויסגעגאַנגען אין דער רויטער טונקעלניש פון דרויסן.

עס איז אַריבערגעפלויגן אַ בושאַן מיט צונויפגענומענע רויטע פיס פון איין לאַנקע אויף דער אַנדערער. ער האָט געקלאַפט כמעט איבער די קעפ מיט די פליגלען זייַנע.

דער דריטער אורח, אַ ייִד אַ בורטשער, וואָס האָט די גאַנצע נאַכט געשוויגן, האָט זיך מיט אַ מאָל צערעדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער. ער איז געווען מלא־חמה אויף ר׳ בעניען, געטענהט אַז ער, ר׳ בעניע, וועט ניט בײַשטיין, און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם צע־טומלטן מילנער פֿאַרן אַרבל און אַ ווײַז געטאָן אים אויף טרוקע־נעם פֿויגל אין הימל:

— אָט האָט דער פֿויגל געהערט צו די פֿויגלען (און ער האָט זיך אַרײַנגעקוקט צו אים אין סאַמע נאָז) און צו די חמורים!

דער דריטער אורח איז געווען אַ בייזערער ייִד, ער האָט מיט כּעס אויסגעשפּיגן, זיך ניט אומגעקוקט און אַ דערצאָרנטער אַוועק. ר׳ בעניע איז געבליבן שטיין געפּלעפּט, הגם ער האָט גאָר נישט פֿאַרשטאַנען.

דעמאָלט איז צו אים צוגעגאַנגען דער עלטערער אורח און בײַם געזעגענען זיך האָט ער אַזוי געזאָגט:

— וועסט האָבן אויסצושטיין נסיונות, בעניע!

און די דרײַ אורחים זײַנען אַוועק מיטן וועג צוריק אין וואַלד אַרײַן.

7

# בויטרע

דראַמאַטישע פּאָעמע אין 6 בילדער

# אייַנטיילנעמערס

אַהרן־וואָלף — פּרנס־חודש
ביילע — זייַן ווייַב
סטערע — זייַן טאָכטער, ביילעס שטיפֿטאָכטער
רב
יאָסעלע
ערשטער דיין, צווייטער דיין — בית־דין פֿון דער קהילה
יחיאל מלווה — גבאי
קלמן גיטעלעס
זימל — שרייַבער
באָנטשע קאַט — כאַפּער פֿון דער קהילה
בויטרע
לעמעלע פּוט
מעלקע
מיירים מאַרשעלעק, יעקל מיטן פֿידל, ניסן מיטן פּלייט, שבח מיטן פּויק, בערל מיטן באַס — קאַפּעליע פֿון דער קהילה

הויכער קרעטשמער
קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ
געלער קרעטשמער
ישובניק מיטן ציגענעם בערדל
ישובניק אין פּעלץ
ישובניק מיטן הייזעריקן קול
ערשטע יידענע
צווייטע יידענע
מחותן מיטן זיידן טיכל
מחותן משה־חיים
ירחמיאל — בעל־עגלה
יאַנקל שוסטער
אַסעסאָר

ישובניקעס, בעקער־יונגען, אָרעמע־לייט

## ערשט בילד

אַן אַסיפֿה פֿון קהל בײַם פּרנס־חודש אין שטוב. אַ גרויס צימער מיט װענעציאַנישע פֿענצטער אין הינטערגרונט. אַ שװערער מעשענער הענגלײַכטער אין מיטן שטוב. אין מזרח־װאַנט אַן עמוד און אָרון־קודש. אין מיטן שטוב — אַ שװערער דעמבענער טיש, בענקלעך. אײן טיר פֿון רעכטס, אײן טיר פֿון לינקס, אַ טיר אין הינטערגרונט צו דער גאַס. בײַ דער טיר צו דער גאַס אַ קופּערנער האַנטפֿאַס.

בײַם טיש זיצן: דער רב, ערשטער דיין, יחיאל מלווה, קלמן גיטעלעס, זימל שרײַבער. אויף אַ בענקל אין הינטערגרונט — באַנטשע קאַט. פֿון דרויסן קוקט־אַרײַן אין פֿענצטער ירחמיאל בעל־עגלה.

ירחמיאל — אין פֿענצטער — רב קלמן, איז מיט װעלכן װעג פֿיר איך די עופֿות? מיטן שװאַרצן גאַסטינעץ[1]? צי מיטן קרעװער װאַלד? ס׳איז, ברוך־השם, בײדע ניט זיכער. װאָדען?

קלמן גיטעלעס — קוקט־אַרײַן אין ספֿר — נו, פֿאַר שוין, בראַך אײנער, פֿאַר שוין! זאָל זײַן מיטן קרעװער װאַלד.

ירחמיאל — אין קרעװער װאַלד װאַלגערן זיך אַרום די ישובֿ־ניקעס, די געשרײען פֿון די װײַבער און קינדער דערגרײכן ביזן הימל. איר הערט, בעלי־בתים, װעדליק מע שמועסט, איז עס ערשט אַן אָנהײב. מע זאָגט, אַז מע װעט חס־ושלום ניט איבערלאָזן אין דאָרף קײן ייִדן, אויף אַ רפֿואה.

---

[1] שאָסיי, טראַקט.

ערשטער דיין — גזירות רעות!

רב — און וווּ איז ער, ר׳ אַהרן־וואָלף?

זימל שרייבער — ער זיצט אַט דאָ אַ. ווייזט מיט דער געגנד־זענער פֿעדער אויף דער טיר. מיטן אַסעסאָר פֿון נאָך האַלבן טאָג.

יחיאל־מלווה — שווערע צייטן הײַנט, סאַראַ יקרות. ניט צו־צושטעקן זיך צו אַ וועגל האָלץ. דייך, איר האָט אַ שמעק טאַבאַק?

קלמן גיטעלעס — אַ ייִד זאָל זיך ניט פֿאַרגינען קיין איגע־נעם שמעק טאַבאַק. סע קערט שוין בנאמנות צו דער גאַל, ר׳ יחיאל.

יחיאל־מלווה — קרימט־נאָך. גאַל־שמאַל, אַ גרויסער חכם! נו, וואָס איז מיט דעם אויסשטײַער פֿאַר ר׳ אַהרן־וואָלפֿס בתולה, טאַקע ניטאָ? באַפֿאַלן די פֿורן און טאַקע צוגעגזלט? און וועמען איז מען חושד, טאַקע די ישובֿניקעס?

צווייטער דיין — מע זאָגט, אַז דאָס טוען די ישובֿניקעס פֿון עגמת־נפֿש, פֿון הונגער און נויט, אָבער עס איז אויך פֿאַראַן אַ סבֿרה, אַז דאָס איז דער גזלן בויטרע, רחמנא ליצלן, וואָס וויל זיך איצ־טער נוקם זײַן אין שטאָט.

ערשטער דיין — בויטרע גזלן? איז ער טאַקע אַ בן־ישׂראל?

צווייטער דיין — בעוונותינו הרבים, אַן אַנטלאָפֿענער סאָל־דאַט און, ווערליק מע שמועסט, איז ער גאָר, רחמנא ליצלן, אַ בן־טובֿים אויך, שיִער ניט דעם ווילנער גאונס אַן איניקל, אַן עילוי פֿון וואָלאָזשין.

קלמן גיטעלעס — הייבט־אויף דעם קאָפּ פֿון ספֿר. וואָס ווילט איר האָבן, דייך? גאון־שמאָען! ס׳איז דאָך אונדזער ישׂראל דעם בעל־עגלהס בן. פֿאַר צוויי יאָרן אָפּגעגעבן אים אין נאָבאָר[2]. אָט זיצט ער, באַנטשע, געהאַט פֿון אים געבראָכענע צרות, עטלעכע מאָל געדאַרפֿט אים כאַפּן.

באַנטשע קאַט — וועמען? אָט דעם טריפֿענעם בייך!

קלמן גיטעלעס — שטיל צום בית־דין און צו יחיאל גבאי.

---

[2] מיליטער.

מע קומט און מע זעצט זיך דאָ אַוועק אויף דער אַסיפה ווי די גולמס. רייד, אַז ס'איז ניטאָ צו וועמען! קהל באַדאַרף זיך ניט מישן. איר וועט זען, ס'וועט זיך אויסלאָזן ניט גוט. אַהרן־וואָלף איז דעמאָלט באַשטאַנען, אַז מען זאָל אים אָפּגעבן. איך ניט. וואָס איז ווער שול־דיק?

רב — אַזוי?

קלמן גיטעלעס — מאָלט אײַך, אַז ס'איז געווען אַ יונגל אַ גזלן נאָך פֿון דער מאַמעס בויך. קוקט זיך אַרום. און דאָס מיידל, אַהרן־וואָלפֿס סטערקעלע... רעדט שטיל.

ערשטער דיין — אַזוי?!

קלמן גיטעלעס — וואָס האָט איר געמיינט, בײַ אַ פּרנס־חודש ווערט גלאַט אַזוי פֿאַרזעסן אַ טאָכטער? אַז דאָס געהערט ניט צו קהל? למאַי זאָל מען אָרײַנשלעפּן אַ גאַנצע עדה יִדן אין אַן אומגליק, ווען אַהרן־וואָלף האָט זיך דאָרטן זײַנע אייגענע געשעפֿטן? מע קאָן דאָך שוין ניט אַרויספֿירן קיין ביסל סחורה פֿון שטאָט! אדרבה, מע דאַרף אויסקלעפּן אַ מודעה אויף די בתי־מדרשים, אַז בכן מישט זיך ניט קהל אין די סיכסוכים, וואָס קומען־פֿאָר אין שטאָט, און יִדן סוחרים דאַרפֿן ניט לײַדן מיט זייער סחורה פֿאַר די עוולות, וואָס עס איז באַגאַנגען איין מענטש, זאָל זײַן אַפֿילו ר' אַהרן־וואָלף. אין צווייטן צימער הערט זיך דאָס זינגען פֿון אַ פּרויענשטים אַ פּויליש ליד. דאָס איז סטערקע. דער רבֿ און די דיינים פֿאַרשטעקן די אויערן.

רב — קול באישה... עס איז ניט רעכט... ניט רעכט.

קלמן גיטעלעס — נעמט זי מיט אין הויף. דאָרטן מיט די פּריצטעס. כּל דבֿר אָסור.

גערזאַנג הערט־אויף

יחיאל־מלווה — אָט ווייס איך וואָס, און די ישובֿניקעס, קלמן? מע זאָגט נאָך, אַז די ישובֿניקעס ראַבעווען דאָס?

קלמן גיטעלעס — און איר, יחיאל, מיינט, אויב איר זײַט אַ מלווה, איר פֿירט ניט קיין סחורה, זײַט איר פּטור פֿון אַלץ? וואָרט,

מע וועט זיך נאָך נעמען צו אַנדערע שטר עיסקאס[3] אויך און צו אַנדערע משכּנות אויך!

יחיאל־מלווה — ר׳ קלמן, שטאָט ווייס, אַז מע האָט אים אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן, אויך צוליב אַנדערער אַ גאַנדז. איך בין גראָד ניט שולדיק. וואָרעם וואָס טו איך וועמען? עס עפֿנט זיך די טיר לינקס, עס קומט־אַרויס דער אַסעסאָר, נאָך אים ר׳ אַהרן־וואָלף, קושט דעם אַסעסאָר די האַנט. אַלע שטייען־אויף, נעמען־אַראָפּ די שטריימלעך פֿון איבער די יאַרמלקעס, בוקן זיך.

אַהרן־וואָלף — דזשענקויע יאַסניע וויעלמאָזשניע פּאַניע דאָבראָדזיעיו... דזשענקויע פּאַניע[4]...

אַסעסאָר — דאָברע, וואָלוקאַ, דאָברע[5]! צו יחיאל גבאי. יחיאלקע! ווען וועסטו שוין אַ מאָל אָנטאָן אַ נײַע קאַפּאָטע? מע זעט דאָך בײַ דיר אַלץ אַרויס.

יחיאל מלווה — בײַ מיר איז אונטער דער קאַפּאָטע גאָר נישט דאָ, פּאַניע דאָבראָדזשעיו[6]. מ׳איז ברוך־השם מאָגער ווי די הינט.

אַסעסאָר — לאַכט. און ווו האַלטסטו דאָס געלט, יחיאלקע? מע זאָגט, אַז דו האַלטסט עס אין אַ בעטל בײַ זיך אויפֿן האַרצן. ס׳איז אמת?

יחיאל מלווה — אַ ליגן, פּאַניע דאָבראָדזשעיו, אַ ליגן! איך האָב ניט קיין גראָשן בײַ מײַן לעבן. דער דלות איז שוין דערגאַנגען ביז אָט אַהער.

אַסעסאָר — נו, סמאָטרע, דאָברע, זשידקו, דאָברע[7].

אַלע — דזשענקויע, פּאַניע דאָבראָדזשעיו, פּאַניע אַסעסאָזשע. אַסעסאָר אָפּ. אַהרן־וואָלף גייט צום טיש, פֿאַרנעמט מיט חשיבֿות דאָס אָרט פֿון פּרנס־חודש.

---

[3] וועקסל כּפי דעם האַנדלס־אָפּמאַך. — [4] אַ דאַנק אײַער הויכגעשאַצטן ליכטיקן וווילגעבוירקייט. — [5] געריכט־בײַזיצער, גוט, וואָלפקע. — [6] מײַן גוטהאַרציקער. — [7] מיר זעען, גוט, ייִדעלע.

אַהרן־װאָלף — בײַ אַהרן־װאָלפֿן נעמט מען ניט! בײַ אַהרן־װאָלפֿן כאַפּט מען ניט. ס׳איז ניט פֿאַראַן קײן איבערהאַנט בײַ ישׂר־אל. נאָר דאָס, װאָס אַ ייִדישע טאָכטער װעט איצט דאַרפֿן גײן צו דער חופּה, ניט װי עס פּאַסט פֿאַר אַ בת־טובֿים... איראָניש. בין איך מסתּמא װערט. איך באַשטײ, אַז קהל זאָל חתמענען, אַז די אַרויסגע־טריבענע ישובֿניקעס פֿון די דערפֿער װערן ניט אַרײַנגעלאָזט אין שטאָט. די הולטײַעס, אַז זײ זײַנען געבליבן אָן אַ הײם, האָבן זײ אַראָפּגעװאָרפֿן פֿון זיך אַל דאָס ייִדישקײט — און זײ פֿאַרנעמען זיך נאָר מיט גנבֿה און גזילה. מע הולטײַעװעט, מע שיכּורט. חוץ לזה טראָגן זײ אָן פֿאַרשײדענע שלאַפֿקײטן, היצקרענק, שקאַרלאַטינע, רחמנא ליצלן, מיט װאָס זײ זײַנען געשטראָפֿט געװאָרן פֿון גאָט. בלײַבט עס אַזוי. און מכּוח דעם בויטרע, װעט קהל אויך ניט שװײַגן, באַנטשע! דער אַסעסאָר װעט דיר מיטגעבן דעם קליוטשעװאָיט [8], װעט איר זיך לאָזן אין דער אומגעגנט פֿון ישובֿ צו ישובֿ דערקונ־דיקן זיך װעגן דעם: װער איז ער? װוּ געפֿינט ער זיך? מע זאָגט, אַז ער זיצט ערגעץ אין אַ סמאָליאַרנע. קהל װעט ניט פֿאַרטראָגן קײן תּקיפֿות פֿון גראָבע־יונגען. און למען השם, ייִדן: די חתונה פֿון אַהרן־װאָלף דעם פּרנס־חודשס טאָכטער װעט ניט אָפּגעלײגט װערן. די מחותּנים זײַנען שוין אין אַ גוטער שעה אונטערװעגנס. טוט אַ דיפּץ. איבער די צרות־רבים, איבער די גזירות, װוּ ייִדן פֿאַרלירן זײער מעמד, װעט די שׂמחה געפּראַװעט װערן כּפֿי אַ פּרנס־חודש קאָן. עס װעט ניט געשטעלט װערן קײן קױפֿן בראָנפֿן אויף די גאַסן. עס װעלן ניט געגרײט װערן קײן טישן פֿאַר אָרעמע־לײַט, כּדי ניט אַרויסצורופֿן חס־ושלום קײן קנאה בײַ די ביסל ערלעכע ישובֿניקעס, װאָס זײַנען אַראָפּגעטריבן געװאָרן פֿון זײער פּלאַץ און װאַלגערן זיך, נעבעך, אויף די פֿעלדער און אין די װעלדער. אַזוי בלײַבט עס. פֿרעג איך, צי איז קהל און בית־דין מסכּים מיט מײַן דעה?

יחיאל מלווה — קהל איז מסכּים.

---

[8] באַאַמטער, בײַ װעמען עס זײַנען דאָ די שליסלען.

קלמן גיטעלעס — קהל איז מסכּים. שטילערהייט: מסכּים שבמסכּים!

רב — בייגט זיך איַין צו די דיינים. ריידן שטיל צווישן זיך. בית־דין האָט זיך מיישבֿ געווען און איז מסכּים מיט דער דעה פֿון פּרנס־חודש.

אַהרן־וואָלף — זימל, טראָג־אַריַין אין פּינקס, אַז קהל איז מסכּים מיטן פּרנס־חודש. וואָס חלומסטו? ביסט ניט אויסגעשלאָפֿן? דאָס גאַנצע פּנים איז דאָך ביַי דיר מיט טינט.

זימל שרייבער — שלעכטע טינט, עס פּאַטשקעט.

יחיאל מלווה — גיב מיר אַ קאַפּעלע טינט, זימל. נעמט־אַרויס אַ פּלעשעלע.

אַהרן־וואָלף — וואָס נאָך פֿאַר אַן ענינים האָט קהל?

זימל שרייבער — בעקער־יונגען זיַינען געקומען מיט אַ השתּדלות צו קהל, אַז זיי ווילן מאַכן אַ חבֿרה... זיי ווילן ניט, זאָגן זיי, מע זאָל זיי פֿאַררעכענען צו די שלעפּערס און אָפּגעבן צו די רעקרוטן.

אַהרן־וואָלף — בעקער־יונגען אַ חבֿרה? דאָס איז ניט קיין מלאָכה. אַלע וויַיבער קאָנען דאָס. ווי איז די דעה פֿון קהל?

יחיאל מלווה — קהל איז מסכּים.

קלמן־גיטעלעס — קהל איז מסכּים.

רב — בייגט זיך איַין צו די דיינים. ריידן שטיל צווישן זיך. בית־דין האָט זיך מיישבֿ געווען און איז מסכּים מיט דער דעה פֿון פּרנס־חודש.

זימל שרייבער — זיי האָבן געזאָגט, אַז סיַידן זיי וועלן ניט האָבן קיין חבֿרה, וועלן זיי לויפֿן צו בויטרען, אַזוי ווי לעמעלע פּוט.

אַהרן־וואָלף — וואָס, הפֿקר אַ וועלט?

זימל שרייבער — און נאָך האָבן זיי געזאָגט, דער פּרנס־חודש אַהרן־וואָלף זאָל ניט מיינען, אַז ער וועט חתונה מאַכן זיַין טאָכטער פֿאַר דעם מאָהילנער רבֿס יינגל...

אַהרן־וואָלף — טאַרבעס! שלימזל, וואָס איז עס פֿאַר אַ רייד!

זימל שרייבער — אַזוי האָבן זיי געזאָגט. און אַז איך האָב בײַ זיי געפֿרעגט „פֿאַר וואָס?“, האָבן זיי געזאָגט: „איר וועט שוין זען פֿאַר וואָס“.

אַהרן־וואָלף — באַנטשע! הײַנט וועסטו אַרויסגיין מיט דעם קליוטשעוואַיט אין וועג אַרײַן. דו זאָלסט מיר דערגיין ווו געפֿינט ער זיך, דער אויסוואָרף. און אויב דאָס איז חיימקע ישׂראל דעם בעל־עגלהס, זאָלסטו מיר אים ברענגען אין קייטן, באַקומסט פֿער־ציק גילדן אין זילבער. באַנטשע, דו הערסט וואָס איך זאָג? מײַן טאָכטער סטערע איז אַן ערלעכע בת־ישׂראל און זי האָט קיין מאָל דעם חיימקען אין די אויגן ניט געזען. און אויב דער בויטרע איז איינער פֿון די אַרויסגעטריבענע ישובֿניקעס, זאָלסטו מיר אים אויך ברענגען אין קייטן. און אין דרײַ טעג אַרום, כ״ה סיוון, צום טאָג פֿון דער חתונה, זאָלסטו שוין דאָ, למען השם, זײַן צוריק. גיי, צייל שוין אויך איבער די פֿורן פֿלאַקס. זיי דאַרפֿן בײַ נאַכט אַוועק. זעקס און פֿערציק פֿורן. באַנטשע אָפּ. נו, בית־דין, וואָס וועט איר זאָגן צו אַזעלכע ייִדן? אַ שיינע מעשׂה, וואָס?

רבֿ — דבֿרים שלא יעשׂו בישׂראל! ר׳ משה דער דיין האָט אָבער דאָ געזאָגט, לאָ האָ ולא האָ! דער גזלן בויטרע זאָל גאָר זײַן, רחמנא ליצלן, דעם ווילנער גאונס אַן אייניקל, אַן עילוי פֿון וואָלאָזשין.

אַהרן־וואָלף — אַן עילוי פֿון וואָלאָזשין? דעם ווילנער גאונס אַן אייניקל? סע לייגט זיך אויפֿן שׂכל. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער חיימ־קע ישׂראלס איז שוין לאַנג אומגעקומען. פֿון רעקרוטן, ברוך־השם, אַנטלויפֿט מען ניט. פֿויזע. רבי, איר זײַט דאָך דער ערלעכער ייִד און דער בן־תורה, גיט מיר צו פֿאַרשטיין, וויפֿל ייִדן האָבן דאָס פֿון מיר צום לעבן אין מײַן אַליוניע, וויפֿל בין איך מפֿרנס פֿון מײַן ברויז און מײַן מיל, און פֿון מײַנע פֿלאַקס? פֿאַר וואָס האָבן מיך מענטשן פֿײַנט? פֿאַר וואָס וויל שטאָט דווקא זען אין מיר נקמה? פֿאַר וואָס, גיט מיר צו פֿאַרשטיין, רבי, טרײַבט אַ שטאָט רכילות, אַז זי, מײַן סטערקע, אַ כשרע ייִדישע טאָכטער, האָט געהאַט צו טאָן

מיט חיימקע בויטרע? איכ׳ל אַרעשטעווען [9], איכ׳ל מאַכן אַ שטאָט פֿון אַלמנות און יתומים! איכ׳ל פֿאַרשמײַסן ביז בלוט.

ערשטער דיין — גזלעוואַיסטווע [10]?

צווייטער דיין — מאַלע וואָס דאַרטן אַ נחות דרגא [11] קאָן אײַנפֿאַלן, איז דאַרף זיך דער פּרנס־חודש אַזוי מצער זײַן?

קלמן גיטעלעס — ר׳ אַהרן־וואָלף, מײַן סבֿרה איז, אַז דו ביסט גערעכט. אָבער זעסטו... קהל קאָן דאָך ניט... קהל קאָן דאָך, ווי זאָל איך זאָגן... פֿון קהל קאָן מען דאָך ניט... איר וועט זען, אַז ס׳וועט זיך אויסלאָזן ניט גוט!

אַהרן־וואָלף — מרה־שחורה, וואָס בעבעסטו! מרה־שחורה! איך פֿאַרשטיי ניט קיין וואָרט. עס איז אַ צרת־רבים. גזירות אויף ייִדן! און טאָמער איז אַ מאָל דער בויטרע ניט חיימקע ישׂראלס, האַ? טאָמער איז ער גאָר אַ היגער שׂררה, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף ייִדן? מע זאָגט אומעטום, אַז בויטרע איז גאָר אַ היגער פּריץ, וואָס פּראַוועט משוגענע געגנג. אפֿשר איז עס זשעליכאָוויצקי? סע לייגט זיך אויפֿן שׂכל, ער האָט אַנומלט אָנגעשיכורט אַלע אָקסן. נייך, דאָס איז ניט קיין ייִדישער דרך. אַ ייִד וואַרפֿט זיך ניט מיט זײַן האָב־און־גוטס, און דער בויטרע האָדעוועט דאָך די ישובֿניקעס.

יחיאל מלווה — פֿון וואַנעט נעמט זיך עס, ר׳ אַהרן־וואָלף, אַז אַ ייִד איז עס אַזוי להוט נאָך דײַן האָב־און־גוטס?

אַהרן־וואָלף — יאָ, איר, יחיאל, זײַט דאָך דער ייִד מיט דער ברייטער האַנט! מע זאָגט, אַז איר עסט מיט אַ פֿאַרמאַכט מויל, ווײַל איר זשאַלעוועט, אַז ס׳זאָל חס־ושלום ניט אַרויספֿאַלן קיין ברעקל.

יחיאל מלווה — און טאָמער טו איך עס נאָר פֿאַר דרך־ארץ וועגן? וואָס טרײַבט מען אויף מיר רכילות? בײַ מיר גייט־אַוועק אַכט קאָפּיקעס חודש אין חודש אויף צדקה. און איצטער, אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רציחות, האָב איך אַפֿילו מוסיף געווען נאָך אַ קאָפּיקע.

---

[9] אַרעסטירן. — [10] דער דרך פֿון אַ גזלן. — [11] (יבמות ס״ג) אַ געשלאָגענער, אַזאַ וואָס איז מיט אַ שטאַפּל נידעריקער.

אַהרן־וואָלף — וואָס דו קאָנסט שוין העלפֿן מיט דײַן צדקה! וואָס וויל אַ ייִד? אַ ייִד וויל ביט מער ווי האָבן אויף אַ לעבן. עמך ישׂראל צריכים פּרנסה. שלאָגט מען זיי, מאַטערט מען זיי, טרײַבט מען זיי איבער די דערפֿער.

רב — צרות אויף ייִדן!

צווייטער דיין — גזירות רעות. קהל אין בית־דין זיצט אַ לענגערע צײַט און קרעכצט. עס עפֿנט זיך פּלוצלינג די טיר און עס קומט־אַרײַן די קאַפּעליע קלעזמער.

קלעזמאָרים — האַק, וואַק־אַרײַן מיט באַיאַלניקעס. נעם־צו זײַן טשוראַליק, שבֿח! מיירים בעט סענדערצו מיט סטאַנדערצו [12].

אַהרן־וואָלף — וואָס איז?

מיירים מאַרשעלעק — ר׳ אַהרן־וואָלף, סע וועט פֿאַרקומען אַ חתונה צי ניט? די קאַפּעליע גייט אויף אַ באַל צו די זשעכאָוויצקיס. מײַנע שפּילפֿייגל קאָנען נאָך נעמען אַן איבעריקן טראָפּן און פֿאַרשפּעטיקן די חתונה.

אַהרן־וואָלף — למאַי זאָל איך עפּעס אָפּלייגן, חס־ושלום, די חתונה? וואָס האָט געטראָפֿן?

מיירים — כ׳ווייס, מע זאָגט דאָך, אַז מע האָט צוגעגנבֿעט דעם אויסשטײַער.

אַהרן־וואָלף — וואָסער אויסשטײַער? ס׳אַ ליגן! בײַ אַהרן־וואָלפֿן גזלט מען ניט! ס׳אַ רכילות.

קלמן גיטעלעס — שטילערהייט. אַ בעל־גאווה איז גוט צו שלאָגן.

מיירים — און בויטרע? וואָס איז מיט בויטרען? ס׳איז דאָך שוין אַ מורא אַרויסצוגיין אין שטאָט.

אַהרן־וואָלף — גייט, גייט קלעזמאָרים! כ״ה סיוון, אין דרײַ טעג אַרום, וועט זײַן די חתונה. און בויטרע? ס׳איז נאָך פֿאַראַן, ברוך

---

[12] שפּילווערטלעך פֿון קלעזמער־לשון.

השם, אַ מלכות און אַן אַסעסאָר און אַ תּפיסה. ס׳איז ניט הפקר קיין וועלט.

רב — נו, דיינים, מיר וועלן שוין אויך גיין.

יחיאל מלווה — מע דאַרף גיין, ס׳איז שוין נאָך האַלבער נאַכט. אַלע הייבן זיך אויף, גרייט צו גיין.

שבח מיטן פּויק — מען זאָגט דאָך, אַז די כּלה סטערע וויל פאַר אַ חתן דעם בויטרע.

אַהרן־וואָלף — וואָס רעדט איר? וואָס סטערע, וואָס בויטרע?

מיירים — שווייג, דו! אָט ווייס איך, וואָס דער אויסוואָרף פלוידערט דאָרטן אויף זיין קלעזמער־לשון.

אַלע — אַ גוטע נאַכט, ר׳ אַהרן־וואָלף, אַ גוטע נאַכט!

קלעזמאָרים — האַקן מיר צו פּוס צען וויאָרסט אין האַלבע־נאַכט. אַלע גייען־אַרויס. אַהרן־וואָלף בלייבט אַליין, זעצט זיך צום טיש, דעם קאָפּ פאַרבראָכן אין די הענט.ביילע, זיין ווייב, גייט שטיל אַרויס פון טיר רעכטס. זי שטעלט זיך אַוועק ביי אים הינטער דער שטול.

ביילע — אַהרן־וואָלף?

אַהרן־וואָלף — ניט גוט! ניט גוט!

ביילע — וואָס טוט מען מיט איר? מיט סטערען? זי זאָגט דאָך, אַז זי וועט ניט גיין אין וואַסער, זי וויל ניט. און אַז איך האָב געענ־מען ריידן! ריידן וועגן חתן, סאַראַ יחוס, סאַראַ אָפענער קאָפּ, האָט זי געענטפערט: דו הערסט, איך קאָן עס גאָר ניט ברענגען אויפן מויל. זי וועט אים דערשטיקן.

אַהרן־וואָלף — וואָס?! שפּרינגט־אויף.

ביילע — וואָס קאָן איך טאָן? איך בין דאָך ניט מער ווי אַ שטיפמאַמע. אין דער מיידל איז אַריין אַ דיבוק.

אַהרן־וואָלף — ווו איז זי? וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? ביילע, רוף זי! סטערקע! ביילע גייט־צו צו דער טיר און רופט זי אַריין.

ביילע — סטערע! סטערעלע, דער טאַטע רופט דיך! סטערקע קומט־אַריין איינגעוויקלט אין אַ פאַטשיילע.

אַהרן־וואָלף — קום אַהער, סטערע, זעץ זיך! איך וויל בײַ דיר פרעגן אַן עצה.

סטערע — זעצט זיך. נו?

אַהרן־וואָלף — פאַראַן אַ וועלט מיט מאַמעס מיט קינדער. ניט קיין פּרנס־חודש, פּראָסטע לײַט — מאַכט מען חתונה די קינדער צו דער צײַט: צו אַכט יאָר, צו עלף יאָר, צו פערצן יאָר! פרעג איך בײַ דיר: פאַר וואָס האָט זיך אויף מיר אויסגעגאָסן די תוכחה? און דיר אַרט גאָר ניט, וואָס דו ביסט אַ פאַרזעסן מיידל, האַ?

סטערע — איך האָב געוואָלט חתונה האָבן צו דער צײַט.

אַהרן־וואָלף — האַקט־איבער די רייד. דאָס האָב איך שוין געהערט! חכמה! איך האָב חוטא בעגל געווען! איך בין סוף־כל־סוף ניט מער ווי אַ מענטש. נו, גוט, דו האָסט דאָך געהאַט אַ חתן, אַ שיינעם חתן, אַ למדן, אַ בעל־הבית... האָסטו אָבער אַ טאַטן אַ רוצח און ער האָט אים אומגעבראַכט. חטאָתי! אָבער חיימקע איז דאָך שוין ניטאָ. ער איז דאָך געשטאָרבן אין די רעקרוטן, געשטאָרבן!

סטערע — און ווער איז בויטרע?

ביילע — ששש... רייד ניט אַזוי הויך... ששש...

סטערע — ס'איז גוט, וואָס בויטרע האָט צוגענומען דעם אויסשטײַער. איכ'ל זיך אָנטאָן אין שמאַטעס. איכ'ל אים שפּײַען אין פּנים אַרײַן, דעם שיינעם חתן. פּאהלעד, פּאהלעד, דאָס הויכע גערגעלע. יחיאל מלווה מיט אַסיגנאַציעס אין די זאַקן. עס טראָגט דאָך פון אַלעמען מיט דזשעגעכץ, מיט אָקעוויט. אוי, איכ'ל ניט אָפּשערן מײַנע האָר! קיין מאָל ניט... ווער וועט מיר דאָ העלפן, גאָט? איך האָב דאָך געקאָנט געבוירן ווערן אַנדערש ווו. איך האָב דאָך געקאָנט געבוירן ווערן בײַ די זשעליכאָוויצקיס, ניט קיין יידיש מיידל אַפילו. און ווער איז בויטרע? ווער איז ער? אַ רויבער? פאַר דער גערעכטיקייט! עס איז שוין באַשריבן געוואָרן אַזאַ מענטש. איר ווייסט ניט, איר ווייסט פון גאָר ניט.

אַהרן־וואָלף — חצופה, דו! חיימקע בויטרע איז אַ רוצח!

ביילע — איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַהרן־וואָלף, אַז פון די

לערערס, מיט דעם דײַטש, מיט די שרײַבעכצן וועט קיין גוטס ניט אַרויסקומען.

סטערע — איך וועל אַנטלויפֿן! איך וועל אַנטלויפֿן ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן. אין אָפֿענעם פֿענצטער באַווײַזט זיך בויטרע.

סטערע שטייט מיטן פּנים צום פֿענצטער, ציטערט־אויף. אוי!

ביילע — וואָס איז, טאָכטער.

סטערע קוקט אַנגעשטרענגט אין פֿענצטער. אַהרן־וואָלף און ביילע קערעווען זיך אויך אויס צום פֿענצטער. נאָר בויטרע איז שוין ניטאָ. דיי פֿאַרשטייען ניט וואָס עס קומט־פֿאָר.

פֿאָרהאַנג

## צווייט בילד

אַ ברעג וואַלד וואָס גייט־אַרויס צום טראַקט. אָפּגעוואַלגערטע פּעק בעטגעוואַנט, שטוביקע חפצים, פּעסער פֿון בראָנפֿן. קינדער שלאָפֿן. עס ברענען פֿײַערן און איבער זיי קאָכן זיך טעפּ. אויף די צווײַגן טריקענען זיך ווינדעלעך. שפּעט בײַ נאַכט. ייִדן און ווײַבער ליגן אַרום די פֿײַערן.

לעמעלע פּוט — עסט הון! בויטרע האָט געהייסן עסן הון! צו האַלבע שטיקער אויף אַ מענטשן. רחמיאל בעל־עגלה האָט זיך נעבעך געפּאַרעט. אַ ייִד אַ בהמה, אומקומען, אַבי ניט אָפּגעבן דעם וואָגן עופֿות. ישובֿניקעס, וואָס קלאָגט איר, וואָס זיצט איר שבֿעה? נעמט־אַרויס דאָס ברויט פֿון די זעקלעך! ווײַבער, זאָל זײַן געשמאַקע עוף! היגערשע זופּ פֿאַר די קראַנקע קינדער, שטיקער פֿאָלקע[13] פֿאַר די שיינע מיידלעך.

[13] אונטערשטער טייל פֿון עוף.

הויכער קרעטשמער — וואָס, עוף? עס קריכט, ברוך השם, ניט אין האַלדז. אַ שטאָט זאָל פאַרהאַקן די טויערן און ניט אַרײַנלאָזן פאַרטריבענע ברידער. מעג אַ דונער טרעפֿן אַזאַ שטאָט! קהל, ר׳ אַהרן־וואָלף דער פּרנס־חודש! אונטערצינדן דאַרף מען אַזאַ שטאָט.

ישובניק אין פעלץ — על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו... על ערבים בתוכה תלינו כנורותינו[14]...

הויכער קרעטשמער — איז וואָס? טאַקע אויס ישובניקעס? למאַי דווקא אויס ישובניקעס? פאַר וואָס ניט אויס תבואה־הענדלערס? וואַלד־סוחרים, אויס פּאַדריאַטשיקעס? זיי זײַנען ניט קיין ייִדן, חס־ושלום? משמעות, אַז גזירות אויף ייִדן זײַנען דאָך אויך ניט גלאָט אין דער וועלט אַרײַן... אַ גזירה איז אויפֿן קבצן, אויפֿן דלפון, אויפֿן וויסטן אָרעמאַן. און אין וואַלין, ייִדן, מיינט איר, אַז עס וועט זײַן בעסער? וואָס טרײַבט מען אונדז קיין וואַלין? אַן אָרעמאַן האָט צוויי ברירות: אָדער קריעה רײַסן, אָדער פאַרשוואַרצט ווערן.

ערשטע יידענע — פֿון פּאַדאָטן און געקרעמער־מעות[15] מאַכט מען חתונה טעכטער, וואָס קאָסט־אָפּ אין די טויזנטער.

ישובניק אין פעלץ — כי שם שאלונו שובינו דברי שיר ותוללינו שמחה... בת בבל השדודה אשרי שישלם לך את גמולך שגמלת לנו...

צווייטע יידענע — סטערינקע... אַ רבֿס אַ זון געפֿעלט איר ניט. זי דאַרף האָבן אַ קאָזאַק!

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — און איך האַלט, אַז מע וואָלט געדאַרפֿט גיין מיט גוואַלד אין שטאָט אַרײַן. ווײַבער וויינען.

לעמעלע פּוט — ווײַבער, הערט־אויף צו פלאַנכען[16]! אַמער, די קרעטשמערס האָבן אָפּגעברענט. זעט איר, דאָס וואָס מען לאָזט ניט אַרײַן אין שטאָט, וואָלט מען געדאַרפֿט טאַקע קהל ברעכן די

[14] (תהילים קלז, א׳) בײַ די טײַכן פון בבל, דאָרטן זײַנען מיר בעזעסן און געוויינט... אויף די ווערבעס, וואָס אין איר, האָבן מיר אויפגעהאָנגען אונדזערע האַרפן״ (יהואש־איב׳). — [15] שטײַערן. — [16] פאַרגיסן טרערן.

ביינער. ר׳ אַהרן־וואָלף האָט מורא, די הונגעריקע ישובֿניקעס זאָלן אים ניט פֿאַרשטערן די חתונה... ר׳ ייִדה, שטייט־אויף, נעמט אַ שטיקל עוף! ווי ליגט זיך אַ ייִד שלאָפֿן אָן וועטשערע?

דער אַנטלאָפֿענער ייִד — מיט אַ הייזעריקן קול. איך עס ניט פֿון קיין גזילה.

לעמעלע פּוט — אויך אַ צדיק אַ ייִד. ער עסט ניט פֿון קיין גזילה.

צווייטע יידענע — ייִדן וואַלגערן זיך אַרום אָן אַ דאַך, קינ־דער פֿאַלן־אַוועק אויף היצקרענק, אויף שקאַרלאַטינע, און דער פּרנס־חודש פֿראַוועט די חתונה פֿון זײַן שיינער זכרטע.

הויכער קרעטשמער — ייִדן, עמעצער קומט־אָן מיטן וועג.

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — ווו? ווו?

הויכער קרעטשמער — דער קליוטשעוואַיט און באַנטשע קאַט. באַהאַלט די עופֿות! לעשט־אויס דאָס פֿײַער! ייִדן, עס איז ניט גוט. הלוואַי זאָל איך ליגן זאָגן...

ערשטע יידענע — שײַע, ווו שלאָפֿן די קינדער? שײַע, דער קליוטשעוואַיט און באַנטשע קאַט! איכ׳ל די אַוועקנעמען אין וואַלד אַרײַן...

לעמעלע פּוט — שאַט, שאַט, עולם בהמות! לעשט ניט די פֿײַערן! וואָס טוט איר? גיסט ניט אויס די הון, איכ׳ל זיך אַ מעשׂה אָנטאָן! זיצט רויִק, בהמות! זעצט זיך עסן וועטשערע! וואָס ווילט איר האָבן? דער קליוטשעוואַיט און באַנטשע קומען־אַרײַן.

קליוטשעוואַיט — זשידקי? וואָס טוען אין מיטן נאַכט די זשידקעס אין וואַלד? פּעק אַזוי פֿיל?

לעמעלע פּוט — פּאַניע קליוטשעוואַיט, דאָס זײַנען די אַרויס־געטריבענע ישובֿניקעס פֿון די דערפֿער. אַהרן־וואָלף לאָזט זיי ניט אַרײַן אין שטאָט.

קלוטשעוואַיט — די ישובֿניקעס פֿון די דערפֿער...

באַנטשע קאַט — קוקט־אַרײַן אין די טעפּלעך. עוף אין דער וואָכן?

ערשטע יידענע — גוטע לײַט האָבן אונדז געקוילעט עטלע־כע עופֿות, צו אָטכײַען[17] די קראַנקע קינדער.

קלוטשעוואַיט — ישובֿניקעס גאַר? שש... ווייסט איר ניט ווו ער איז דאָ, דער בויטרע? דאָ דאַרף זײַן ערגעץ אַ סמאַליאַרניע. צי האָט איר אים ניט געזען, דעם בויטרע? אפֿשר דרייט ער זיך דאָ אַרום אין וואַלד?

הויכער קרעטשמער — ניין, ער איז דאָ ניטאָ.

ערשטע יידענע — דאָ זײַנען אַלץ ערלעכע ייִדן.

ישובֿניק מיטן ציגענעם בערדל — מע שמועסט, אַז ער געפֿינט זיך אַ פּאָר מײַל פֿון דאַנען, אין זאַסקעוויצער וואַלד.

הויכער קרעטשמער — נעמט אַ גלעזל אַקעוויט, פּאַניע קליו־טשעוואַיט.

לעמעלע פּוט — ער איז אַוועקגעפֿאָרן אין שטאָט, צום פּרנס־חודש אויף דער חתונה.

קלוטשעוואַיט — ניטאָ אים אין וואַלד, וואָס? בויטרע הייבט זיך אַרויס פֿון צווישן די פּעקלעך.

בויטרע — קומט, איכ'ל אײַך ווײַזן, ווו בויטרע איז.

קלוטשעוואַיט — און ווער ביסטו

בויטרע — איך בין דער נײַער בירברויער בײַ זשעליכאָוויצ־קין אין ברויז[18].

קלוטשעוואַיט — און וואָס טוסטו דאָ?

בויטרע — דאָס גיי איך אין שטאָט. איך האָב זיך צוגעלייגט דאָ אַ ביסל זיך אָפּרוען.

באַנטשע קאַט — דו ביסט מיר אַ קענטלעכער מענטש.

בויטרע — קומט, פּאַניע קליוטשעוואַיט. איכ'ל אײַך ווײַזן דעם בויטרעס באַהעלטעניש. אָט דאָ אָ, רעכטס, אין וואַלד.

באַנטשע קאַט — אָט דאָס איז ער, פּאַניע קליוטשעוואַיט.

---

[17] אָפּפֿרישן, שטאַרקן, פֿאַרטרײַבן דעם הונגער. — [18] בראָנפֿן־פֿאַבריק.

בויטרע גייט־פֿאַרויס, קלוטשעוואַיט און באַנטשע לאָזן אים אָפּ. זיי פֿאַרשווינדן צווישן די ביימער. לעמעלע נאָך זיי.

ערשטע יידענע — ווײַ און ווינד, וואָס וועט עס דאָרטן זײַן...

ישובניק אין פעלץ — ווער איז ער, דער יונגער־מאַן?

הויכער קרעטשמער — איך זע ניט ווער ער איז.

ישובניק אין פעלץ — ווו זײַנען מיר דאָ אַרײַנגעפֿאַלן, רבונו של עולם? סע קלאַפּט מיר אַ צאָן אין אַ צאָן. חנה־לאה, נעם נאָר גיכער צונויף די פעק! ווו ליגן די קינדער? עפּעס אַ פֿורל, ווען ס'וואָלט זיך געמאַכט. קום, מיר וועלן גיין צו פֿוס.

הויכער קרעטשמער — שאַ! איר הערט?

צווייטע יידענע — מע שרײַט, דוכט זיך.

אַלטער ישובניק מיטן ציגענעם בערדל — ניין. דאָס שרײַט אַ פֿויגל, אַ סיטש [19].

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — פֿאַרלאָזט זיך, יידן, ער וועט שוין הענגען אויפֿן האַטשיק.

ערשטע יידענע — קלאָגט. איי, וואָס וועט איצטער זײַן? העלף אונדז, גאָט, אין דער נויט! שטייט אונדז בײַ, אַבֿרהם, יצחק ויעקבֿ...

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — שווײַגט, יידענע! איר וועט אויף אונדז ברענגען כּל הצרות.

הויכער קרעטשמער — שאַט!

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — איר הערט?

אַלע — אַשרי תּמימי דרך ההולכים בתּורת אַדוני. אַשרי נוצרי עדותיו בכל לבֿ ידרשוהו. לעמל פּוט לויפֿט־אַרײַן, ווישט דעם שווייס פֿון פּנים, דאָס תּהילים זאָגן הערט־אויף. אַ ווײַלע טויטשטילקייט.

לעמעלע פּוט — יידן, עסן הוז, אַוו איז ברויט? עפֿנט אַ קויף! אויף וואָס האַלט איר עס, קרעטשמאַרעס? וואָס האָט איר ניט געזען? דער טויט איז ניט קיין נקמה, נאָר אַ וויגאָדע [20]. מיר פֿאָרן אין וואָליק, יידן, און מיר'ן שעפּן שטיקער גאָלד. זיצט ניט ווי טכוירן.

---

[19] רויבפֿויגל. — [20] באַקוועמלעכקייט, נוץ.

בויטרעס שטים — פון הינטער דער סצענע: שאַגאָם אַרש! אַט דוואַ! אַט דוואַ! מאַרש! פּאַשאָל וואָן [21].

דער איבערגעשראָקענער קלאָטשעוואַיט גייט־אַדורך ווי אַ סאָלדאַט דורך דער סצענע, גיט־אָפּ טשעסט [22]. ביים אויסגעשריי „פּאַשאָל וואָן" אַנטלויפט ער אין דער ריכטונג פון וואַנען ער איז געקומען. בויטרע קומט־אַריין.

ישובניק אין פּעלץ — אַף לא פּעלו עולה בדרכיו הלכו. אַתּה צוית פּקדיך לשמר מאד [23].

אַ געלער קרעטשמער — לויפט־אַריין דערשראָקן. יידן, אַ הריגה! באַנטשע קאַט, ליגט אַ דערהרגעטער נעבן אַ בוים. צי איז דאָס ניט אַ מאָל בויטרעס אַרבעט? וואָס שוויגט מען? ער ווערט דאָך אונדז אויסקוילען אַלעמען. אויף דער סצענע אַ טויטשטילקייט. בוי־טרע קוקט אויפן געלן קרעטשמער. דער געלער דערפילט בוי־טרעס בליק, קוקט זיך אַרום אויף די קרעטשמערס, און דער געלער נעמט אין שרעק אָפּטרעטן צוריק, פאַרשווינדט צווישן די ביימער.

ערשטע יידענע — פאַלט בויטרען צו די פיס. האָב רחמ־נות אויף אונדזערע קליינע קינדער, בויטרע, לאָז אונדז לעבן, טייע־רער! מיר וועלן דיר וואַשן די פיס, מיר וועלן דיר טאָן כל עבֿודת פּרך, נאָר לאָז אונדז איבער דעם נפש.

הויכער קרעטשמער — וואָס ווילט איר האָבן, יידענע? שטייט־אויף און גייט־אַוועק פון דאַנען! צו בויטרען מיט אַ שמיי־כעלע. זי מיינט, אַז איר זייט אַ הורג נפש. צו דער יידענע. בהמה! צי איז באַנטשע קאַט געווען אַ מענטש? דאָס איז דאָך געווען אַ חיה. ער האָט דאָך אָפּגעפירט צום טויט הונדערטער אָרעמע קינדער. איר הערט, חיים? אַט לאָזט מען אונדז אויך ניט אַריין אין שטאָט. צי איז

---

[21] אַוועק פון דאַנען! — [22] מיליטערישן סאַלוט. — [23] (תהילים קיט, ג׳) און זיי טוען ניט קיין אומרעכט, זיי גייען אין זיינע וועגן...

דאָס יושר? איר האָט געדאַרפֿט זען העלפֿן, מע זאָל אונדז אַרײַנלאָזן אין שטאָט אַרײַן.

בויטרע — הייבט זיך אויף צו גיין. איר זעט, ייִדן, צוריקגעקומען פֿון די רעקרוטן, ניט חיימקע, ניט ישׂראל דעם בעל־עגלהס, נאָר ווי אַ קללה פֿון גאָט, אַ בייזער יאָר... צו לעמעלע פוט. לעמעלע, ווו זײַנען די בעקער־יונגען?

לעמעלע פוט — אויפֿן שוואַרצן גאָסטינעץ.

## בויטרע אָפּ.

ישובניק אין פעלץ — אָט דאָס איז ער? בויטרע? אַ הורג נפֿש, ווײ, וואָס מען קאָן מאַכן פֿון אַ מענטשן! איך מוז אײַך זאָגן, אַז איך בין צום ערשטן מאָל בײַגעווען אַזאַ רציחה. אַ גרויל, ס׳וועט נאָך אויסגיין צו אונדזערע קעפּ. תּפֿילה לעני כי יעטוף ולפֿני אַדוני ישפּוך שׂיחו. אַדוני שמעה תּפֿילתי ושועתי אליך תּבֿוא[24]...

קרעטשמער מיט געשפּאָלטענער ליפּ — מײַנע צרות אויף זייערע קעפּ!

צווייטע ייִדענע — שמואל, וואָס איז מיט דיר, שמואל? ייִדן, האָט רחמנות! נעמט־צו בײַ אים דעם בראָנפֿן. ער וועט זיך אַ מעשׂה אָנטאָן.

אַלטער ישובניק מיטן ציגן בערדל — ייִדן זאָלן ווערן אַזוי אויסגעלאָסן, עס איז אַ בושה און אַ חרפּה!

ישובניק מיטן הייזעריקן קול — וואָס איז, גזירות אויף ייִדן! שוין אַכט יאָר, ווי מע טרײַבט די ישובניקעס. אַ ייִד דאַרף אָננעמען אַלץ פֿאַר גוט. בעסער, פֿרימער ווערן אַ ביסל. אַלץ איז נאָר אַ שטראָף פֿאַר די אייגענע מעשׂים טובֿים.

קרעטשמער מיט געשפּאָלטענער ליפּ, הער־אויף, באָק!

געלער קרעטשמער — קומט־אַרײַן. שיינע מענטשן, ניטאָ

---

[24] (תהילים קב, א׳) אַ תּפֿילה פֿאַר דעם געדריקטן, ווען ער פֿאַרגייט זיך און גיסט־אויס פֿאַר גאָט זײַן קלאָג...

וואָס צו ריידן. איר זעט, איר זיצט דאָ, וואָס שוויַיגט איר? וויפל האָט געפעלט? איך בין שוין געשטאַנען מיט איין פוס אויף יענער וועלט. שיינע מענטשן? איטלעכער טראַכט נאָר וועגן זיך.

הויכער קרעטשמער — אין דעם גרויסן הונגער האָט מען געוווּסט, אַז מע שטאַרבט פון גאָט. איצט אָבער שטאַרבט מען פון מענטשן. פון איין זיַיט דער שיינער מלך, ניקאָלײַקע, ימח שמו, פון דער אַנדערער זיַיט — אַהרן־וואָלפקע!

קרעטשמער מיט געשפּאָלטענער ליפּ — איך וויל פון גאָר ניט וויסן, יידן. איך וועל מיך דערטרינקען אין בראָנפן. ווו איז יאַנקל? יאַנקל, עפן־אויף דאָס פעסעלע אָקעוויט. ביז וואַנען איז נאָך וויַיט. וועסט סײַ ווי אויסציִען די פיס...

ערשטע יידענע — אײַ, ער האָט שוין ברוך השם מער אין דעשל, ווי אין פלעשל.

ישובניק מיטן הייזעריקן קול — אַז עס טרעפט אַזאַ זאַך, ווי אַ גזירה, דאַרף מען זיך, אַדרבה, אָפּהאַלטן פון עסן און טרינקען. גוזר תענית זיַין. און דאָ פרעסט מען געגזלטע עופות. מע טרינקט און מען זויפט. סע וועט זיַין ניט גוט.

געלער קרעטשמער — איר ר׳ ייד, האָט געדאַרפט זיַין אַ רבֿ ערגעץ אין שטאָט און ניט קיין ישובֿניק. די קרעטשמאַרעס טרינקען, אַרומגייענדיק איבערן וואַלד, האַלטן שטיקער הון, גריזשען, שרייַען „לחיים!״, שרייַען, וויינען, קושן זיך. פון הינטער דער סצע־נע הערט זיך ירחמיאל בעל־עגלהס קול.

ירחמיאל בעל־עגלה — יידן זאָלן זיך לאָזן אויף גזילה? דאָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן. ישובֿניקעס זיַינען דאָס? רוצחים זיַינען דאָס! און אַז מען איז הונגעריק, עסט מען עוף? וואָס שטופּט איר מיר בראָנפן, צו אַל די שוואַרצע יאָר?!

מעלקע און נאָך יונגען פירן אים אַריַין, לאָזן אים נאָך

געלער קרעטשמער — נעם אַ פוס, ירחמיאל. סײַ ווי אַנגע־קומען דער קץ. אויף יענער וועלט וועט מען ניט געבן.

אַלטער ישובניק מיטן ציגן בערדל — און דו מיין ניט, ירחמיאל, אַז די ישובניקעס גזלענען ניט דײַנע הינער.

ירחמיאל בעל־עגלה — וואָסי? ס'איז מײַנע הינער? ס'איז קלמן גיטעלעס הינער.

אַלטער ישובניק מיטן ציגן בערדל — די עופות האָט בײַ דיר אָפּגענומען בויטרע.

ירחמיאל בעל־עגלה — דערשראָקן. בויטרע? ער? ווו איז ער? ער איז דאָ ניטאָ. ער אַליין? אַזוי?! דעם ווילנער גאונס אַן אייניקל? אַן עילוי פֿון וואָלאָזשין?

געלער קרעטשמער — וואָסער וואָלאָזשין? וועלכער גאון? ס'איז דאָך ישׂראל בעל־עגלהס בן. דער אַנטלאָפֿענער סאָלדאַט.

ירחמיאל בעל־עגלה — חיימקע? ער? טאַקע אַנטלאָפֿן? אַזוי?!!!

געלער קרעטשמער — אַ שיינע פּרי, ניטאָ וואָס צו ריידן. נו, לחיים!

ירחמיאל בעל־עגלה — טרינקט און פֿילט ניט אַז ער טרינקט. אַזוי, חיימקע ישׂראלס? ווו איז ער? דער טאַטע זײַנער, ישׂראל, אַ ברודער מיט אַ ברודער, אויך אַ בעל־עגלה. וואָדען? אַן ערלעכער ייִד געווען. אַזוי? חיימקע? דעם טאָג, ווען ישׂראל איז אָנגעקומען, געדענק איך נאָך הײַנט. ס'איז געווען אַן ערב פּורים. דער שליטוועג האָט נאָך געהאַלטן. ער האָט געפֿירט אַהרן־וואָלפֿס פֿלאַקס. איז ער געפֿאָרן מיטן אײַז און אַראָפּ אײַן וואָסער מיט די פֿלאַקס, מיטן וואָגן און מיט די פֿערד. וואָדען? נו, די מאַמע איז געבליבן אַן אַלמנה. וואָס האָט זי געקאָנט טאָן? אַזוי, טאַקע בויטרע? אַז ס'איז גאָר אַ מורא דאָ צו זיצן בײַ אײַך. דער געלער ייִד מיטן קווערטל צעקלאַפּט זיך מיט אים. ער טרינקט־אויס און פֿילט ניט. האָט פֿײַנט בתכלית שׂנאה אַלעמען. איך וועל אײַך זאָגן דעם אמת: ער מעג פֿײַנט האָבן. אויף אים האָט קיינער קיין רחמנות ניט געהאַט. ווער עס האָט געהאַט אַ האַנט — האָט געשלאָגן. הערט... און אַהרן־וואָלפֿס מיידל וויל טאַקע ניט חתונה האָבן צוליב אים? פֿאַרליבעט אַזוי? נו

וואָדען? ווי נעמט עס טאַקע קהל אַן אָרעם ייִנגל און שיקט אים אויפֿן טויט. טו־ינק־אויס נאָך אַ מאָל.

געלער קרעטשמער — נאָ, פֿאַרבײַס, ירחמיאל! גיט אים אַ שטיק עוף.

הויכער קרעטשמער — מיטן קווערטל אין האַנט. און אויב ישובֿניקעס לאָזן זיך טרעטן מיט די פֿיס, איז ווער שולדיק? בהמות, מע דאַרף גיין אונטערצינדן די שטאָט.

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — טאָ וואָס שווײַגט מען? אַז דער גאַנצער המון וועט זיך לאָזן, וועט מען פּועלן.

געלער קרעטשמער — אַוודאי פּועלן! מאַכן להרוג ולאַבד. מע דאַרף אויפֿוועקן די ישובֿניקעס, אַלעמען, זאָל מען גיין, זיי לאָזן זיך אין טיפֿן וואַלד.

ירחמיאל בעל־עגלה — זעצט זיך צו אַ ביסל שיכּורלעך. אַזוי? און איר ווייסט ווער ס׳האָט אים געכאַפּט? באַנטשע קאַט! אין דער ווײַבערשער שול, וואָדען?

ישובֿניק מיטן ציגענעם בערדל — דערמאָן ניט קיין מת, ירחמיאל, ער האָט שוין דערהרגעט באַנטשע קאַט.

ירחמיאד בעל־עגלה — דערהרגעט באַנטשע קאַט? אַזוי? ווו איז מײַן פֿערד? מע דאַרף פֿאָרן אַהיים. אַהאַ!... נו, וואָדען?... דער־הרגעט! קוקט זיך אַרום. איר הערט וואָס איכ׳ל אײַך זאָגן: שטאָט וועט ניט זשאַלעווען... אַ טריפֿענער ביק! ער רעדט עפּעס צו זיך. דער קאָפּ איז אים שווער. אַזוי, חיימקע? נו, אַ פֿריילעכער יונג, ווו, וואָס? אויף אַלע חתונות געווען. וואָדען? אַזוי, דערהרגעט באַנ־טשע קאַט?

געלער קרעטשמער — לויפֿט־צוריק. איז געגאַנגען? אַלע! מיט קינד און קייט! קומט אין שטאָט! מיר׳ חרובֿ מאַכן קהל.

הויכער קרעטשמער — אַז ס׳איז ניטאָ וואָס אָנצוווערן, וואָס איז, מע וועט חס־ושלום אַפּנעמען די קרעטשמעס?

ישובֿניק מיטן הייזעריקן קול — ווו לויפֿט איר, ייִדן? זעט, איר וועט חרטה האָבן. ייִדן, זײַט זיך מיישבֿ וואָס איר טוט.

קרעטשמער מיט צעשפּאַלטענער ליפּ — דערלאַנג אים, דעם קורעניצער באַק, דערלאַנג אים!

פאַרשיידענע שטימען — שולדיק איז ער נאַר, אַהרן־וואָלף.

שטימע — די גבאים. און בית־דין איז בעסער? אַ תּל מאַכן פון אַלץ, אַ סוף זאָל עס נעמען. אָפּנעמען די משכּנות בײַ דעם קמצן, בײַ יחיאל מלווה. מײַנער אַ קופּערנער הליאַק [25], מײַנע אַ שטר עיסקא. אַט איז דער וועג.

בויטרע — קומט־אַרײַן. שיכּורים? זאָל זיך ניט דערוועגן קיי־נער! די שטאָט איז מײַנע מיט אַלץ מיט אַנאַנדער. איך בין איר רעקרוט. וואָס מען דאַרף צינדן, וועל איך צינדן. איך אַליין.

הויכער קרעטשמער — וואָס הערט איר אים? לאָז, טריפּע־נער יונג, מיר׳ן אים צעטרעטן אויף אַש.

געלער קרעטשמער — ער איז בלאַט [26] מיט אַהרן־וואָלפן. ער קלײַבט זיך נאָך חתונה האָבן מיט סטערען.

בויטרע — ווי? איר אויך אויף מיר? כאַפּט־אַרויס אַ האַק פון אונטערן פּעלץ. כּלבים!

אַלע — אײַ! טרעטן־אָפּ צוריק.

געלער קרעטשמער — שפיכת־דמים! ער וועט אויסהרגע־נען די גאַנצע וועלט. עוכר־ישראל!

אַ קליינער ישובניק — וואָס האָסטו צו מיר, חיים?

בויטרע — צום געלן. הער, דו ביסט דער זאַסקעוויצער קרעטש־מער?

געלער קרעטשמער — ניין, גאַר, וואָס איז דען? איך ניט.

בויטרע — יענער איז אויך געווען אַ געלער. פאַר צוויי יאָרן, איך בין געלאָפן מיטן טראַקט. באַנטשע האָט מיך געיאָגט. איך האָב זיך בײַ נאַכט אַרײַנגעכאַפּט צו אים אין פּירהויז. איז ער אַרויס, דער

---

[25] בונקע, אַ מעטאַלענע כּלי מיט אַ העלדזל (אין פרומע הײַזער האָט מען אַזוי אַרום געהאַט הייסע טיי שבת). — [26] יד־אַחת (ווי צווישן גנבים), אָפּגעמאַכט.

געלער, האָט מיר געגעבן מיט אַ קופּערנעם קענדל איבערן קאָפּ און אַרויסגעוואָרפן.

געל'ער קרעטשמער — ניט איך. דאָס איז ניט שיין פון זיין זייט. אַ גראָבע זאַך געווען. אַדרבה, ער האָט דיך געדאַרפט אַריינגע־מען אין שטוב און פּריטוליען [27]. דו ביסט נאָך אַ יתום אויך דערצו. און אין דער תורה שטייט געשריבן, אַז אַ יתום דאַרף מען העלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך איז.

צווייטע יידענע — מאַלע וואָס עס איז אַ מאָל געווען, דאַרף מען טראָגן אַ שנאה אויף דער גאַנצער וועלט?

הויכער קרעטשמער — און וועגן קרעטשמאַרעס פּאַסט צו זאָגן, אַז אָפּעסן און אַ נאַכטלעגער און ברויט מיט אַ ציבעלע האָט מען אַלע מאָל געקראָגן.

בויטרע — איך וועל מיין זאַך אַליין באַשטיין. איכ'ל אַליין. איר וועט מיר געבן ברויט מיט ציבעלע אויפן וועג? מאַראַטשעט [28] ניט דעם קאָפּ. מען האָט מיך געפירט מיט דעם שוואַרצן גאָסטינעץ. יעדע עטלעכע וויאָרסט איז געשטאַנען אַיערע אַ קרעטשמע. איך האָב געזען דורך די ברעטלעך פון וואָגן, ווי איר ביי די שוועלן פון די קרעטשמעס זייט געשטאַנען און גערייכערט די ליולקעס. צי איז ווער צוגעגאַנגען צו מיר און געגעבן אַ טרונק וואַסער?

אַלע — שווייגן.

בויטרע — ערשט איצט ווייס איך. אָט די זאַך דאַרף מען טראַכטן לאַנג. עס וויזט זיך אַרויס, אַז קיינער איז מיר ניט שולדיק געווען קיין טרונק וואַסער.

צווייטע יידענע — וואָס הייסט שולדיק? ווער זשאַלעוועט עס אַ ביסל וואַסער? ניכטערט זיך אויס. בויטרע ענטפערט ניט. רוקט זיך אָפּ און זעצט זיך ביי אַ קויף [29]. די קרעטשמאַרעס גיי־ען־אָפּ הינטערן וואַלד. די אָנגעשראָקענע פאַלן אויף דער ערד, ווערן אַנטשלאָפן.

---

[27] צוטוליען. — [28] פאַרקלאָפּט, פאַרטומלט. — [29] קופליע ביר.

אַלטער ישובניק מיטן ציגן בערדל — בעט זיך אויס אויף דער ערד צו שלאָפֿן. הער, חיים, אַזוי לעבט מען ניט. אַזוי וועס־טו, חס־ושלום, אומקומען. אַ מענטש דאַרף צו עמעצן צושטיין. נו, יאָ, וואָס זאָלסטו נעבעך טאָן? האָסט דאָך קיין אַנדער ברירה ניט. אָבער מיט די עטלעכע האָלעדראַנצעס[30] דײַנע וואָס וועסטו מאַכן? אדרבה, האָסט געדאַרפֿט ניט אײַנרײַסן זיך מיט ישובֿניקעס, זיי זײַנען אויך נע־ונד ווי דו. און צוזאַמען, איך ווייס? אַוועקפֿאָרן אין וואָלין... עס שרײַט אַ נאַכטפֿויגל. וועסטו אפֿשר זיך דאַרפֿן ערגעץ צושרײַבן.

בויטרע — איך בעט בײַ קיינעם ניט, ר' ייד.

אַלטער ישובניק מיטן ציגן בערדל — אָבער אַליין לעבט מען דאָך ניט. עס שרײַט דער נאַכטפֿויגל. אַליין לעבט אַ סיטש. דו הערסט? ער זיצט אויפֿן בוים מיט אָפֿענע אויגן און שעלט די וועלט.

בויטרע — אָבער ער הרגעט אויך אַליין... אַ בייזער יאָר! איך האָב געזען. עס ווערט שטיל. אַלע שלאָפֿן אײַן. בויטרע שפּאַרט אָן דעם קאָפּ צום קויף און בלײַבט זיצן אַ לענגערע צײַט. זינגט:

וועלדער שטייען בײַ די זײַטן,
סאָסנעס און יעלן[31] —
אויף די שליאַכן קלאָגן ייִנגלעך
אין לאַנגע שינעלן.

פייגל זיצן אויף די צווײַגן
נאָר סע זינגט ניט קיינער —
בײַ די וועגן ליגן אומעטום
די רעקרוטסקע ביינער.

וועלדער שטייען בײַ די זײַטן
ווי די גרינע עדות;
אַ טהרה־ברעט וועט מען אַרײַנטראָגן
צו דעם פּרנס־חודש.

---

[30] הפֿקר־יונגען. — [31] נאָדל־ביימער.

לעמעלע פּוט — לויפֿט־אַרײַן. אַהרן־וואָלפֿס פֿורן פֿלאַקס קו־מען־אָן מיטן שוואַרצן גאָסטינעץ. יאָ. ביידע אָפּ. עס טאָגט. די קלעזמאָרים קומען־אַרײַן שיכּורלעך.

ניסן — שבֿח, אָט דאָ שלאָפֿט מען. מיר זײַנען שוין מסתּמא געקומען אַהיים.

שבֿח — אויב אַהיים, טאָ פֿאַר וואָס שילט מיר ניט די ווײַב?

ניסן — הערסט, ער ווייסט ניט פֿאַר וואָס. ווײַל דו ביסט הײַנט געקומען ניכטער.

שבֿח — זינגט. האישה מרת חיה־זלאַטע, אַ רוח אין דײַן טאַטנס טאַטע [32]. אָן ניגון. דאָס דרימלען די ישובֿניקעס.

מיירים — און ווו עס טוט אַ פֿידעלע אַ יענטש [33] אויפֿן קול, און ווו עס טוט פֿון שלאָף אַ טאַראַבענטש [34], און ווו עס טוט אַ קלאָג אַ פּײַפֿל...

אַלע — דער שיכּור מיטן קווערטל, דער שענקער בײַ דעם פּאַס, יעקל מיטן פֿידל, בערל מיטן באַס.

יעקל — דרײַ מעת־לעת שיכּורן — דאָס איז ניט פֿאַר מײַ־נע כּחות. ייִדן, איכ׳ל פֿון דעם בראָנפֿן קריגן די דער [35].

שבֿח — טאָ למאַי, יעקל, טרינקסטו?

יעקל — איך טרינק? אָט זי טרינקט. ווײַזט אויפֿן פֿידעלע. וואָס זשע מיינסטו. אַ פֿידעלע דאָס איז דײַן טשוקאַלניק [36]? סוכטש מאַ־ראַבוטשו [37] שבֿח, אַ פֿידעלע האָט האָלט אַ ביסל בראָנפֿן.

ניסן — הײַנט וואָס זאָל שוין זאָגן אַ פּײַפֿל? אַ פּײַפֿל דאַרף האָבן זייער ווייניק: אַ האַלב קווערטל איז איבערן קאָפּ. אַ פּײַפֿל, ווי באַלד דו בלאָזסט, בלאָזסטו דאָך שוין אַרײַן דײַנע מענטשלעכע גע־דאַנקען. ורוח אלהים... אָבער אַ פֿידעלע אַרבעטסטו דאָך נאָר מיט די הענט. אַ האַק שפּילט? ס׳איז דאָך פֿיר סטרונעס מיט אַ האָלץ,

[32] (בדחניש) צום גראַם. — [33] קלאָג. — [34] אַ זיפֿץ. — [35] סוכאַטע, טובערקולאָז. — [36] (שוואָכקייט) אָנשפּאַר. — [37] קלעזמער־לשון.

אַז ס׳זאָל כאַפּן פאַרן האַרצן. איר הערט, קדושים, אָן דעם גוטן כוס וועסטו מיט אַ פידעלע ניט אַדורכקומען.

שבח — נעם־צו ביי מיר די ווייב, וועל איך אייך שפּילן אַפילו אויף אַ פּלאָקן.

מיירים — און אָט, אַז איך דאַרף שפּילן אויפן גאָרגל. דאָס, ברוך השם, פאַרשטייט איר ניט, אַז אַ מאַרשעליק איז שווערער פון אַלץ.

יעקל — אַ האַק שפּילט אויף אַ גאָרגל.

בערל באַס — שיכורים, צו אַל די שוואַרצע יאָר! איר וועט האַקן גיכער צי ניט? מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט.

יעקל — אַ קלעזמער האָט ניט קיין עולם־הבא. ער לעבט נאָר צוליב שפּילן. און אויב עס איז אים אַ שאָד צו שטאַרבן, איז עס נאָר דערפאַר ווייל ער דאַרף זיך געזעגענען מיט דער כוסע.

בערל באַס — נו, גיי שויך, קערעש[38]! מיר׳ן נאָך פאַרשפּעטיקן צו דער חתונה.

ניסן — זינגט. און ווער וועט קומען צו ר׳ אַהרן־וואָלף אויף דער חתונה?

מיירים — און ווער וועט קומען צו ר׳ אַהרן־וואָלף אויף דער חתונה?

דער רב מיט דעם באַלעמער,
די קראָמען מיט די קרעמער,
דער שולהויף און די באָד,
דער שוחט מיט דעם חלף
דער שבת מיט דער חלה
דער ברונעם און די ראָד.

דער שיכור מיט דעם קווערטל.
דער קרעטשמער מיטן פּאַס —
יעקל מיטן פידל
בערל מיטן באַס.

---

[38] קריסער (?).

בויטרע — שפּרינגט אַרײַן אין וואַלד אַ פאַרסמאַליעטער. עס טראָגט פון אים אַ רויך. ווער זײַט איר?

די קלעזמאָרים איבערגעשראָקענע רוקן זיך איינעם צום צווייטן.

יעקל — מיר זײַנען קלעזמאָרים. מיר גייען פון אַ באַל בײַ די זשעליכאָוויצקיס. זײַט מוחל, און ווער זײַט איר?

בויטרע — בויטרע.

אַלע — פעלט אין כּתבֿ־יד.

בויטרע — און וווהין גייט איר?

מיירים — מיר דאַרפן באַווײַזן אויף אַהרן־וואָלפס חתונה בײַ דער טאָכטער. בײַ די זשעליכאָוויצקיס האָט מען אַרײַנגעגראָבן אין דער ערד פעסלעך מיט בראָנפן, ווי די קרעניצעס. האָט מען, ברוך השם, געזופט פון איעדער קרעניצע. און איצטער, ווי איר זעט, דרייט זיך דער וואַלד אַרום אונדז. מע קאָן אַהיים ניט דערגייך.

בויטרע — הײַנט איז די חתונה?

אַלע — הײַנט.

בויטרע — דו גיב אַהער דײַן פויק! נעמט־אַראָפּ פון שבֿחן די פויק. טוט־אָן אויף זיך. ווו קלאַפּט מען? אַט אַזוי? איך גיי מיט אײַך אויף דער חתונה.

מיירים — מיר זײַנען אָרעמע קלעזמאָרים. וואָס ווילט איר האָבן?

בויטרע — די צונג צווישן די ציינער! אַ בייזער יאָר! שווײַגן אויף דער חתונה און הערן וואָס איך וועל זאָגן!

שבֿח — בויטרע, האָט רחמנות, איכ׳ל אײַך ניט געבן דעם פויק. איך קאָן ניט. וואָס וועל איך טאָן אַ גאַנצע נאַכט אָן אַ פויק? אַ קלעזמער האָט משוגענע בלוט. האָט רחמנות, נעמט אפשר בײַ בערלען דעם באַס!

בערל — אָקס! איכ׳ל דיר באַלד געבן אַ באַס, וועט דיר ווערן קאַלט און נאַס!

שבֿח — האָט רחמנות, מײַן ווײַב טרײַבט מיך פון שטוב. איך קאָן ניט אָן דעם פויק. לינקס באַווײַזט זיך אַ שטאַרקער רויך. דער

הימל ווערט רויט. אַלע קערעווען זיך אויס אַהין. לעמעלע פּוט, אויך אַ פֿאַרסמאַליעטער, קומט־אַריין.

מיירים — טוט אַ געשריי. ס׳ברענט!

ישוּבניק מיטן ציגן בערדל — כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף. יידן, ס׳ברענט די שטאָט!

הויכער קרעטשמער — שפּרינגט־אויף. סע ברענט די שטאָט! אַ שטראָף פֿון גאָט פֿאַר רודפֿן די ישוּבניקעס.

ערשטע יידענע — ווו ברענט? ווער ברענט?! שמוליע, ראַטעווע דאָס בעטגעוואַנט! ער איז שיכּור! ווו זיינען די קינדער? די קרעטשמאַרעס שפּרינגען־אויף. מע לויפֿט ווי איבערגעשראָקענע איבערן וואַלד. אַנדערע נעמען זיך פּאַקן.

לעמעלע פּוט — ס׳ברענען אַהרן־וואָלפֿס פּורן פֿלאַקס אויפֿן גאָסטינעץ.

איינער פֿון די קלעזמאָרים — וועלן מיר האָבן אַ ליכטיקן וועג.

פֿאָרהאַנג

## דריט בילד

אַ חתונה בײַם פּרנס־חודש אין שטוב. דאָס אייגענע צימער ווי אין ערשטן אַקט. אַ טיש פֿאַר מאַנסבילן, אַ טיש פֿאַר ווײַבער. די כּלה זיצט אונטערן שלייער. דער מאָהילנער רב און דער חתן יאָסעלע — בײַם מאַנסבילשן טיש אויבן אָן. אין מיטן זיצט בויטרע מיט אַ פּויק צווישן די איבערגעשראָקענע קלעזמאָרים. אין גרויסן אָפֿענעם פֿענצטער פֿון דרויסן שטופּן זיך יאָרעמע־לייט. דער קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ, דער געלער קרעטשמער. ל׳עמעלע פּוט שטייט די גאַנצע צײַט אין פֿענצטער די מחותּנים עסן און טרינקען.

יונגער מחותן מיטן זיידן טיכל — משה־חיים, וואָס איז מיט דיר? דו קאָנסט דאָך ניט נעמען קיין ביסל, פֿע!

מאָהילנער רב — לחיים, מחותנים, מע זאָל טרינקען אויף שׂמחות!

מחותנים — לחיים! לחיים!

מאָהילנער רב — וואָס זיצט איר אַזוי פֿאַרזאָרגט, מחותנים? משׂמח זײַן חתן־כּלה איז אַ גרויסע מצווה. אויב עס האָט געטראָפֿן, חס־ושלום, אַז מען האָט צוגעזגלט די אויסשטאַטונג, האָט נאָך ר׳ אַהרן־וואָלף, אונדזער פּרנס־חודש, נאַמנות.

אַהרן־וואָלף — מחותן, מאָהילנער רבי! מײַנע קינדער, האָף איך, וועלן, ברוך השם, האָבן זייער אויסקומעניש.

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — אין פֿענצטער. די ישובֿניקעס בידעווען אין די וועלדער, און דאָ פּראַוועט מען גאָר חתונות. נישקשה, מע וועט נאָך אַליין אַרײַן אין שטאָט צוזאַמען מיט בויטרען און מע וועט ברענען און צינדן.

קלמן גיטעלעס — וואָס איז עס פֿאַר אַ ייִד אַ ישובֿניק? ווי אַזוי איז ער אַרײַן אין שטאָט?

געלער קרעטשמער — אין פֿענצטער. מערדער, מען דאַרף דאָך אײַך שינדן פּאַסנווײַז.

אַהרן־וואָלף — באַנטשע, ווו איז באַנטשע? ער איז נאָך גאָר ניט צוריקגעקומען? למאַי גיט ער ניט אַכטונג!

מחותן משה־חיים — חתן, זאָלסט זײַן אַ מענטש!

יונגער מחותן מיטן זיידן טיכל — יאָסעלע, אַ ווײַב איז ריחים על צוואריו[39].

מחותן משה־חיים — דו זאָלסט געבן דײַן אישה מזונות און הלבשה, דו הערסט?

אַלע לאַכן

אָרעמאַן מיט פֿאַרבונדענער באַק — האַלט זיך ווי

---

[39] אַ יאָך (מילשטיינער) אויפֿן האַלדז.

מענטשן, אַ בייזער יאָר אויף אײַך! ס'איז דאָך ניט שיין! זײַט מוחל, מחותן, אפשר וועט איר מיר געבן אַט דאָס שטיקעלע לעקעך, אַט דאָס, יע!

אַהרן־וואָלף — באַנטשע, למאַי לאָזט מען אַרײַן אַט די אַלע שנאָרערס אין הויף?

דער באַוואַקסענער אָרעמאַן — ייִד, גיט אַ שנאַפּס, ס'איז מיר טרוקן אין גומען.

יחיאל מלווה — זיצט די גאַנצע צײַט און טונקט לעקעך אין בראַנפֿן. חצוף, פֿע, ס'נעמט זיי גאָר ניט די כּפּרה.

קלמן גיטעלעס — געגנוג אײַך שוין צו קײַען, יחיאל. עס איז דאָך אַ שאַנדע פֿאַר לײַטן. עס קומט דאָך אויס, אַז איר האָט קיין ביסן אין מויל ניט געהאַט שוין עטלעכע טעג...

יחיאל מלווה — און אַז פֿון אײַך, ר' קלמן, טראָגט מיט קאָ־טוך [40], איז בעסער? טוט אַ מאָל אַ שמייכל, ווי איז עס אַ ייִד אַזאַ מרה־שחורה. וואָס האָט איר צו דער וועלט? אַ ייִד, רק ער קוואַקעט און קוואַקעט. טונקט־אײַן אַ שטיקל לעקעך און קײַט ווײַטער.

קרעטשמער מיט צעשפּאַלטענער ליפּ — מחותנים, אַז ס'זאָל אײַך דונערן אין דיביינער און איר זאָלט מיינען, אַז איר ציילט געלט...

אַהרן־וואָלף — באַנטשע, ווו איז ער?

מחותן משה־חיים — כּלה, דער איבערשטער זאָל געבן, אַז דו זאָלסט ווערן אין אַ גוטער שעה בתעלה.

מחותן מיטן זײַדן טיכל — הער, משה־חיים, דו ביסט דאָך דער אמתער בדחן. גיס־אָן! וואָס איז עס מיט די קלעזמאָרים? איר זיצט דאָך עפּעס הײַנט ווי געליימטע.

אַהרן־וואָלף — קלעזמאָרים, נו, וואָס טראַכט איר זיך? אַ פֿריילעכס! עס איז בײַ מיר אַ שמחה צי ניט? ווו איז אײַער שבֿחקע?

---

[40] ס'שפּירט זיך פֿון אים דער ריח פֿון הינערשטײַג.

יעקל — צו מייך־ימען. קערעש, וועגן טשוגאַלניק רייד פֿון ביגראַלניק [41]!

מיירים — שבת, איז עפּעס ניט בקו־הבריאה. מיר האָבן דאָך דיך געגומען אַנשטאָט אַ יונגן קלעזמער.

אהרן־וואָלף — וואָס קוקט ער אַזוי, דער נײַער קלעזמער? עפּעס פּונקט ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אים געווען שולדיק. צו בויטרע. דו ביסט שטום, בחור?

בויטרע — איך בין שטום.

אהרן־וואָלף — ווי האָסטו דאָס אויסגעפֿונען אַזאַ קלעזמער? אַ יונגער־מאַנטשיק, אַן אַנטלאָפֿענער מסתּמא ערגעץ פֿון אַ קהילה. באַנטשע! ווו איז באַנטשע? לויפֿט צו די מחותּנים. מחותּנים! וואָס חלומט איר? נעמט עפּעס אין מויל, אַזאַ שׂמחה.

באַוואַקסענער אַרעמאַן — מחותּן, גיט כאָטש פֿאַר אַלע אָרעמע־לײַט אײן געבראָטענע גאַנדז. ס'ווילט זיך קײַען.

אַרעמאַן מיט פֿאַרבונדענער באַק — אויף יענער זײַט פֿענצטער. גראָבע יונגען, וואָס איז דאָ בײַ אײַך, אַ הקדש? מע טאָר דאָך אײַך אין קיין ייִדישער שטוב ניט אַרײַנלאָזן! צו מחותּנתטע. ייִדענע, גיט עפּעס! איך האָב שוין דרײַ טעג אין מויל ניט געהאַט, אויף מײַן וואָרט.

מחותּנים — שאַט! שאַט!

בויטרע צו די קלעזמאָרים — שפּילט! די קלעזמאָרים הייבן־אָן צו שפּילן אַ שרעקלעך ציטערדיקע מעלאָדיע. מיירים זינגט־צו הייזעריקלעך, מאַכנדיק פֿאַרשיידענע העוויות. די מחותּנים ווערן שטיל. עס דערהערט זיך אַ געוויין בײַם ווײַבערישן טיש.

יחיאל מלווה — וואָס איז עס פֿאַר אַ ניגון? הערט־אויף!

מחותּן מיטן זיידן טיכל — ניט ווי אַ שׂמחה, ווי אַ באַגרעבעניש, רחמנא ליצלן. הערט־אויף, די ווײַבער וויינען.

אַהרן־וואָלף — וואָס איז עס פֿאַר אַן אַנשיקעניש, איר זײַט

---

[41] שפּילוואָרטל געבויט אויף קלעזמער־לשון.

שיכּור? די קלעזמאָרים הערן ניט אויף; זיי שפּילן און ציטערן. מיט אַ מאָל דערהערט זיך עפּעס אַ געשריי פֿון אַ יידענע אין פֿענצ־טער. דאָס שפּילן רײַסט זיך פּלוצלינג איבער.

יידענע אין פענצטער — וואָס זיצט איר דאָ אויף שמחות? מײַן ירחמיאל האָט מען דאָך באַראַבעוועט אין קרעווער וואַלד. ער איז די גאַנצע נאַכט געלעגן געבונדן. איך האָב אים ניט מיט וואָס צו אָטכײַען [42].

מחותנים — ווו? וואָס? וואָס רעדט זי? ווען האָט מען אים באַ־ראַבעוועט?

קלמן גיטעלעס — שפּרינגט־אויף. אײַ! מײַנע עופות. איך בין בדיל־הדל געוואָרן! ס'אַ ליגן! קיינער האָט אים ניט באַראַבע־וועט! ירחמיאלקע איז וואָס אין דער קאָרט. יחיאל מלווה, וואָס שווײַגט מען די ישובניקעס? לויפט־אַרויס.

מאָהילנער רב — טאַקע די ישובניקעס? רחמנא ליצלן?

מחותן משה־חיים — ניין, גאָר חבֿר בויטרע!

אַהרן־וואָלף — מחותנים, פאַרשטערט ניט די שמחה. הײַנ־טיקע צײַטן קאָן אַלץ טרעפֿן, און קלמן גיטעלעס איז ניט בעסער פֿון אַנדערע. לחיים, מחותנים, עס איז די חתונה פֿון מײַן איינציקער טאָכטער, און אַ געראָטענע טאָכטער. נעמט, קרובים, מחותנים, נעמט צו ביסלעך! און וואָס איז מיט די קלעזמאָרים? אויף די פּריצישע בעלער זײַט איר זיך אויך אַזוי נוהג? מאַרשעליק, באַווײַז עפּעס פֿון די פּריצישע בעלער.

מחותן מיטן זיידן טיכל — די קלעזמאָרים זײַנען עפּעס גאָר ניט ווי קיין קלעזמאָרים.

יחיאל מלווה — וואָס אַרט עס זיי, אַז זיי וועלן פאַרשטערן אַ חתונה? חצופים!

מחותן משה־חיים — נו, קלעזמאָרים, זאָגט עפּעס.

מיירים — הייבט זיך אויף, גייט־אַרויס אין מיטן צימער, דרייט־

---

[42] קומען צו זיך (מיט אַ טרונק, אַ ביס).

איבער דאָס היטל, פאַרוואַרפט אַ פּאָלע פון דער קאַפּאָטע אויפן אַקסל — דאָס פאַרשטעל איך זיך, מחותּנים! זײַט שטיל און איך וועל אײַך קודם־כּל דערציילן אַ מעשׂה נורא וועגן דעם קיניג פון די חיות, דעם לייב, וואָס האָט געפירט צו דער חופּה זײַן טאָכטער, אַ געראָטענע טאָכטער.

יחיאל מלווה — שאַט, שאַט, מיירימקע וועט קודם־כּל דערציילן אַ מעשׂה.

מחותּן משה־חיים — שטיל זאָל זײַן! מע הערט דאָך שוין ניט אַרויס קיין וואָרט.

מיירים — אַז דער מלך פון די חיות, דער לייב, האָט געדאַרפט חתונה מאַכן זײַן טאָכטער, האָט ער פאַרבעטן אויף דער שׂמחה אַלע חיות און פייגל פון וואַלד. די חתונה האָט ער אָנגעגרייט כּיד המלך — פישן, פליישן וכל מטעמים. אַלעמען האָט דער מלך פאַרבעטן צו דער שׂמחה, נאָר איינעם האָט ער ניט פאַרבעטן — דעם בידנעם וואָלף. מחמת מען האָט דעם מלך אָנגערעדט, אַז דער וואָלף גייט כּלומרשט אויס נאָך זײַן טאָכטער, די יפת־תּואר. ממש נפשו קשורה בנפשה. און דאָס איז ניט שיין פאַר אַ לייב, אַז זײַן טאָכטער זאָל ניט נעמען פאַר איר באַשערטן אַ מאַן אַ לייב, אַ מלך בן מלך. וואָס טוט, נעבעך, דער בידנער וואָלף? האָט ער זיך פאַרשטעלט אין אַ פרעמדער פעל און איז אויך געקומען צו דער שׂמחה. מע קײַקלט אַרויס די קויפן בראָנפן. אַ טיש פאַר מאַנסבילך — זיצן די לייבן, די בערן, די לעמפּערטן און אַנדערע סאָרטן חיות. אַ טיש פאַר ווײַבער — זיצן די אַלע פייגל, די אַלע עופות, די ראָבן און קוואָקעס, דער אויערהאָן, די פלעדערמויז און די בת היענה. הייבן־אויף די לייבן די גרויסע קולות, פאַרקאַשערן די בערד און שרײַען: „לחיים, מחותּן"! די בערן זיצן אין די פעלצן, טונקען דעם לעקעך אין בראָנפן און בורטשען: „לחיים דיר, כּלה"! אַלע זײַנען זיך משׂמח, אַפילו די ציגן, אַפילו די בעק, אַפילו די חזירים פון דער בלאָטע. און קיינעם גייט ניט אָן דער וואָלף, וואָס זיצט אַליין אין אַ ווינקל, און ס'איז אים נעבעך פינצטער און ביטער. נאָר איינער, דער זינג־

פֿויגל, דער סאָלאָווייַ, איז געזעסן אויף אַ צווייַג און האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט טרערן. ער האָט געזונגען וועגן דעם בידנעם מזל פֿון וואָלף — אײַ, אײַ, אײַ! פֿאַר וואָס איז ניטאָ קיין יושר אויף דער וועלט, פֿאַר וואָס?

מחותן משה־חיים — שרייַט. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּלוידערייַ? ס׳קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

מחותן מיטן זיידן טיכל — אַז דאָס איז שיכּור, ניט דאָ געדאַכט, אייביק שיכּור!

מיירים — לאָזט! לאָזט! איצט וועל איך פֿון די פּריצישע בעלער אײַך אויסזינגען אַ שיר פֿון דעם דײַטשישן משורר שילער, אַ מקורבֿ צו דעם דײַטשישן מלכות. דאָס איז האַפּליאַ־וואַפּליאַ מיט אַ גרויסן מוסר־השׂכּל, וואָס אַ מענטש דאַרף זיך דערפֿון אָפּלערנען.

מחותן משה־חיים — וואָס פֿאַר אַ לשון? אויף דײַטשיש? אויף לשון אַשכּנז? אויף דעם בײַער־לשון? גוט.

מחותנים — שאַט, שאַט, ווײַבער! לאָזט הערן!

מחותן מיטן זיידן טיכל — מע זאָגט, מיירים, אַז דו קוקסט־אַרײַן אויך אין מנשהקע איליערס שקל הקודש — ס׳איז אמת צי ניט?

מיירים — דער שיר הייסט „זענזוכט“; דאָס איז דער טײַטש: „בענקעניש“. וואָס אַ מענטש בענקט. זינגט:

אַך אַוס דיזעס טאַלעס גרינדען
די דער קאַלטער נעפּל דריקט,
קענט איר דען אײַן אַוסוועג פינדען,
אַך ווי פיל איך מיך בעגליקט:
דאָרט ערבליק איך שיינע היגעל
עוויג יונג און עוויג גרין.
העט איך שווינגע, העט איך פליגעל
נאַך די היגלען צי איך הין!
האַרמאָניען הער איך קלינגען,
טענער זיסע, הימעלרו,
און די לײַכטע ווינטען ברינגען
מיר די טיפסטע באַלזאַם צו[43].

---

[43] פרידריך שילער (1759—1805), מחבר פון די רויבערס, קולבאַקס קוואַל פון אינספּיראַציע. זענזוכט געהערט צו שילערס דריטן שאַפונג־פּעריאָד.

מחותן מיטן ויידן טיכל — טיף, זייער טיף, דאָ איז פֿאַראַן מאָראַל אַ סך.

מחותן משה־חיים — אַ מאַדים אַ ייִד.

מחותן — וואָס רעדט איר? ער איז דאָך אַ געראָטענע כּלי, נאָר אַ פּוסטע זאַך.

יחיאל מלווה — די פּריצים ווייסן וואָס עולם־הזה איז!

מיירים — זעצט זיך צוריק צו בויטרען. וואָס העלפֿט, אַז מען איז ברוך השם אין געפֿענקעניש! בויטרע גיט אויף אים אַ קוק מיט דאַנקבאַרקייט.

מאָהילנער רב — און איצט, מחותנים, וועט דער חתן ווײַזן, וואָס ער קען. כּדי משׂמח זײַן דעם עולם, וועט דער חתן זאָגן אַ שטיקל חילוק מעניני[44]. נו, יאָסעלע!

מחותן משה־חיים — חתן, ווײַז וואָס דו קענסט!

אַ יידענע — ער האָט מורא.

אַ יידענע פֿון ווייבערשן טיש — נו, וואָס זשע ווילט איר: דאָס ערשטע מאָל צווישן מענטשן.

מיירים — החתן, הרבֿ, הגאון י' יאָסעלע בהרבֿ הגאון ר' אָשר, מרא דאַתרא דק"ק מאָהילנע וועט זאָגן אַ שטיקל תּורה!

מחותנים — שאַט, שאַט, לאָזט הערן!

יאָסעלע — מיט אַ גמרא־ניגון. ראובֿן נעמט אין פּאַכט אַ פּאָסעסיע מהזשאַנדצע[45] פּאַטשאַטשע של האָדון, למשל, זשעליכאָוויצקי, בקאָנטראַקט על גימל שנים. אַז ראובֿן האָט געדונגען אַ פּאָסעסיע פֿון דעם זשאַנדצע פּאַטשאַטשע, פֿון דעם פּריץ, למשל, זשעליכאָוויצקי, אויף אַ קאָנטראַקט, ווי דער שטייגער איז, אויף דרײַ יאָר. ויבֿוא שמעון ולקח את העסק הזה, את הפּאָסעסיע מהזשאַנדצע פּאַטשאַטשע של האָדון זשעליכאָוויצקי, כּדומה למשל, איז געקר־מען שמעון און האָט צוגענומען דיזן עסק, די פּאָסעסיע פֿון דעם

[44] תּלמודישער פּילפּול וועגן די פּראָבלעמען. — [45] אַדמיניסטראַטאָר.

זשאַנדצע פּאַטשאַטשע, פון דעם פּריץ זשעליכאָוויצקי, כדומה למשל...

ערשטער דיין — מתוק מדבֿש!

מחותן משה־חיים — מע זעט, אַז דאָס וואַקסט אַ שיינער סוחר.

אַ יידענע — דאָס וועט זיין דער גרויסער פּאַדריאַטשיק אין די הונדערטער טויזנטער.

יאָסעלע — וטוען שמעון, און שמעון טענהט, שבא הזשאַנדצע פּאַטשאַטשע ויאמר, אַז ס'איז געקומען צו אים דער זשאַנדצע פּאַ־טשאַטשע און האָט געזאָגט: שראובֿן אינו רוצה להחזיק על להבא, אַז ראובֿן וויל ניט האַלטן די פּאָסעסיע אויף ווייטער. וגמרתי אָנכי, האָב איך מיט אים געמאַכט דאָס געשעפט, ונתתי לו אופגאַב, איך האָב אים געגעבן אַן אופגאַב, וקבלתי ממנו צעטל, און איך האָב באַקו־מען פון אים אַ צעטל...

אַ מחותן — אַיי, אַ געראָטענע זאַך. ער ווייס שוין, אַז מע דאַרף נעמען פון אים אַ צעטל.

מאָהילנער רב — וואָס רעדט איר, מיין יאָסעלע...

אַ יידענע — אַיי, דער קול התורה, דער קול התורה, וואָס צע־גיסט זיך איבער אַלע גלידער ווי טייערער בוימל...

יאָסעלע — והיה בדעתנו, און עס איז שוין געווען אַפילו אין אונדזער דעה לנסוע, למשל, לבאַברויסק לעשות קאָנטראַקט, צו מאַכן אַ קאָנטראַקט. איז ווי זשע איז דער דין, מורי ורבותי, צי איז טאַקע שמעון משיג גבֿול ראובֿנען, צי איז שמעון ניט משיג גבֿול ראו־בֿנען? די כלה שפּייט־אויס. די ווייבער ביי זייער טיש באַמערקן עס. מע הייבט זיך אָן שושקען.

אַ יידענע אין צירונג — שטילערהייט. אַז מען האָט גע־לאָזט פאַרזיצן אַ מיידל, וואָס קאָן שוין זיין פאַר אַ גוטס?

אַלע — אַן עילוי!

משה־חיים — אַן אָפענער קאָפּ!

ערשטער דיין — דאָס איז תורה ומסחר במקום אחד.

דער באַוואַקסענער אָרעמאַן — אין פענצטער. ווען וועט

מען שוין דערלאַנגען די געהאַקטע לעבערלעך מיט שמאַלץ, מיט די גראַבע שטיקער גריוון פון אויבן? בעלי־בתים, וויפל איז דער שיעור צו וואַרטן? זאָל מען שוין שטעלן די חופה. עס קומט־אַריין זימל שרייבער מיט צוויי פורמאַנעס. די פורמאַנעס זיינען פאַרסמאַליעטע, איינגעריכטע אין סאַזשע.

אַהרן־וואָלף — האַ? וואָס? די פלאַקס? איך זע. כאַפט זיך פאַרן קאָפּ. רעדט מיר ניט, זאָגט ניט. איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי!

ביילע — ברעכט די הענט. אַי, די פלאַקס.

אַהרן־וואָלף — שרייט. עס איז ביי מיר אַ שמחה! וואָס זייט איר געקומען? ווער בעט אייך? איך דאַרף ניט קיין פלאַקס! איך דאַרף ניט קיין לייב און לעבן! גייט מיט די פורמאַנעס, זימל, גיי פון דאַנען! ער שטויסט זיי אַרויס.

בויטרע — כאַ־כאַ־כאַ! אַלע קוקן אויף אים. אַ טויטע שטיל־קייט.

אַהרן־וואָלף — איך וועל ניט דערלאָזן קיין גראַבע־יונגען! איצטער איז ביי מיר אַ שמחה! באַנטשע... ווו איז באַנטשע! זאָל ער אַרויסקייקלען אויפן הויף בראַנפן פאַר די אָרעמע־לייט. ביילע, שטעל אַרויס אויפן טיש די זילבערנע כלים, די פאַרצעלייענע געשירן! עס איז ביי מיר אַ שמחה צי ניט? מחותנים, וואָס שווייגט איר? לחיים! ער טרינקט־אויס, קיינער טרינקט ניט מיט. וואָס איז, איך טרינק אַליין? אַזאַ שמחה! מאַכט זיך פריילעך. משה־חיים, וואָס איז מיט דיר? העלף־אונטער. זינגט. הרחמן הנשגב, הרחמן הנשגב, יתברך ויתעלה, על כוס מלא, על כוס יין מלא, כברכת אדוני.

מחותנים — אַ גרויל, אַי, אַ חתונה! דאָס האַרץ זאָגט עפּעס ניט אויף גוטס. ביסלעכווייז הייבן אַלע־אָן מיטזינגען. על כוס יין מלא, כברכת אדוני.

אַהרן־וואָלף — לעבעדיקער! לעבעדיקער! פריילעכער! יחיאלן! מיר'ן גיין אַ טענצל? כאַפּט־אַרום יחיאל מלווה און פרווט מיט אים טאַנצן.

יחיאל מלווה — לאָז, אַהרן־וואָלף! לאָז־אָפּ! ביי מיר איז, ניט

פֿאַר דיר געדאַכט. דער גילדערנער אָדער.

אַהרן־וואָלף — אַזאַ שׂמחה! אַזאַ שׂמחה! טאַנצט אַליין. שפּרינגט ווי אַ באָק. אַלע פּאַטשן מיט די הענט.

אוי, מחותן, האָפּינקע,
מיט די פֿיס אַ טאָפּינקע!
מיט די הענט אַ מאַכינקע,
מיטן מויל אַ לאַכינקע!

געלער קרעטשמער — אין פֿענצטער. חזיר, האָסט געלט? זײַ מײַן מחותן. הוליעט, הוליעט ביז אין קבֿר אַרײַן!

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — אין פֿענצטער. נעמט אַ גראָז, וואָס הייסט בליאַקעץ, און לייגט אים אַרויף אויף הייסע קוילן, וועט איר קריגן בויכווייטיק.

אַהרן־וואָלף — וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אָנשיקעניש! וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מיר די קרעטשמאַרעס? אַוועק פֿון דאַנען, טרײַ־פֿענע ביינער! ווי זײַנען זיי אַרײַן אין שטאָט? דער אַסעסאָר צו אַל די שוואַרצע יאָר, באַנטשע! ווו איז ער פֿאַרפֿאַלן געוואָרן? ער האָט דאָך געדאַרפֿט קומען צו דער חתונה, באַנטשע!

מחותן מיטן זיידן טיכל — די קרעטשמאַרעס פֿירן זיך אויף טאַקע צו פֿיל!

לעמעלע פּוט — אין פֿענצטער. באַנטשע איז שוין מער ניטאָ. נעכטן בײַ נאַכט האָט בויטרע אין קרעווער וואַלד דערהרגעט באַנ־טשע קאָט.

מחותן משה־חיים — וואָס רעדט ער? אַוועק פֿון דאַנען, אויסוואָרף! אַוועק! סטערע — טוט זיך אַ הייב־אויף פֿון אָרט, וואַרפֿט פֿון זיך אַראָפּ דעם שלייער, לאָזט פֿונאַנדער אירע האָר.

מחותנים — אײַ, וואָס טוט זי?

יידענע אין צירונג — פֿאַרברעכט די הענט. ווײַ צו די אויגן וואָס זעען דאָס! וואָס טוט זי?

סטערע — גייט־אַראָפּ פֿון שטול מיט יאָמערלעכן רעטשיטאַ־

טיוו, ביי אַלגעמיינער טויטשטילקייט.

סטערע:

ווי אַזוי צעשיידן מיר זיך, מיינע יונגע יאָר ?
צוליב וועמען זאָל איך אָפּשערן מיינע האָר ?
לאָזט מיך חברטעס פון כלה־שטול אַראָפּ
איכ׳ל באַדעקן מיט אַש דעם קאָפּ.

די שטערן האָבן זיך אין ים געשטערנט
די וואַלן שלאָגן צום ברעג:
אַן אמת וואָרט האָסטו מיר געגעבן —
ווי ביסטו, מאַן מיינער, אַוועק ?

בויטרע — הייבט זיך אויף פון שטול. ער נעמט זעצן אין פויק און גיין אויף די מחותנים. דער עולם רוקט זיך אויף צוריק, קוקט אויף בויטרען מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. געגנוגו! האַדי! חתונות וועט איר פראַווען אַן אַנדערש מאָל! מאַרש! אַט דוואַ! אַט דוואַ! אָסאַדי נאַזאַד [46].

סטערע — אָט איז ער!
מחותן — איי בויטרע!
לעמעלע פוט — שפרינגט־אַריין אין צימער.

ס׳ווערט פינצטער

אַ שטים — ווער האָט אויסגעלאָשן דאָס פייער?
אַ שטים — ווו איז בויטרע, ווו?
אַהרן־וואָלף — ווו איז ער? וואָס איז דאָ? איכ׳ל עוקר מן השורש זיין! ווו!
יחיאל מלווה — איי, מע ראַבעוועט! ראַטויטיע! ראַטויטיע [47]!
אַ יידענע — מיינע אָרלאַנער פערל! ראַטעוועט יידן, ראַטעוועט!

פאָרהאַנג

---

[46] איינס, צוויי... צוריקגעטראָטן! — [87] ראַטעוועו!

## פּערט בילד

דער זעלביקער צימער בײַם פּרנס־חודש אין הויז. בית־דין און שײנע בעלי־בתּים פֿון שטאָט זיצן בײַם טיש. גײען אַרום איבערן צימער. יחיאל מלווה, קלמן גיטעלעס, די קלעזמאָרים זיצן אין ווינקל. אַהרן־וואָלף שטײט בײַם אָרון־קודש, בלײך. ער איז פֿאַר דער צײַט גרױ געוואָרן זימל שרײַבער זיצט בײַם טיש און מאַכט טינט.

רב — שטיל. בית־דין האָט גוזר תּענית געווען. שמשים זײַנען אַוועק אַדורכקוקן די מזוזות פֿון שטאָט. וואָס קאָן בית־דין נאָך טאָן?

מחותן מיטן זײַדן טיכל — ניט גוט, ניט גוט. און ווו איז זי? בײַ אים?

זימל שרײַבער — שאַט, רעדט ניט!

מײַרים — פֿון אַן אַנדער ווינקל. אַז וואָס האָבן מיר געקאָנט מאַכן? פּיקוח־נפֿש, אַז מע שטײט מיט אַ מעסער צום האַלדז. אויף דעם, זעט איר, זײַנען מיר קײן בריהס ניט.

משה־חיים — כ'ווײס, אַ וווּנק זאָגט.

מײַרים — דוכט זיך, אַז בלינדע האָבן אויך געקאָנט זען. צי אַזוי זיצן קלעזמאָרים אויף אַ חתונה? עס האָט אויף אונדז געציטערט די הויט.

רב — ששש... שאַט, וואָס קאָנט איר דאָרט ניט אַדורכקומען?

יעקל — אַ קלעזמער ווײס פֿון גאָר ניט. ווער ס'האָט אים, יענעם שפּילט ער. און וואָס מײנט איר? קלעזמערײַ איז נאָר אַ פּרנסה? זעצט מיך אַוועק אַקעגן דעם מלאך־המוות, וועל איך ערשט שפּילן, אָט דאָס איז קלעזמערײַ.

שבח — שטאָט זעט, אַז שבחס פּויק איז געקומען און שבח איז ניטאָ; איז אַ סימן, אַז די חתונה איז קײן חתונה ניט. איך בין פֿינף און פֿופֿציק יאָר אַ קלעזמער.

בערל באָס — וואָס האָט איר געוואַלט, אַז מיר זאָלן ליגן דאָס לעבן? פֿאַר וועמען? אָט איז בײַ מיר אַ קינד אַוועקגעפֿאַלן אויף שקאַרלאַטינע, האָט מיר ווער געהאָלפֿן?

זימל שרייבער — ששש... קלעזמאָרים, שטילער אַ ביסל!

יחיאל מלווה — זיצט און וויינט. מע האָט מיך איבערגעלאָזן אין אײן העמד, ווו זאָל איך זיך ווענדן? ווו זאָל איך זיך קערן? רוצ־חים! מערדער! וואָס האָב איך וועמען געטאָן? צי האָב איך אַ מאָל אָנגערירט אַ פֿליג אויף דער וואַנט?

קלמן גיטעלעס — גייט־אַרום, ברעכט די הענט. אײַ, מײַנע עופֿות! אַהרן־וואָלפֿקע! אַהרן־וואָלפֿקע! ער האָט אונדז אומגעבראַכט! אײַ, אײַ, אײַ.

רב — וואָס איז דאָס פֿאַר אַ רייד, ר׳ קלמן? עס איז ניט שייך. קוקט אויפֿן וואַנטזייגער. שוין באַלד מנחה־צײַט און עפּעס זעט מען ניט דעם פּראָסטן המון. מע דאַרף דאַוונען הײַנט מנחה בציבור. זיי מיינען אַ פּנים, אַז צרות הכּלל איז ניט זייערע צרות. און וואָס זיצט איר אַזוי, גבאי?

מחותן מיטן זיידן טיכל — בײַ מיר איז אַ שוואַך האַרץ, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט. אַ תּענית מאַכט מיך אויס מענטש. נעמט עפּעס אַרויס פֿון קעשענע און שמעקט.

אַהרן־וואָלף — זימל, גייט־אַרויס, רופֿט־צונויף דעם פּראָסטן עולם, מע דאַרף זאָגן תּהילים בציבור. די גאַנצע שטאָט!

זימל — גייט, פֿאַרטשעפּעט זיך אין אַ בענקל. דאָס בענקל פֿאַלט.

אַלע — אײַ!

קלמן גיטעלעס — כאַפּט זיך פֿאַרן בוזעם. ווו איז מײַן טײַסטער!

זימל שרייבער — ס׳איז גאָר ניט, ר׳ קלמן. אַ בענקל איז געפֿאַלן.

קלמן גיטעלעס — ליימענער גולם! זעט ניט ווו ער גייט.

שטענדיק מיט דער פֿעדער אונטער דעם אויער. גאַוואָרעניעט ווי אַ וואָראָנע[48].

זימל שרייבער — איך דאַרף הײַנט שרײַבן אַ פּראָשעניע[49].

אַפּ.

משה־חיים — מיט די שרײַבערס ווייס איר גאָר ניט מאַכן: אָדער מען איז חס־ושלום אַן אַפּיקורס, אָדער גאָר אַ גולם.

ערשטער דיין — ר' אַהרן־וואָלף, איר דאַרפֿט אפֿשר זיך נאָך אַ מאָל אַדורכשמועסן מיט דעם אַסעסאָר?

אַהרן־וואָלף — כ'ווייס ניט.

יחיאל מלווה — אײַ! און ווער האָט פֿון מיר ניט געהאַט? אַ בעל־מלאָכה דאַרף אויסקויפֿן אַ שטיקל סחורה, אַ טאַנדעטניק דאַרף פֿאָרן אויפֿן יאַריד, אַן אַלמנה פֿלעגט אויך קומען נעמען אויף שבת. איז אָט האָסטו דיר דעם שׂכר. אײַ, אײַ, אײַ!

משה־חיים — מע וואָלט געדאַרפֿט זען מאַכן אַ טאָלק מיט די ישובֿניקעס. זיי וועלן דאָך חרובֿ מאַכן די גאַנצע שטאָט. וואָס זאָגט איר, ר' אַהרן־וואָלף?

אַהרן־וואָלף — שווײַגט. יאַנקל שוסטער אין אַ פֿאַרטעך, קומט אָן אַ רעקל, בלײַבט שטיין בײַ דער טיר.

יאַנקל — גוט־מאָרגן, בעלי־בתים. גייט־צו, זעצט זיך.

רב — קום־אַרײַן, יאַנקל, זעץ דיך אָט דאָ. אין אַ צרה זײַנען, ברוך השם, אַלע גלײַך.

משה־חיים — אײַ, אײַ, אײַ, אַ חתונקע, אַ חתונקע!

עס קומען־אַרײַן יידן פֿון פּראָסטן המון: בעלי־מלאָכות, אָרעמע־לײַט, באַלעגאָלעס, ירחמיאל מיט דער בײַטש. אַלע קוקן אויף דעם ברייטן אַהרן־וואָלף, וואָס שטייט בײַם אָרון־קודש ווי פֿאַרגליווערט.

ירחמיאל בעל־עגלה — אַז איך האָב גאָר קיין צײַט ניט. איך דאַרף פֿאָרן אין קורעניץ. נעם אין מיטן דערינען און שטעל זיך זאָגן תּהילים.

---

[48] קראַקעט ווי אַ ראָב. — [49] פּעטיציע.

רב — ששש... ווער פֿרעגט בײַ אײַך, ר' ייִד?

ייִד איינגעריכט אין סאַזשע — וואָס וויל מען אַרײַנשלעפּן דעם געמיינעם מענטשן? ער טשעפּעט קיינעם ניט און קיינער טשעפּעט אים ניט.

משה־חיים — אַזוי גאָר? און ווער וועט צאָלן פֿאַר די פּאַדאַטן, בוניע?

ייִד איינגעריכט אין סאַזשע — פּאַדאַטן, שמאַדאַטן[50]. וואָס דו, משה־חיים, צאָלסט זיך שוין פֿאַר די פּאַדאַטן!

ערשטער ייִד — מיט אַ פּעקל תּהילים. שששש... ס'איז ניט די צײַט. ס'איז הײַנט אַ תּענית. נעם די תּהילימס, יאַנקל!

ירחמיאל בעל־עגלה — אַ תּענית איז בײַ מיר אַ שפּײַ. איך דאַרף אָבער פֿאָרן. סײַ ווי זאָגט מען אין שטאָט, אַז זי איז אַליין אַנטלאָפֿן. איז וואָס וועט העלפֿן דאָס תּהילים זאָגן?

אַ ייִד אַ בעל־הבית — און צו דיר האָט עס קיין שײַכות ניט, ירחמיאלקע?

קלמן גיטעלעס — צו ירחמיאלן. גנבֿ! גזלן!

ירחמיאל בעל־עגלה — אַ בייז יאָר אויף אײַער קאָפּ! איך בין געלעגן די גאַנצע נאַכט געבונדן צוליב אײַערע עופֿות, קלמן. דער קליוטשעוואָיט האָט מיך געזען.

דיינים — שאַט! הערט־אויף, הערט־אויף! אַ תּענית. שאַט! דער מרא דאַתרא וועט עפּעס זאָגן. רופֿט־אַרײַן די נשים.

זימל שרייבער עפֿנט די טיר צו אַהרן־וואָלפֿן אין שטוב. עס קומען אַרײַן ביילע, מיט איר נאָך ווײַבער פּאַרוויקלטע אין פּאַטשיילעס. שטעלן זיך אין אַ ווינקל.

רב — בײַם אָרון־קודש. מורי ורבותי... עס זײַנען אָנגעקומען שווערע צײַטן אויף ייִדן. גזירות רעות. און אַלץ צוליב וואָס? צוליב די עבֿרות פֿון כּלל־ישׂראל. עס איז אַ צרת־רבים. קינדער פֿאַלן־אַוועק פֿון שקאַרלאַטינע, קימפּעטאָרינס קרייסן[51]. ווי גרויס דאַרפֿן

[50] שפּעט־לשון (איבער שטײַערן). — [51] לײַדן זיך אָן.

זײַן די עבֿירות פֿון אַן עדה, ווען מע נעמט־אַוועק פֿון אונטער דער חופּה אַ טאָכטער פֿון דעם פּרנס־חודש. אם באַרזים נפֿלה שלהבֿת, מה יעשׂו אַזובֿי קיר? אויב די חשובֿע לײַט האָט געטראָפֿן דאָס פֿײַער, טאָ וואָס וועט שוין זײַן מיט דעם געמיינעם מאַן? מורי ורבותי, מע דאַרף תשובֿה טאָן. ווו איז עס געהערט געוואָרן — גנבֿה, גזילה און רציחה! סע גייט־אַרום אין אונדזער געגנט אַ ייִד אַ הורג־נפֿש, פֿאַר וועמענס זיגד שטראָפֿסטו אונדז, רבונו של עולם? מע דאַרף נאָכקוקן צי זײַנען די ספֿר־תּורות אין אונדזערע בתּי־מדרשים, חס וחלילה, ניט כּשר? צי איז עס ניט דעריבער, וואָס יונגע בעל־מלאָכות האָבן גענומען אָנטאָן שפּיציקע שיך און שפּאַצירן אין די גאַסן מיט זייערע מיידן? צי געפֿינט זיך ניט אין אונדזער עדה חס־ושלום אַן אישה, אַן אשת־איש? עננו אַדוני, עננו, בעת צרה אַל תּעזבֿנו!

די וויבער וויינען. יידן בעלי־בתּים ווישן זיך די אויגן. העכער פֿון אַלעמען קלאָגט יחיאל מלווה. ער פֿאַרגייט אין געוויין.

ערשטער דיין — ייִדן, נעמט די תּהילימס.

רב — אַשרי תּמימי־דרך ההולכים בתּורת אַדוני. אַשרי תּמימי־דרך ההולכים בתּורת אַדוני.

ירחמיאל בעל־עגלה — ווער עס פּרעסט פּעטע גענדז און ווער עס קײַט שטרוי.

רב — אַשרי נוצרי עדתיו בכל לבֿ ידרשוהו.

ירחמיאל בעל־עגלה — צאַפּט ניט דעם אָרעמאַן און ווערט אַליין משוגע.

רב — אַף לא פּעלו עוולה בדרכיו הלכו...

ירחמיאל בעל־עגלה — זאָל אַרײַן אין אײַערע צורהס אַ מזל־ברכה.

די וויבער וויינען. די בעלי־בתּים ווישן זיך די אויגן. מע הערט ניט אַרויס קיין וואָרט. דאָס דויערט אַ לענגערע צײַט, ביז דער רבֿ טוט אַ קוש דעם פּרוכת פֿון אָרון־קודש און גייט־אַראָפּ.

ירחמיאל בעל־עגלה — מען קאָן שוין גיין?

ביילע — זאָל נאָר דער איבערשטער זיך צוהערן צו אונדזערע

טרערן. אַזאַ אומגליק! אַ פּאַרמעגן! און אַ שטיפמאַמען טוט אויך ווי דאָס האַרץ.

אַ ייד אַ בעל־בית — אַיַי, אַ ביַיטעלע, אַ צביַיטעלע.

די פראָסטע יידן נעמען זיך אַרויסגיין, קהל לאָזט זיך אויך גיין.

זימל שרייבער — טוט אַ פּאַטש אין טיש. בית־דין, אַן אַסיפה!

ס׳בליַיבן־איבער אַ פּאָר לייט.

משה־חיים — ווי? וואָס זאָגט ער דער שלימזל?

זימל שרייבער — איך האָב זיך טועה געווען, זיַיט מוחל. בית־דין און קהל בליַיבן נאָך איבער אויף אַן אַסיפה פון קהל.

די בעלי־בתים, פּראָסטע יידן, קלעזמאָרים, גייען אַרויס שוויַיגנדיק.

מחותן מיטן זיידן טיכל — איז וויפל האָבן מיר נאָך אַ קיימא לן צו פאַסטן? ציילט אויף די פינגער און וויל אַרויסגיין.

רב — נחום, וואָס איַילסטו זיך? בליַיב־איבער אויף דער אַסיפה. מיר וועלן צוזאַמען דאַוונען מעריב.

קהל און בית־דין זעצן זיך אויס ביַים טיש נאָך דעם זעלביקן סדר ווי אין דער ערשטער סצענע, אויך דער יונגער־מאַן מיטן זיידן טיכל. אַהרן־וואָלף פאַרנעמט דאָס אָרט פון פּרנס־חודש. אַלע שוויַיגן.

אַהרן־וואָלף — וואָס האָט קהל בדעה צו טאָן? אַלע שוויַיגן. קהל וועט היַינט דאַרפן אַרויסשיקן ברויט פאַר די ישובניקעס. מע זאָגט, אַז זיי הונגערן. דאָס אייגענע האָב־און־גוטס האָט מען, ברוך השם, פאַרפרעסן און פאַרזויפט אין די ערשטע עטלעכע טעג. רבי, איך האָב מורא צו זאָגן, מע דאַרף עפּעס טאָן. איך האָב קיין כוח ניט. מע דאַרף זען, מנחם דער רויטער זאָל מיטנעמען די באַנקעס און אַרויסגיין צו זיי, העלפן די קראַנקע. טוט אַ זיפץ. מיר האָבן צו אַל די שוואַרצע־יאָר ניט קיין אַסעסאָר, נאָר אַ יאַבעדניק, אַ שיכּור. פרעג איך, צי איז קהל מסכים מיט מיַין דעה?

יחיאל מלווה — קהל איז מסכים.

קלמן גיטעלעס — קהל איז מסכים.

רב — בייגט זיך איַין צו די דיינים. ריידן שטיל צווישן זיך. בית־דין האָט זיך מיישב געווען און איז מסכּים מיט דער דעה פון פּרנס־חודש.

עס עפנט זיך שטיל די טיר. עס קומט־אַריַין בויטרע, נאָך אים לע־מעלע פּוט. קיינער באַמערקט זיי ניט. בויטרע גייט־צו גליַיך צום טיש און זעצט זיך.

בויטרע — גוט אָוונט.
אַלע — איַי!
בויטרע — איך בין געקומען פאַרבעטן קהל און בית־דין צו מיַין חתונה אין קרעווער וואַלד. עס וועט זיַין אַ גרויסע חתונה. די ישובניקעס זיַינען די מחותנים. אַלע אָרעמע־ליַיט וועלן קומען צו דער שׂמחה. אַ סאָלדאַטסקע חתונה. קהל און בית־דין מוזן קומען. ר׳ קלמן, איך וועל איַיך אָפּגעבן די גאַנדז אַ געבראָטענע. הייבט זיך אויף און גייט צו דער טיר.

אַהרן־וואָלף — קומט צו זיך. פּושע ישׂראל, מיט גזילה און רציחה ווילסטו קומען צו אַ מעמד! זע, וועסט דערטרונקען ווערן אין בלוט.

בויטרע — גזילה און רציחה... איך? אַהרן־וואָלף, טוט אַ קוק אויף מיר, קהל און בית־דין, הייבט־אויף די אויגן, טוט אַ קוק אויף מיר... איר האָט ניט געהרגעט קיין מענטשן? ווער בין איך?

אַהרן־וואָלף — צרת־רבים, ס׳האַלט אַז יידן זאָלן אומקומען פון דער וועלט. באו מים עד נפש. און די, פליש פון אונדזער פליש, בלוט פון אונדזער בלוט, קומסט איך אַזאַ צײַט אויף נעמען בקמה פון יידן? אַרט דיך גאָר ניט, וואָס טויזנטער אַלמנות און יתומים וואַלגערן זיך אַרום אָן אַ דאַך, וואָס עס קלעקט שוין ניט קיין פּלאַץ צו באַגראָבן די טויטע? דו האָב נישט קיין רחמנות אויף אונדז, נאָר אויף די טויזנטער פאַרטריבענע, וואָס דאַרפן נעבעך אָנקומען צו אונדזער הילף.

בויטרע — ניט איך, כּלבֿים, ניט איך. איך, חיים בויטרע, וועל

צונעמען די קראַנקע און אָרעמע־לײַט און וועל זיי האָדעווען מיט קללות אויף קהל.

לעמעלע פוט — בויטרע וועט עפֿענען די שפּײַכלערס פֿון די גבֿירים נאָר פֿאַר זיי. ער וועט אָנטאָן די אָרעמע־לײַט אין סויבלנע פּעלצן, די יתומים אין סאַמעט און אײַך אונטערצינדן. מיר וועלן אונטערצינדן די גאַנצע וועלט, אַז איר זאָלט אומקומען צוזאַמען מיט זיי, מיט די הונגעריקע.

אַהרן־וואָלף — שלום, ייִדן דאַרפֿן איצטער האָבן שלום־בית. דער מלך האָט זיך אָנגעזעצט.

בויטרע — שלום? אָט האָט איר שלום. איר וועט קומען אויף דער חתונה פֿון בויטרען מיט דעם פּרנס־חודשעס טאָכטער...

אַהרן־וואָלף — רוצח! וואַרפֿט זיך אויף בויטרען און כאַפּט אים בײַם האַלדז.

בויטרע הייבט אים אויף איבערן קאָפּ און טוט אים אַ שלײַדער צו דער ערד.

אַהרן־וואָלף בלײַבט ליגן. די קהל־לייט טוליען זיך איינע צו די אַנדערע, אין שרעק.

בויטרע — זעצט זיך אויפֿן אָרט פֿון פּרנס־חודש. איך בין פּרנס־חודש.

לעמעלע פוט — טוט אַ זעץ אין טיש. ווו עס איז דאָ אַ גע־פּײַניקטער יונג, זאָל ער קומען, מיר וועלן נעמען פֿאַר אים נקמה! ווו עס איז ערגעץ דאָ אַן אַלמנה, אַ קראַנקער, אַ קרעציקער, זאָל ער קומען, מיר וועלן אים אויסהיילן.

בויטרע — קהל איז מסכים מיט דער דעה פֿון פּרנס־חודש?

לעמעלע פוט — קהל איז מסכים.

ערשטער דיין — אין שרעק. יע, מיט אַלץ מסכים, אַוודאי.

קהל־לייט — קהל איז מסכים, אַוודאי.

בויטרע — נעמט־אָן דעם יונגן־מאַן מיטן זײַדן טיכל בײַ דער האַנט, ציט־אַראָפּ אַ פֿינגערל פֿון זײַן פֿינגער. פֿאַר די אָרעמע־לײַט. זיי דאַרפֿן עסן פֿון זילבערנע כלים.

מעלקע — קומט־אַרויס פֿון לינקס מיט אַ קאַרב פֿאַרצעלייענע געשיר. **די ישובֿניקעס דאַרפֿן טרינקען אָקעוויט פֿון פֿאַרצעלייענע געשיר.**

בויטרע — **אמת! אמת! זימל, טראָג־אַריין אין פנקס, אַז בעקערײַ איז אַ מלאָכה.**

זימל קוקט מיט שרעק אויף אַהרן־וואָלפֿן און שרײַבט אין פנקס.

בויטרע — צו אַ יונג: **אָט דעם זייגער!** דער יונג קריכט־אַרויף, נעמט־אַראָפּ דעם זייגער פֿון דער וואַנט. **דעם פנקס אויך.** אַ יונג נעמט־צו דעם פנקס פֿון טיש. **די געגנדזענע פֿעדער...**

אַ יונג נעמט בײַ זימלען די געגנדזענע פֿעדער... און זימל שרײַבט אויך. ער וועט אַרײַנשרײַבן די חתונה, בויטרעס חתונה.

בויטרע און די יונגען גייען־אַרויס. אויף דער סצענע אַ טויט־שטילקייט. אַהרן־וואָלף הוסט זיך אויס ביסלעכווײַז. בלײַבט זיצן אויף דער ערד מיט פֿאַרבראָכענע הענט אויף דער קני.

אַהרן־וואָלף — **איש היה בארץ עוץ. והיה האיש ההוא תם וישר. ויהי מקנהו שבעת אַלפי צאן ושלשת אַלפי גמלים**[52]. ער בלײַבט זיצן שטיל. פּלוצלינג טוט ער זיך אַ הייב־אויף. **איך וועל אַרויסנעמען פֿון זײַנע הענט. גיט מיר דעם פֿעלץ!** שרײַט אין דער צווייטער שטוב אַרײַן. **ביילע, גיב מיר דעם פֿעלץ!**

פֿאָרהאַנג

---

[52] (איוב א) און עס איז געווען אין לאַנד עוץ, וואָס זײַן נאָמען איז געווען איוב. און געווען איז דער דאָזיקער מאַן אַ גאַנצער און אַן ערלעכער. (דאָ ווערט אויסגעלאָזט דער 3טער פּסוק: און עס זײַנען געבוירן געוואָרן בײַ אים זיבן זין און דרײַ טעכטער). און זײַן אייגנס איז געווען זיבן טויזנט שאָף און דרײַ טויזנט קעמלען.

## פינפטע בילד

דער אייגענער וואַלד, וואָס אין צווייטן בילד. עס זיצן בויטרע
און די בעקער־יונגען. אָוונט.

מעלקע — די אָרעמע־לײַט פֿון דער גאַנצער געגנט זוכן די חתונה, ניט נאָר אין קרעווער וואַלד. אַ סך זײַנען אַוועק אין זאַסקע־וויצער וואַלד צו די סמאָליאַרעס. זיי וועלן נאָך אַוועקגיין גאָט וויס ווו. לאַכן.

צווייטער יונג — אַז מען קאָן ניט זאָגן ווו, איז ווער עס וועט האָבן דאָס גליק, יענער וועט זײַן. מע וועט אַלץ זען אַן אייגענעם עולם, קבצן איבער קבצן.

בויטרע — ווו איז לעמעלע פּוטץ?

מעלקע — בײַ די קרעטשמאַרעס.

עס קומען־אָן אָרעמע־לייט, ישובניקעס. זיי גייען מיטן וועג פאַרבײַ, בלײַבן שטיין.

באַוואַקסענער יונגער־מאַן וואָס באַלעקט זיך — איר ווייסט ניט, בחורים, ווו איז דאָ בויטרעס חתונה?

מעלקע — גייט אַהין ווײַטער, בײַם טײַכל!

אַן אָרעמאַן — בײַם טײַכל גאָר?

אַ צווייטער אָרעמאַן — מע זאָגט, אַז קהל וועט איצטער איבערגיין צו אָרעמע־לײַט, בויטרע, זאָגט מען, איז איצט דער פּרנס־חודש.

אָרעמאַן מיט פאַרבונדענער באַק — מע זאָגט, אַז הײַ־יאָר וועט בויטרע אָפּגעבן אין רעקרוטן אַ גביר. ס׳איז אמת? עפּעס גלייבט זיך ניט.

צווייטער אָרעמאַן — ס׳איז אמת. הײַ־יאָר, זאָגט מען, וועט

ער אָפּגעבן נחומען. ער האָט צוגענומען ביי אים דעם קידושין־רינג און אים אַליין וועט ער אָפּגעבן אין רעקרוטן.

אַ יידענע — מע זאָגט, אַז ער וועט פירן די אָרעמע־לייט קיין וואָלין. ער ווייס דעם וועג.

צווייטער אָרעמאַן — משה רבינו!

ערשטער אָרעמאַן — אַ שיינער משה רבינו, ער לאָזט ניט צו פאַרן אויג.

אָרעמאַן מיט פאַרבונדענער באַק — און וואָס זאָגט מען עפּעס וועגן דער חתונה?

באַוואַקסענער אָרעמאַן וואָס באַלעקט זיך — מע זאָגט, אַז מען וועט געבן צו גאַנדז אויף אַן אָרעמאַן. דערנאָך וועט מען זיי געבן לאָקשן, וויפל זיי ווילן. און דערנאָך וועט מען זיי געבן צו טעלערלעך צימעס.

אָרעמאַן מיט פאַרבונדענער באַק — שנאָררײַרים! מע זאָל זיך אָבער האַלטן ווי מענטשן!

יידענע — סטערקע, זאָגט מען, וועט טיילן ביס און ראָזשינ־קעס אַלעמען.

צווייטער יונג — וווהין גייט איר? גייט אַהער, אויף רעכטס!

אָרעמע־לייט און יונגען אָפּ. בויטרע בלייבט זיצן אויף דער באַנק, עס ווערט טונקעלער. זינגט אַן אַלטע סאָלדאַטישע ליד, פון ניקאָליי דעם ערשטנס צייטן. פון דער סמאָליאַרניע קומט־אַרויס סטערע. זעצט זיך נעבן אים.

סטערע — נאָך דער חתונה ווילסטו אויך בלייבן וווינען אין דער סמאָלאַרניע?

בויטרע — יאָ.

סטערע — אין שטאָט האָסטו מורא צו וווינען? דו ווילסט עס זאָל זיין גערעכטיקייט? מע זאָל ניט נעמען מענטשן מיט געוואַלט און טאָן אַלץ. מע האָט מיך געוואַלט חתונה מאַכן מיט געוואַלט. פאַר וואָס ביסטו אַזוי אָנגעכמורעט? ביסט דאָך געווען אַמאָל אַ פריילע־כער, האָסט געזונגען, געטאַנצט.

בויטרע — יאָ.

סטערע — טו אַ שמייכל, לאַך! גו לאַך! דו ביסט דאָך אַ חתן!

בויטרע — טוט אַ שמייכל. בײַ דיר איז דאָ זומער־שפּרינקע־לעך אויף דער נאָז.

סטערע — צופרידן. ס'איז גאָר ניט. די זומער־שפּרינקעלעך וועלן אַראָפּ. איך וועל וואַשן דאָס פּנים מיט האָגל, דאָס העלפט. בויטרע שמייכלט. מיט צווײ וואָכן צוריק איז געווען אַ האָגל, זאָגט צו מיר ביילע: וואַש זיך אַרום, וועלן אַראָפּ די זומער־שפּרינקעלעך, אָבער איך האָב ניט געוואָלט. זאָל ער האָבן, מײַן חתן, אַ כּלה מיט זומער־שפּרינקעלעך. ס'וועט פּאַר אים אויך זײַן גוט. טוליעט זיך צו אים. דו ביסט אַזאַ שיינער... אפשר אין וואַלין? מע זאָגט ס'איז דאָרטן אַ נײַ לאַנד, ווו קיינעם קען מען ניט.

בויטרע — אין וואַלין? איצטער ניט. אַט דאָ זיץ איך. דאָרטן אונטן, די שטאָט, טאָר מער ניט זײַן אויף דער וועלט. זי וועט פֿאַר־וואַקסן מיט גראָז. עס וועט ניט צוקומען קיין פֿור צו דער שטאָט. די יונגעגן נישטערן־אַרום אין דער געגנט. בײַ נאַכט וועט מען דאָ ניט אָנצינדן קײַן פֿײַער, מע וועט מורא האָבן פֿאַר בויטרען... סטע־רע שווײַגט. בײַ מיר, אָט דאָ, אינעווייניק, איז דאָ נאָך עפּעס אַ טעמפּע זאַך, אַ שווערע, אַ פֿינצטערע. אָ! איך בין אַ ביטערער יונג, עס וועט זיך קערן חושך. איך וועל שמידן אין קייטן קהל־לײַט און זיי פֿאַרברענען אויפֿן פֿײַער. די נגידים וועלן ליגן געבונדענע אונ־טער טישן. איך וועל איבערעכן די שלעסער. זאָלן אָרעמע־לײַט צו־נעמען אַלץ. איך וועל צערײַסן ספֿר־תּורהס. איך וועל מאַכן, אַז זיי זאָלן אַלע לויפֿן אין רעקרוטן, כּדי צו ראַטעווען זיך פֿון בויטרען.

סטערע — יאָ, דו ביסט ניט שולדיק.

בויטרע — און דו האָסט ניט געדאַרפֿט גיין מיט מיר. דו ביסט דעם פּרנס־חודשס טאָכטער, דו גיי צוריק אַהיים.

סטערע — וואָס?! אַהיים? וווהין? טוט זיך אַ טרייסל. דער מאַ־הילנער ייִנגל? זשאַנדצע מאַטשאָנטשע! אַ גליטשיקער שלימזל! פֿאַר־דעקט זיך דאָס פּנים מיט די הענט. בויטרע הייבט זיך אויף, גייט־אַרײַן אין דער סמאָלאַרניע. זי בלײַבט זיצן פֿאַרצאַרנט.

סטערע — דאָס איז ניט ער, ניין, ניט ער! ער האָט פֿיינט מענטשן. זיי האָבן אים פֿאַרסמט. (וויינט). ער דאַרף אַנטלויפֿן פֿון דאַ־נען. ער מוז. מיר וועלן אַנטלויפֿן קיין וואָלין. דאָרט לעבט מען מסתמא, ווי איעדער וויל.

בויטרע — קומט־אַרויס פֿון דער סמאָלאַרניע. טראָגט אַ פּאַק, וויקלט אים פֿונאַנדער, לייגט־אויס אויף דער ערד גאָלדענע שיכלעך, קאַטינקעס, בראָ־קאַטן, זיידנס.

בויטרע — מיט אַ שמייכל. דיין אויסשטייער צו דער חתונה.

סטערע — גוט, וואָס דו האָסט איבערגענומען די פֿורן. צו וואָס דאַרף איך עס? צו אַזאַ חתונה דאַרף מען ניט די זאַכן. שפּרינגט־אויף. קום, אפֿשר קאָנסטו ווערן אַן אַנדערער? ווער פֿריילעכער! דו האָסט דאָך שטענדיק געלאַכט. נעמט אים אַרום. וויל מיט אים טאַנצן.

בויטרע — איך קאָן ניט. לאָזט זי אָפּ. זי פֿאַלט אויף דער באַנק און וויינט. אירע אַקסלען צוקן. בויטרע שטייט פֿון ווייטן און קוקט. שפּעטער גייט ער צו, זעצט זיך נעבן איר, קושט אירע האָר. הייבט־אויף איר קאָפּ. לייגט איר קאָפּ אויף זיינע אַקסלען. זי נעמט אים אַרום. קושט אים.

סטערע — קום, מיר וועלן אַוועקפֿאָרן אין וואָלין. דו ביסט ניט ווי אַלע דאָ. מיר וועלן האָבן אייגענע בראַזער[53]. דו וועסט האַנדלען מיט פֿלאַקס. דו וועסט אין קאַטש מיט דריי פֿערד פֿאָרן צו די פּריצים. איך וועל מיט דיר מיטפֿאָרן, ווי עס טוען די פּריצטעס פּאַדריאַדטשיקעס. קיינער וויס ניט. דו וועסט ווערן אָנגענומען ביי נאַטשאַלסטווע. דו קענסט מאָסקוויטאַריש[54]. בויטרע טוט אַ קרומען שמייכל. יאָ? דער איספּראַווניק[55] וועט פֿאָרפֿאָרן צו אונדז. מיר וועלן קומען אויף אַ באַל צום פּריץ. דו וועסט זיצן מיט זיי און ריידן געשעפֿט, איך וועל טאַנצן אַ פּאָלאָנעז. אָט אַזוי, מע האַלט זיך אויף די שפּיץ פֿינגערלעך... אָט אַזוי, גרינג. זי זינגט אַ פּאָלאָנעז און

[53] בראָנפֿן־פֿאַבריקלעך. — [54] רוסיש, מאָסקווער שטייגער. — [55] פּאָליציי־שעף.

טאַנצט. ווערט אין גאַנצן פֿאַרכאַפּט אין טאַנץ. בויטרע קוקט אויף איר זייער אָנגעשטרענגט. זי פֿאַלט אַ מידע. בויטרע נעמט זי אַרום.

בויטרע — פֿאַר וואָס ביסטו דעם פּרנס־חודשעס טאָכטער? פֿאַר וואָס ביסטו ניט אַן אָרעם מיידל פֿון דער סלאָבאָדקער געסל, וואָס טראָגט אַהיים וואַסער אויף דער קאָראָמיסלע[56]. עס טוט איר ווי די פּלייצע, איז זי נעענטער צו מיר. דו רעדסט און איך פֿאַרשטיי דיך ניט גוט, וואָס דו רעדסט. דו ביסט עפּעס אַזאַ ווי אייגע, וואָס קוקט־אַרויס דורכן פֿענצטער פֿון צווייטן גאָרן. מע דאַרף זיך אָפּשטעלן, אויפֿהייבן דעם קאָפּ און קוקן אויף איר. עס באַגט אָט דאָ אַ און עס בענקט זיך צו איר.

סטערע — איך ווייס ניט, צי דו האָסט עס מיך ליב אָדער דו האָסט עס פֿיינט מײַן טאַטן.

בויטרע — יאָ.

סטערע — לאָמיר לויפֿן פֿון דאַנען, חיים! לעמעלע פּוט דער־ציילט, בײַ נאַכט זײַנען די סיאָמגאַקעס באַפֿאַלן די סמאָלאַרניע, וואָס נעבן דעם שוואַרצן גאַסטינעץ. זיי האָבן זי צעטראָגן אויף אַש. זיי קאָנען קומען אַהער אויך. גיי, חיים, און קריג פֿערד, מיר וועלן אַוועקפֿאָרן. גיי, קריג פֿערד, דו קאָנסט דאָך.

עס הערן זיך געשרייען אין וואַלד, מענטשן לויפֿן. קולות פֿון ישובֿ־ניקעס.

סטערע — אײַ! פֿאַרוויקלט זיך אין פֿאַרטשילע.

שטימען פֿון ישובֿניקעס — מאָרדעווערט זיי, וואָס שווײַגט איר? אויף טויט?! אַנדערע שטימען. וואָס טוט איר, רירט ניט אָן קיין רבֿ! איר וועט ניט האָבן, ניט די וועלט, ניט יענע וועלט! בלוט־זויגערס!

שטימען פֿון ישובֿניקעס — ראַטעוועט! ראַטעוועט! עס לויפֿן־אַרײַן די קהל־לייט און בית־דין, צעשויבערטע, צעריסן די קליידער. יחיאל מלווה און דער ערשטער דיין זײַנען פֿאַרבלו־

[56] שטעקן צו טראָגן הענגערס מיט עמערס.

טיקט. סטערע דערזעט אַהרן־וואָלפן, טוט אַ געשריי און לויפט אַריין אין דער סמאָלאַרניע.

יחיאל מלווה — ראַטעוועט! די ישובניקעס ווילן אונדז אומ־ברענגען! ראַטעוועט!

קלמן גיטעלעס — אַהרן־וואָלפקע! אַהרן־וואָלפקע! האָסט אונדז אַריינגעטריבן אין אַ גרוב אַריין.

אַהרן־וואָלף — ביסט געגערעכט, קלמן, איך בין מסתמא גע־רירט פון זינען! דערזעט בויטרען און בלייבט ווי פאַרגליווערט. עס לויפן־אַריין די ישובניקעס מיט שטעקנס אין די הענט און מיט שטיינער, צווישן זיי געפינט זיך לעמעלע פוט.

הויכער קרעטשמער — ביי אונדז וועלן פאַלן די קינדער און זיי וועלן זיך וווינען אין נייע שטיבער?!

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — ממיתן! אַ סוף זאָל עס נעמען! ממיתן!

די ישובניקעס דערזען בויטרען, בלייבן שטיין.

בויטרע — וואָס איז?

לעמעלע פוט — די אָרעמע־לייט פון דער געגנט און די ישובניקעס קלייבן זיך צו דער חתונה. ביי אַלע סמאָלאַרניעס ליגן מחנות מענטשן. מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען קהל און געבראַכט ברויט פאַר די הונגעריקע. די ישובניקעס זיינען זיי באַפאַלן, קוים האָב איך זיי אַרויסגעראַטעוועט, געבראַכט אַהער.

בויטרע — צו די ישובניקעס. גייט!

די ישובניקעס גייען שווייגנדיק אָפּ.

ערשטער דיין — אוי, מען זאָל שלאָגן אַ דיק, דאָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן! וואָס איז קהל שולדיק, אַז עס זיינען, רחמנא ליצלן, דאָ גזירות אויף יידן?

אַהרן־וואָלף — חיים, מיר זיינען געקומען צו דער חתונה. קהל איז שולדיק, איך בין שולדיק. איך האָב געזינדיקט קעגן דיר.

גערעכט האָסטו געטאָן, וואָס דו האָסט אונטערגעצונדן די פֿלאַקס, וואָס דו האָסט מיך בדיל הדל געשטעלט. איך בין ווערט, קהל וויל דיך פֿאַרגיטיקן. איך פֿון מײַן זײַט גיי־אײַן אויפֿן שידוך מיט מײַן טאָכטער סטערע. דו זאָלסט אויסלעבן מיט איר די יאָרן. און די טויזנט זילבערנע גילדן נדן, וואָס איך האָב געהאַט בדעה צו געבן דעם מאָהילנער רבי, גיב איך עס דיר אָפּ אין האַנט אַרײַן, אַז דו זאָלסט מיט מײַן טאָכטער בויען אַ הויז בישׂראל. קהל וועט דיך צושרײַבן און עס וועט אָפּגעמעקט ווערן אַ פֿלעק פֿון אונדזער קהילה קדושה, די עוולה וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן דיר.

יחיאל מלווה — אָבער בתנאי, אַז דו זאָלסט אָפּגעבן מײַן געלט. ווײנט. מײַן בלוט, מײַן האָרעוואַניע! גאָט וועט דיר ניט מוחל זײַן!

אַהרן־וואָלף — יחיאל, הער־אויף, מיר וועלן אַדורכקומען.

בויטרע — ניטאָ מער קיין קהל, איך בין קהל! איך וויל ניט מען זאָל מיך באַגיטיקן.

אַהרן־וואָלף — די טויזנט זילבערנע גילדן באַקומסטו אויף דער האַנט. ער נעמט־אַרויס אַ בײַטל געלט, נאָר בויטרע רירט זיך ניט פֿון אָרט. און דו וועסט באַקומען אַ כּתב אונטערגעשריבן און געחתמעט פֿון קהל און בית־דין, אַז די קהילה איז זיך מתחייב אָפּצוהיטן דיך פֿון גוייִשע הענט, דיך און דײַנע קינדער און קינדס־קינדער.

רב — פֿאַר אַ בעל־תשובֿה זײַנען קיין מאָל די טויערן פֿון רחמים ניט פֿאַרשלאָסן. במקום שבעל־תשובֿה עומד אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד. תנא ריש לקיש איז געווען אַמאָל אַ גזלן.

אַהרן־וואָלף — ווער איז אַ גזלן? דאָ זײַנען ניטאָ קיין גזלנים.

סטערע — קומט־אַרויס פֿון סמאָלאַרניע, בלײַבט שטיין אַקעגן דעם פֿאָטער. אָטעמט שווער.

אַהרן־וואָלף — ווישט אָ טרער און ציטערט. סטערע, טאָכ־

טער, איך בין געקומען צו דײַן חתונה, כאָטש דו האָסט מיך ניט פֿאַרבעטן.

סטערע — דו ביסט געקומען צו מײַן חתונה? און ווו איז מײַן מומעביילע?

אהרן־וואָלף — זי איז קראַנק געוואָרן, טאָכטער, פֿון צרות קראַנק געוואָרן. זײַ מיר מוחל, איך האָב געטון געזינדיקט קעגן דיר, טאָכטער. איך בין שולדיק, איך בין אַ רוצח. איך וויל זיך אָבער ריינוואַשן קעגן אײַך, טאָכטער. צו די ווײַבער און דעם בראָנפֿן בײַ מיר אין שטוב האָט מען זיך נאָך ניט צוגערירט. די קעכינס שטייען נאָך בײַ די אויוונס. איך וועל אויך שטעלן טישן פֿאַר אָרעמע־לײַט. איך וועל טיילן צדקה בײַ אַלע שוועלן, עס זאָל נאָר זײַן פֿאַרגעבונג פֿאַר מײַן שולד.

סטערע — טאַטע, אַהיים וועל איך ניט גייז! ווײַזט אויף בויט־רען. איך בין אַזוי ווי ער. מיר בײדע האָבן נישט קיין היים. איר וועט נאָך זען! מיר וועלן נאָך וווינען אין די גרויסע שטעט. מיר וועלן נאָך גיין אין די טעאַטערן. מיר וועלן רײַטן אויף פֿערד. צע־קאָכט. וואַרט, און דעמאָלט וועלן מיר אײַך נאָך ווײַזן! ווײַזט דעם פֿאָטער אַ פֿויסט פֿון דער לינקער האַנט.

אַלע — אײַ!

לעמעלע פּוט — לאַכט זיך פּלוצלינג פֿונאַנדער. וואָס זאָג־סטו צו איר?

סטערע — מיר וועלן נאָך אײַך באַצאָלן. איר זײַט בײַטשוק־לעך[57]! איר טראָגט לעדערנע הויזן מיט העלצלעך אַנשטאָט קנעפּ, און איר טוט־אָן אויף דעם דרײַ קאַפּטנס מיט פּעלץ. פֿע! מיאוסע ייִדן! אָט האַנדלט איר מיט היִנער! וועלכער שוואַרץ־יאָר האַנדלט עס מיט היִנער? און איר פֿאַרלײַט געלט אויף וואָכער צו אַלע פּריי־צים און אַליין גייט איר אָן אַ העמד. טפֿוי אויף אײַך! זיי האָבן מיך געוואָלט חתונה מאַכן מיט דעם מאָהילנער רבֿס זינדל, וועל איך

[57] אויסניצערס מיט אַ שטאַרקער האַנט (מיט אַ בײַטש), בײַד חזקה.

אים אַריינוואַרפֿן אין טײַך. אויף טויט. צום טאָטן: וואָס מײנסטו זיך? דו ווילסט אָנשלעפּן אַ קללה אויף אונדז אַלעמען?

אַהרן־וואָלף — פֿאַרדעקט ס׳פּנים מיט די הענט. דו ביסט גערעכט, טאָכטער, דו ביסט גערעכט. אויב מיך וועט טרעפֿן די שטראָף, בין איך שולדיק. איך, אַהרן־וואָלף, דער פּרנס־חודש, האָב געזינדיקט קעגן אײַך, וויל איך ריינוואַשן מײַן זינד. איך בין צו־פֿרידן, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט. איך בין צופֿרידן, וואָס דו האָסט אויסגעפֿונען דײַן באַשערטן. אין אַ מזלדיקער שעה, טאָכ־טער! איך וועל מודיע זײַן אין אַלע קהילות, אַז אַהרן־וואָלף מאַכט חתונה זײַן טאָכטער פֿאַר בויטרען און נעמט אים פֿאַר אַן אייגענעם זון, כּדי די וועלט זאָל זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר.

בויטרע — לעמעלע, פֿיר־אָפּ קהל און בית־דין אין דער סמאָ־ליאַרניע.

אַהרן־וואָלף — קומט, בית־דין, קהל־לײַט, קומט! גייען.

רב — עס זאָל זײַן מיט מזל און עס זאָל זײַן שוין אַן אויפֿ־הער פֿון די גזירות און פּורעניות אויף ייִדן!

אַהרן־וואָלף — אין אַ מזלדיקער שעה! אין אַ מזלדיקער שעה!

לעמעלע פּוט, קהל־לײַט און בית־דין אָפּ. די זון פֿאַרגייט בויטרע בלײַבט שטיין ווי צוגעשמידט צום אָרט. סטערע נעבן אים.

סטערע — דו ביסט אַזאַ שטאַרקער, קהל האָט דיר געמוזט נאָכגעבן. איך וועל מיך אָנטאָן צו דער חתונה אין מײַן נײַעם אויס־שטײַער. מיר וועלן פּראַווען אַ פּריצישע חתונה.

בויטרע — יאָ.

לעמעלע פּוט — קומט־אַרויס פֿון דער סמאָליאַרניע, טראָגט אַ טאָפּ בראָנפֿן מיט צובײַסן. שטעלט עס אויף דער ערד, עס ווערט טונקעלער. מיר וועלן נעמען אַ ביסל בראָנפֿן. הײַנט ביסטו די לעצ־טע נאַכט אַ בחור.

בויטרע — ווילסטו טרינקען אַ ביסל בראָנפֿן, סטערע?

סטערע — יע!

זעצן זיך אויף דער ערד און טרינקען

לעמעלע פּוטש — עס וועט זײַן טשיקאַווע.

בויטרע — יע!

לעמעלע פּוטש — אַט דאָס הייסט געראַבעוועט. אַט דאָס פאַרשטיי איך.

בויטרע — יע.

לעמעלע פּוטש — עס וועט זיך אַ טרייסל טאָן די געגנט.

בויטרע — יע.

סטערע — הייבט זיך אויף. איך האָב דאָ מורא צו זיצן מיט אײַך. זי גייט־אַוועק, שפּאַרט זיך אָן אין אַ בוים. פון טונקלעניש זעט זיך בלויז אַרויס איר קלייד ווי אַ ווײַסער פלעק.

לעמעלע פּוטש — שטיל. עס איז אַ משוגענע מויד, ווי דער טאַטע אירער. וואָס וויל זי?

בויטרע — מיר וועלן שוין דעם אַהרן־וואָלפן פּראַווען אַ חתונה.

לעמעלע — לאַכט.

בויטרע — הייבט־אָן זינגען שטילערהייט. לעמעלע כאַפּט־אונטער.

די וועגן שלאָפן שוין, עס שלאָפט די וועלט —
די כלאָפּעס און די שררות.
נאָר פייגל שלאָפן ניט אין קרעטשער וואַלד,
בויטרע שרײַט פון צרות.

און אַז ער גייט־אַרויס אין מיטן נאַכט
באַפאַלט אַ גרויסע אימה,
ווײַל ער גייט העלפן דעם געמיינעם מאַן
און דער אַלמנה און יתומה.

נאָר בויטרע גזלן אין דעם טיפן וואַלד
קוילעט מיט אַ מעסער!
די סטערקעלע האָט מיך געקוילעט
פיל שענער און פיל בעסער.

פאָרהאַנג

## זעקסט בילד

א חתונה אין קרעווער וואַלד. די טישן — ברעטער איבער־געלייגט איבער סמאָלע־פּעסער. קיין טישטעכער זײַנען ניטאָ. אויף די הוילע ברעטער פון די טישן — פּאַרצעלײַענע געשיר, זילבערנע כלים. עס שלאָגט אַ דאַמף פון געבראָטנס. די סצענע איז געפּאַקט מיט ישובניקעס, בעקער־יונגען, אָרעמע־לײַט. קהל און בית־דין זיצן בײַ אַ באַזונדערן טיש. בויטרע און סטערע אויבן אָן. די קלעזמאָרים אין אַ ווינקל.

באַוואַקסענער אָרעמאַן וואָס באַלעקט זיך — גיט נאָך, סאָראַ מאכל! די געענדז טונקען זיך אין שמאַלץ. בויטרע, גיב נאָך, מיר׳ן דיר אָפּעסן דעם קאָפּ.

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — אָט דאָס, וואָס מען גיט ווײַטשערע פאַר דער חופּה, איז גוט. מיר׳ן עסן, פרעסן ביז מיר׳ן פּלאַצן. אָט דאָס איז גוט.

באַוואַקסענער אָרעמאַן — די קלעזמאָרים זאָלן שפּילן די פריילעכע זאַכן. די וועלט זאָגט, אַז בעת מע שפּילט עסט זיך בעסער. מיר דאַרפן הײַנט עסן און עסן. עס איז פאַראַן פון כל־טוב. אַ פריילעכס! קלעזמאָרים, איר הערט צי ניט? די אָרעמע־לײַט זײַנען הײַנט די סאַמע גלאַוונע מחותּנים.

אָרעמאַן מיט פאַרבונדענער באַק — כאַפּט ניט! אַ בייזער יאָר! ס׳ליגן אין מײַן טעלער!

ישובניק מיטן ציגן בערדל — חתן, די אָרעמע־לײַט צעגנבֿענען די זילבערנע לעפל.

אָרעמאַן מיט פאַרבונדענער באַק — האַלט אַ שטיק גאַנדז אין האַנט. אַ בייזער יאָר אויף אײַך! ווו געפינט איר זיך? עס איז בויטרעס חתונה צי ניט?

אַ קליינער ישובניק — ס'איז ניט בויטרעס חתונה, ס'איז אונדזער אַלעמענס חתונה.

באַוואַקסענער אַרעמאַן — בויטרע טוט אַ שידוך מיטן פּרנס־חודש. קהל נעמט אים אויף קעסט. ס'איז אונדזער שמחה. גיט נאָך! פֿאַר מיר נאָך אַ האַלבע גאַנדז. נאָך דעם וועל איך עסן אײַנ־געמאַכטס. חתן, די קלעזמאָרים וועלן שפּילן צי ניט? אויב מע וועט ניט שפּילן, וועלן מיר אַוועקגיין.

אַרעמאַן מיט פֿאַרבונדענער באַק — ייִדענע, עסט ניט מיט די הענט.

ייִדענע — מײַנע הענט זײַנען ריינער פֿון דײַן מויל, ממזר.

ערשטע ייִדענע — זע ווי סטערקע איז הײַנט אויסגעפּוצט ווי אַ פּריצטע!

צווייטע ייִדענע — ס'איז דאָך דער נײַער אויסשטײַער, וואָס ער האָט צוגעזלט.

שטימען פֿון וואַלד — קומט, קומט, מע דאַרף נאָך גיין היפּ־שע עטלעכע מײַל! אָט דאָ איז בויטרעס חתונה? אָט דאָ? לאָזט־אַרײַן! אַנדערע שטימען: קומט ס'איז ניט דאָ!

באַוואַקסענער אַרעמאַן וואָס באַלעקט זיך — אַך, סאַראַ גוטס! געפּילטע העלדזלעך! איך וועל דאָ אויסגיין פֿון תּענו־גים. איכ'ל מיר עסן ביזן טויט אַרײַן און די אײַנגעמאַכטס וועל איך לאָזן אויף שפּעטער.

אַרעמאַן מיט פֿאַרבונדענער באַק — מיט שרעק. אוי, ווײ, מער קריכט ניט בײַ מיר. איכ'ל אַרויסגיין אין דרויסן, איך דאַרף האָבן אויף אַ רגע אין דרויסן! לויפֿט אין וואַלד.

קרעטשמער מיט צעשפּאָלטענער ליפּ — חתן, גיב אָקעוויטן! פּראָסטע בראָנפֿן טרינקט מען אַ גאַנץ יאָר! הײַנט ווילט זיך אַ ביסל אָקעוויט.

געלער קרעטשמער — סוף־כּל־סוף, וואָס שווײַגט מען? מען וועט זיי אַרויסלאָזן פֿון דאַנען מיטן לעבן? קהלשע שפּײַכלערס.

הויכער קרעטשמער — ווען מען איז מענטשן שווײַגט מען טאַקע ניט. קרעטשמאַרעס זײַנען אָבער בידלעס[58].

בויטרע — קוקט אויפֿן געלן קרעטשמער. דו, געלער!

אַהרן־וואָלף — וויפֿל איז דער זייגער? עפּעס רוקט זיך ניט דער זייגער פֿון אָרט.

באַוואַקסענער אָרעמאַן — אוי, ווײ, סע עסט זיך! אוי, ווײ, סע עסט זיך! זינגט איך לעב! אַ מחיה! מחותן, דער איבער־שטער זאָל געבן, איר זאָלט דערפֿאַר נחת האָבן פֿון אײַער טאָכטער און פֿון בויטרען אַפֿילו. אָבער פֿאַר וואָס שפּילן ניט די קלעזמאָ־רים? מע האַלט, אַז סע עסט זיך בעסער.

לעמעלע פּוט — שפּילט, קלעזמאָרים!

אָרעמע לייט — אַ פֿריילעכס! אַ פֿריילעכס!

די קלעזמאָרים שפּילן אַ פֿריילעכס.

בויטרע — שפּילט ניט קיין פֿריילעכס! איך האָב פֿײַנט צו הערן.

קלעזמאָרים האַקן־אָפּ. עס ווערט שטיל. פּלוצעם הערט זיך אַ טומל אין וואַלד. קהל און בית־דין הייבן זיך פֿון אָרט. אַהרן־וואָלף שפּרינגט־אויף. אויף דער סצענע אַ טויטשטילקייט, די אָרעמע־לייט הערן־אויף צו עסן.

אָרעמאַן מיט פֿאַרבונדענער באַק — פֿון דרויסן. לאָזט־אַרײַן, חתן, דאָס בין איך! חתן, איך קאָן שוין עסן ווײַטער, לאָזט מיך דורך גיכער.

קלמן גיטעלעס — ער איז משוגע געוואָרן, אַהרן־וואָלף, ער איז משוגע געוואָרן.

באַוואַקסענער אָרעמאַן — שיכּורלעך. אָט איז אַ חתונה, אָט דאָס פֿאַרשטייט איך! ווײַבער, מיר צעקושן זיך!

ערשטע יידענע — גיי, טשוטשעלע[59], גיי, אויך אַ מענטש!

---

[58] (פּויליש) בהמות. — [59] סטראַשידלע.

צווייטע יידענע — אַז סע איז גאָר קיין בושה ניטאָ, עס זיצן ייִדן בעל־הבתּים. און אַ...

באַוואַקסענער אָרעמאַן — צעלאַכט זיך, זינגט שיכורערהייט און קנאַקט מיט די פינגער.

פון וויטנס אין וואַלד הערט זיך דאָס קלאַפּן פון מיליטערישע פּייקלעך.

לעמעלע פּוט — פליט־אַרויס. אַ רגע שטיל.

ירחמיאל בעל־עגלה — קומט־אַריין אין יום־טובֿדיקע קליידער, מיט אַ בייטש אין דער האַנט. געבראַכט אַ וואָגן אָרעמע־לײַט און די ווײַבער מיט די קינדער אויך. סע קערט זיך חושך. דער שוואַרצער גאַסטינעץ איז פול מיט מענטשן. מזל־טובֿ, חתן! קושטי בויטרען. מזל־טובֿ, כּלה! וואָס, מע פאַרט קיין וואַלין? אַזוי! נאָך דער חתונה, באַלד אַלע קיין וואַלין? נו, וואָדען? די אָרעמע־לײַט וועלן ווערן פּויערים. גענוג געבידעוועט! אַזוי? איך פאָר אויך. ירחמיאל בעל־עגלה אויך. וואָדען? אַן אייגענע מלוכה, וואָדען?

בויטרע — זיץ, ירחמיאל, זעץ זיך!

ירחמיאל בעל־עגלה — אײַ, ווען דײַן טאַטע ישׂראל וואָלט איצט געלעבט, וואָלט ער נחת געהאַט: סאַראַ גדולה! אַ פּראָסטן בעל־עגלהס ייִנגל געוועזן, וואָדען! דו פירסט טאַקע אַרויס די גע־מיינע מענטשן קיין וואַלין? אַזוי, אַ מלך! אַ פּאַלנער מלך! אַט דאָס פאַרשטיי איך. גענוג געהאָרעוועט פאַר די נגידים. עס איז שוין ברוך־השם דערגאַנגען ביזן האַלדז. זאָל דער אָרעמאַן עפּעס פאַר זיך אויך טאָן. וואָדען? ווי דער נבֿיא זאָגט: אַ וואָלף מיט אַ וואָלף און אַ שעפּס מיט אַ שעפּס.

קלמן גיטעלעס — צום בית־דין. פּש... אַ גרויסער למדן! בעל־עגלה בן בעל־עגלה.

ירחמיאל בעל־עגלה — לחיים, ייִדן, לחיים, אַ סוף צו די צרות! וואָס איז? סע זאָל זײַן פריילעך! מיר׳ן גיין אַ טענצל. פאָר־

קאַטשעט די קאַפּאָטע, טאַנצט. מיירים, אַ קאַזאַק! לאָמיר זינגען די קאַזע! ייִדן, עס איז משיחס צײַטן! ייִדן, פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ[60].

אַלע — פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ! פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ!

מיירים — טוט זיך אָן אַ פּעלכל אויף דער לינקער זײַט. עז — אַ ציג, ייִתוש — אַ פליג, יגון ואנחה — הונגער און נויט! לחם — אַ טרוקן שטיקל ברויט.

אַלע — פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ! פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ!

מיירים — מחבת — אַ פּײַערפאַן, עני — אַן אָרעמאַן, ישן — לייג זיך שלאָפן, עץ — מיט אַ שטעקל האַלץ צוקאָפּנס...

אַלע — פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ! פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ!

מיירים — מכּה טריה — איז, ניט דאַ געדאַכט, אַ געשוויר, נגיד — איז דער טײַטש אַ גבֿיר. אָדם — איז ניט מער ווי מענטש, אווזים — ברענגט מען אים די פעטע לעבעדעווער געגנדז!

אַלע — פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ! פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ!

מיירים — אַהאַ! איז וויגעשריי... מה היה לנו — הייסט, אַז אַך־און־וויי! משמני הארץ — אַ גבֿיר פּרעגלט זיך אין שמאַלץ, מלח — אַן אָרעמאַן טונקט־אײַן דאָס ברויט אין זאַלץ און לייגט זיך שלאָפן הונגעריק אויפן האַרטן באַנק, און אין שטוב איז ניט גע־הייצט און עס בלאָזט אַ ווינט, עס איז אים שוין ממילא ווי און ווינד.

אַלע — פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ! פרידע קאַזאַ דאַ וואַזאַ!

עס דערהערט זיך דאָס קלאַפּן פון די פייקלעך אין וואַלד, דער עולם ווערט שטיל.

מעלקע — לויפט אַרײַן. דער גאַנצער וואַלד איז אַרומגענומען מיט דעסיאַטניקעס[61]! אַרויסגיין פון וואַלד קאָן מען נישט.

סטערע — אײַ, דאָס האָט ער אונדז אַרומגענומען! דאָס האָט ער געטאָן! צום פאָטער. איך׳ל קומען צום אַסעסאָר זאָגן, אַז דו האָסט אויסבאַהאַלטן מענטשן פון נאַלאָג, סאָלדאָטן, איך׳ל זאָגן, אַז

---

[60] די ציג וועט קומען צום וואָגן. — [61] אָנפירערס פון צען מאַן.

דו גנבֿעסט זשעליכאָוויצקיס בראָנפֿן, ער איז ניט פֿרום! גלייבט אים ניט! ער האָט אַ מאָל פֿרײַטיק־צו־נאַכט געציילט געלט און האָט אָנגעצונדן ליכט!

אַהרן־וואָלף — קהל ווייס ניט פֿון וואָס צו זאָגן. גלייבט איר ניט. דאָס האָט זיך מסתּמא דער יונג אָפּגעריכט. דער אַסעסאָר איז אַ שיכּור און אַ יאַבעדניק און אים ליגן גאָר ניט אין קאָפּ קהלשע זאַכן.

בויטרע — זעצט־אַוועק סטערן אויף איר אָרט. לאָז! איכ׳ל אַליין! קלעזמאָרים, שפּילט! מאַרשעלעק, איך וויל זאָגן די דרשה.

מיירים — מיטן ניגון פֿון מאַרשעליק. החתן הנגיד, מורנו הרבֿ רב חיים ברב ישׂראל בעל־עגלה וועט זאָגן די דרשה! אָן ניגון. אַ פּנים, אַז וועגן דער חופּה טראַכט מען סײַ ווי סײַ ניט.

בויטרע — אויף. ער איז בליין. ישׂראל דעם בעל־עגלהס יינגל, חיימקע, איז געגאַנגען אין חדר צום גמרא־מלמד. ער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ. ישׂראל האָט געפֿירט ר׳ אַהרן־וואָלפֿס פֿלאַקס. אַ מאָל, סוף ווינטער, איז ער דערטרונקען געוואָרן. מע האָט אים געבראַכט אויף אַ פֿויערישער פֿור איבערגעדעקט מיט אַ פּעלץ. די מאַמע האָט געזוכט אַ תּכלית פֿאַר דעם יינגל. די בעלי־מלאָכות האָבן אים ניט גענומען. זיי האָבן געבעטן צען גילדן אַ יאָר. דער יונג איז געשטאַנען מיט עמערס וואַסער בײַ חתונות, מע זאָל אַרײַנוואַרפֿן אַ גראָשן. ער איז געווען אַ גאַסניונג. ער האָט געטריבן די טויבן פֿון דאַך פֿון פּרנס־חודש. און סטערע, ר׳ וואָלפֿס טאָכטער, איז געזעסן אין פֿענצטער און האָט געלאַכט. זי איז געווען אַ קליין מיידל און האָט האָלט געהאַט חיימקען. ער איז געווען אַ גאַסניונג. אַ מאָל האָט ער געוואָרפֿן אַ שטיין און געטראָפֿן אין קלמן גיטעלעס אַ גאַנדז. ר׳ קלמן איז תּיכּף געלאָפֿן צו קהל, אַז מע זאָל דעם יונג דערפֿאַר אָפּגעבן צו די סאָלדאַטן. קהל איז באַשטאַנען. אויף חיימקען זײַנען אָנגעקומען שווערע צײַטן. באַנטשע האָט אים גע־יאָגט אַ יאָר נאָך אַנאַנד איבער אַלע קרעטשמעס, אין די ישיבֿות; און אַ מאָל, אַז חיימקע איז געשלאָפֿן אין דער ווײַבערשער שול,

האָבן זיי אים געשמידט אין קייטן. קהל האָט אים געהאַלטן אין קונע; דערנאָך האָט מען דעם יינגל געפֿירט אין סמאָלענסק; ער איז געלעגן אויף שטרוי פֿון אַ וואָגן; און דעמאָלט איז אים איינ־געפֿאַלן, אַז אַלץ הייבט זיך ערשט אָן. דאָס יינגל, חיימקע, קאָן ניט וויינען. בײַ אים ווײַזן זיך עפּעס ניט קיין טרערן. ער האָט צוויי יאָר געדינט אין סאָלדאַטן. זיי האָבן שוין געמיינט, אַז ער איז גע־וואָרן מרה־שחורה. בײַ נאַכט איז ער אַרויס פֿון קאַזאַרמע, כּלומרשט אויף אַ זאַך. ער איז אַריבערגעקראָכן דעם פּאַרקאַן און אַוועק מיט די גריבער. ער איז געלאָפֿן אַ גאַנצע נאַכט. נאָך דעם האָט ער זיך חדשים־לאַנג געוואַלגערט אין וועג. ער פֿלעגט בײַ טאָג זיצן ערגעץ אין אַ גרוב און בײַ נאַכט ווידער אַרומקריכן, לאָזן זיך אין וועג אַרײַן, ביז ער איז צוריקגעקומען אין זײַן שטאָט, צוריק אַהער, אויף זײַן שוואַרצער חתונה, אַט איצטער, אין דעם קרעווער וואַלד.

סטערע — וויינט. אַ טויטשטילקייט.

בויטרע — וואָס האָט דאָס קליינע יינגל, חיימקע, געטאָן אַזוינס, אַז קהל זאָל אים אַוועקשיקן אַ געשמידטן אין קייטן? וואָס האָט קהל געוואָלט פֿון דעם קליינעם יינגל חיימקע? פֿאַר וואָס האָט קהל גענומען אַט דאָס קליינע יינגל און אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער וועלט? ער איז אַוועק מיט דער האַק ווי אַ גזלן. ער טאָר ניט דערמאָנען זײַן אייגענעם נאָמען. ער וואָגלט אַרום איבער ישובֿים ווי אַ וואָלף און קערט זיך אום ווען ער דערזעט ערגעץ אַ פֿײַערל אין אַ פֿענצטער. ער איז געוואָרן חיים בויטרע! אַ סטראַשידלע פֿאַר די קליינע קינדער, מיט אַן אײַזערנער רייף אַרום בויך. ייִדן, בעלי־בתּים, איך וויל אַרײַן אין אײַך ווי די תּוכחה, ווי צעלאָזענער שוועבל, און דער פּרנס־חודש און קהל וועלן בלײַבן אויף אייביק די אייגענע סטראַשידלע וואָס איך! אַ טויטשטילקייט.

סטערע — טוליעט זיך צו בויטרען. אַהרן־וואָלף זיצט מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין טיש. די בעלי־בתּים פּאַרגליווערטע פֿון שרעק קוקן אויף דער ערד.

אַן אָרעמאַן — מע דאַרף אויסקוילעגען אַלעמען!

בערל באַס — זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף דעם געמיינעם מענטשן און צאַפּן פון אים טראָפּנווייז.

קרעטשמער נויט צעשפּאָלטענער ליפּ — און דאָס, וואָס קינדער און עופעלעך גייען־אויס ביי דער שטאָט און מען האָט אַפילו קיין רפואה ניט געשיקט, אָט דאָס מעג מען?

דאָס קלאַפּן פון די פּייקלעך הערט זיך גאָר נאָענט. אויף דער סצענע ווערט ווידער שטיל. די בעלי־בתים הייבן אויף די קעפּ.

שטים פון וואַלד — חיים! אַנטלויף, חיים! דער אַסעסאָר און צוויי הונדערט דעסיאַטניקעס גייען אַהער!

קהל און בית־דין שפּרינגען־אויף פון די ערטער. דער אָרעמער טיש — שרעקלעך חערשראַקן. בויטרע בלייבט זיצן. ווי ס׳וואָלט גאָר ניט פּאַסירט, סטערע פּאַלט־צו צום טיש און וויינט.

באַוואַקסענער אָרעמאַן — אוי, מע וועט אונדז אַרעש־טעווען!

אַהרן־וואָלף — באַקומט פּלוצעם זיין פּריערדיקן אויסזען. וואָס האָסטו געמיינט, חימקע, ס׳איז הפקר אַ וועלט! וואָס האָסטו געמיינט, דו טיפה סרוחה, אַז דו וועסט טרעטן ייִדישקייט? קהל איז קהל, און דו, טאַכטער, קום איצטער מיט מיר! וועל איך דיר נאָך מוחל זיין. זיי מיך ניט מבייש פאַר מענטשן, טאַכטער.

סטערע — שפּרינגט צום טאַטן. וויל זיך אויף אים וואַרפן.

בויטרע — נעמט זי און זעצט זי אַוועק נעבן זיך. איכ׳ל אַליין.

רב — צו בויטרען. פּושע ישראל, דו האָסט זיך געטראַכט, לית דין ולית דיין. וואַרט, מע וועט דיר נאָך קאַטעווען די הויט. צי ווייסטו, אַז אַפילו אין גיהנום איז פאַר דיר קיין אָרט ניטאָ. ייִדן, על דעת המקום ועל דעת בית־דין בין איך גוזר, ווער ס׳האָט נאָר אַ פונק ייִדישקייט אין האַרצן, זאָל שוין אָפּטרעטן פון זיינע ד׳ אַמות. אַלע שווייגן.

לעמעלע פּוט — פּליט אַריין. חיימקע, אַנטלויף! חיימקע!

בויטרע — צו לעמעלע. וואַרט, ר׳ אַהרן־וואָלף, מען דאַרף נאָך מסדר קידושין זײַן!

אַהרן־וואָלף — אין גיהנום־געגנט וועט מען דיך מסדר קידושין זײַן מיט דער מלכּה שבֿא.

בויטרע — הייבט זיך אויף. אַלע רוקן זיך אָפּ. ער גייט־צו, נעמט דעם רבֿ מיטן ערשטן דיין פֿאַרן קאָלנער, שטעלט זיי אַוועק נעבן טיש, ווו ער זיצט מיט סטערען.

ערשטער דיין — ראַטויטיע! זלאָדזשעי![58]

בויטרע — זײַט מסדר קדושין.

אַהרן־וואָלף — צעקאָכט. זאָלסט מיר ניט סטײַען. רוצח! מײַן טאָכטער איז פֿאַר דיר ניט קיין כּלה! עפֿנט די טירן, מע וועט אײַך אַלעמען אַרעשטעווען! מע וועט אײַך דאָ אַלעמען שמידן אין קייטן.

בויטרע — נעמט סטערעס האַנט און טוט איר אָן אַ פֿינגערל. הרי אַת מקודשת לי בטבעת זו כּדת משה וישׂראל!

אַהרן־וואָלף — איי, ממיתט אים! וואָס האָט ער געטאָן? איי! קיינער רירט זיך ניט פֿון אָרט. בויטרע און סטערע זיצן זיך רויק ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען. אַ ווײַלע שטיל. אַ פֿאַרגליווערטע פּויזע. די פּײַקלעך דערהערט מען אונטערן נאָענטן בערגל.

אַ שטים פֿון וואַלד — חיים, אָט גייען זיי שוין! אָט קומען זיי אָן!

בויטרע — צו לעמעלע פּוט. אַרויסגיין קאָן מען ניט?

לעמעלע פּוט — ניין.

בויטרע — צינד דעם וואַלד! צינד דעם ברעג!

לעמעלע — קערעוועט זיך אָפּ, נעמט אַ ליכט און צינד־אונטער אַ פֿעסל סמאָלע. קיינער באַמערקט ניט. קלעזמאָרים, אַ פֿריילעכס!

בערל באַס — שפּילט קראָשים, שפּילט! ער איז ווערט! ער האָט פֿאַרדינט!

---

[58] ראַטעוועט! גנבֿים!

קלעזמאָרים טוען אַ זעץ מיט אַ ברען. בערל זינגט־מיט.

שבח — טוט זיך אַ וואָרף צו דער פּויק. סמאַליע!

בערל באַס — שבֿחקע, זעץ אין די טאַצן!

יעקל — שטיל. אַז די סטרונעס זאָלן פּלאַצן! שפּיל, פֿידעניו, צום לעצטן מאָל.

און אַז ער גייט אַרויס אין מיטן נאַכט,
באַפאַלט אַ גרויסע אימה,
ווײַל ער גייט העלפן דעם געמיינעם מאַן
און דער אַלמנה און יתומה.

מײַרים — זינגט.

אַ שטים — אוי, ס׳ברענט!

צווייטע שטים — מע האָט אונטערגעצונדן!

דריטע שטים — אַ שׂריפֿה! אַ שׂריפֿה!

אָרעמאַן מיט פֿאַרבונדענער באַק — מע האָט אונדז געלאָזן זיך אָנעסן, כּדי מיר זאָלן בעסער ברענען!

אַ שטים — סע ברענט די סמאָלע!

אַ שטים — ווּ איז אַהרן־וואָלף! פּטרט אים!

דער עולם וואַרפֿט זיך צו אַהרן־וואָלפֿן, לעמעלע פּוט.

בויטרע און סטערע לויפֿן צום בערגל.

סטערע — קום גיכער, גיכער, אַנטלויף!

בויטרע — יע! נעמט־אַרום סטערען. שפּרינגט מיט איר אויפֿן בערגל.

עס דערהערט זיך אַ שאָס. סטערע פֿאַלט. בויטרע בייגט זיך איבער איר.

לעמעלע פּוט — קום־אַראָפּ, דאָ שיסט מען! קום־אַראָפּ!

בויטרע — איך וועל זי מיטנעמען.

לעמעלע פּוט — קום!

עס דערהערט זיך אַ שיסערײַ.

בויטרע — אויפֿהייבנדיק סטערען אויף די הענט, פֿאַלט צוזאַמען מיט איר, פּרוּווט זי אויפֿהייבן, נאָר ער קאָן ניט.

פֿאָרהאַנג

קאַפּיטלען פון 1טן באַנד

## זעלמעניאַנער

אַט דאָס איז ר׳ זעלמעלעס הויף.

אַ פּאַרצײַטיקער מויער מיט אַ צעקרישלטן טינק און צוויי שורות הײַזער פול מיט זעלמעלעך. פאַראַן נאָך שטאַלן, קעלערן, בוידעמער. דאָס אַלץ זעט־אויס ווי אַ שמאָל געסל. זומער, בײַם שאַר׳ען אויף טאָג, פלעגט דער קלײנער ר׳ זעלמעלע אַרויסגיין אַט אַהער אין הוילע גאַטקעס. דאָ פלעגט ער איבערטראָגן אַ ציגל, דאָ פלעגט ער מיט גאָר די כוחות טראָגן מיסט אויף אַ רידל.

פון וואַנען שטאַמט ר׳ זעלמעלע?

אין דער משפחה איז אומגעגאַנגען אַ הסבר[1], אַז ער שטאַמט פון „טיף ראַסיי״. יעדנפאַלס האָט ער שוין דאָ הי חתונה געהאַט מיט דער באָבע באַשען, וואָס איז נאָך דעמאָלט, קענטיק, געווען אַ מיידל, און דאָ האָט זי אויך אָנגעהויבן קינדלען. די באָבע באַשע, גיט מען איבער, האָט געקינדלט גאָר אָן שום אויסרעכענונג, נאָך אַנאַנד, מיט אַ מין טירוף[2], און די קינדער פון איר טראַכט האָבן זיך באַקומען וווקסיקע און שוואַרצע, מיט ברייטע פלייצקעס — אמתע זעלמעניאַנער. די קינדער פלעגן שפּעטער איבערגיין אין ר׳ זעלמעלעס רשות, ד״ה, קיין אַם איז ער נישט געווען, ער פלעגט אַ ביסל אָפּוואַרטן און נאָך דעם אָפּגעבן זיי פאַר באַלמעלאָכעס. איי־נעם, פאָליען, האָט ער שוין צו צען יאָר געמאַכט פאַר אַ גאַרבער, צוליב אַ מעשׂה עפּעס מיט אַ פערד.

מען האָט זיך ביט אַרומגעזען, ווי די קינדער גופא האָבן אָנגע־

---

[1] אויסטײַטש. — [2] צעמישטקייט, צעחושטקייט.

הויבן צו קינדלען. שניר זײַנען צוגעקומען פֿון פֿאַרשיידענער פּרוכּ־פּערקייט, אויך אײדעמס אַלערליי, אַלץ נײַע כּוחות, ביז די שכנים פֿון הויף האָבן זיך געמוזט מטריח זײַן. אַלע הײַזער זײַנען אָנגע־פּראָפּט געוואָרן מיט זשוואַוע [3], שוואַרצע זעלמעלעך. בלאָנדע האָבן זיך דורכגעוואָרפֿן ווייניק. דאָס אויך — צווישן מיידלעך; אין כּלל גענומען — אַ דינער שיכט, וואָס האָט זיך ניט שטאַרק אַרויסגעזען. אַ פּאָר גענלע חבֿרה זײַנען צוגעקומען שוין פֿאַר דער לעצטער צײַט, אין די סאַמע לעצטע עטלעכע יאָר. ווי אַזוי אָט די האָבן זיך אַרײַנ־געכאַפּט אין דער משפּחה, איז נאָך ניט אויפֿגעקלערט געוואָרן ביזן הײַנטיקן טאָג.

*

די זעלמעניאַנער זײַנען שוואַרצע, ביינערדיקע, מיט ברייטע נידעריקע שטערנס. אַ זעלמעניאַנער האָט אַ פֿלײשיקע נאָז. אַ זעל־מעניאַנער האָט גריבער אין די באַקן. דאָס רובֿ איז ער אַ רויִקער שוויַיגער, וואָס קוקט אויף אַלעמען פֿון דער זײַט. הגם ס׳זײַנען אויך דאָ, דער הויפּט צווישן דעם יונגן דור, שטאַרקע ריידערס און ריי־דערקעס, אַפֿילו עזות־פּנימניקעס, נאָר אין גרונט זײַנען עס שע־מעוודיקע ר׳ זעלמעלעך, וואָס זײַנען אַרונטערגעפֿאַלן אונטער פֿרעמ־דע השפּעות און מאַכן דעם אָנשטעל. די זעלמעניאַנער זײַנען פֿאַר־ליטענע, ניט קיין בייזע. זיי שווײַגן כּמורנע און פֿריילעך, הגם ס׳איז אויך פֿאַראַן אַ באַזונדער זעלמעניאַנישער נוסח, וואָס גילט ווי אײַזן.

די זעלמעניאַנער האָבן אויסגעאַרבעט אין משך פֿון דורות אַן אייגענעם ריח — אַ מין ווייכן גערוך פֿון צוגעלעגענעם היי מיט נאָך עפּעס.

ס׳טרעפֿט אין אַ וואָגאָן, ייִדן פֿאָרן, ס׳איז געפּאַקט, מ׳גענעצט צו דעם קאַלטן פֿרימאָרגן, מיט אַ מאָל רײַבט־אויס אַ ייִד די אויגן און טוט אַ פֿרעג:

---

[3] (פּויליש) לעבעדיקע, רירעוודיקע, טעמפּעראַמענטפֿולע.

— זײַט איר ניט ר׳ זעלמעלעס אַן אייניקל?
— יאָ, ר׳ זעלמעלעס אַן אייניקל.

דער ייִד פֿאַרלייגט די הענט אין די אַרבל און פֿאָרט ווײַטער. דאָס האָט ער אין שלאָף דערשמעקט ר׳ זעלמעלעס ריח, הגם קיינער פֿון שטאָט האָט זיך אויף דעם זיכער ניט פֿאַרטראַכט; קיינעם פֿאַלט גאָר ניט אײַן, אַז די זעלמעניאַנער האָבן אַ באַזונדערן ריח.

פֿאַראַן נאָך אַן אייגנטימלעכקייט אין דער משפּחה, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די מענער: אַ ר׳ זעלמעלע האָט ליב גלאָט אַזוי זיך אָפּזיפֿצן, אָפּכאַפּן דעם אָטעם, דערבײַ לאָזט ער אַרויס צווישן די ליפּן אַזאַ מין פֿריילעכן, צאַרטן הירזשע, וואָס מ׳קען עס אונטערהערן בלויז בײַ אַ שטאַל, ווו פֿערד שטייען און קײַען האָבער.

דאָס אַלץ באַווײַזט, אַז ר׳ זעלמעלע האָט געשטאַמט ערגעץ פֿון אַ ישוב.

פֿון דעם זעט מען אויך, אַז אַ ר׳ זעלמעלע איז גרײַלעך אײַנפֿאַך ווי אַ שטיק ברויט. ס׳זײַנען נישטאָ קיין עקרות אין דער משפּחה, נישטאָ קיין געפֿאַלענע פֿאַר דער צײַט, אויסער די מומע העסיע.

טאָמער אַ פּליך — איז עס ניט קיין שפּראָץ פֿון ר׳ זעלמעלעס שטאַם, מעג אַפֿילו טראָגן פֿון אים מיט היי, ווי פֿון אַ סענעזענץ [4].

*

בעת ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ווײַזן די שפּראָצונגען פֿון פֿערטן דור, האָט ר׳ זעלמעלע גענומען קלײַבן זיך אין וועג אַרײַן. ער האָט אָנגעשריבן אויף אַ טאָוול פֿון אַ ספֿר זײַן צוואה, אַרומגעדרייט זיך אַ ביסל צײַט גלאַט אַזוי, און איז נאָך דעם טאָקע געשטאָרבן.

דאָס איז געווען אַן אײנפֿאַכער מענטש. די צוואה האָט ער פֿאַרשריבן אויף ייִדיש, מיט די געהעריקע העברעיִשע ווערטלעך, און אַזוי ווי דער ספֿר וואַלגערט זיך איצטער אַרום, לוינט דאָ, אפֿשר, פֿאַרשרײַבן די צוואה לזכּרון:

מאָנטיק, פּרשת בשלח, שנת . . . (פֿאַרמעקט).

---

[4] געזונטער שמעקדיקער ריח (?).

איך רעכן אַליין פֿאַר מײַן לעבן אײַנצוטיילן פֿאַר מײַנע קינדער ווי זאָל זײַן אַחר מאה שנה שלי. רעכן איך אַזוי זאָל זײַן: מײַנע קינדער בלײַבן ווינען בחצר שלי. די שטיקל קרקע, וואָס איך האָב, זאָל מען פֿאַרקויפֿן, נעמען פֿאַר איר ערך אַרבע מאות רוק [5], און די שטאָט אין בית־המדרש זאָל מען אויך פֿאַרקויפֿן, נעמען פֿאַר איר ערך מאה וחמישים רוק, און ס׳געפֿינט זיך בײַ מיר אויך, אונטער דעם זעקסטן ציגל אין אויוון, רעכטס, אַן ערך אלף רוק. זאָל מען אַזוי אײַנטיילן: לבני איטשע — מאה וחמישים רוק אַן עד לחשבון אויף דער ירושה פֿאַר מײַן לעבן נאָך, און לבני זישע — שתי מאות רוק, און לבני יודע אויך שתי מאות רובל, לבני פֿאַליע אויך שתי מאות רוק און לבתי חיה־מאַשע — מאה רוק, לבתי מאַטלע, אויך מאה רוק, לבתי ראַשע אויך מאה רוק, און להורוויץ זאָל מען אָפּגעבן מאה וחמישים ועשׂרים, וועלכע איך האָב דאָ בײַ אים גענומען צו געבן לבני איטשע אַן עד לחשבון אויף דער ירושה פֿאַר מײַן לעבן נאָך, דאַרף מען אים אָפּגעבן. און חמשה ועשׂרים רוק זאָל מען אָפּגעבן אויף עולמות, און די איבעריקע פֿאַר מיר אויף הוצאות צו פֿירן אויף דער אייביקער וועלט. און די הויזזאַכן געהערן לאשתי שׂרה־באַשע. לאַחר מאה שנה פֿון מײַן אשתי זאָלן זיך די טעכטער אַלע דרײַ צעטיילן, נאָר צוויי קישנס צו געבן פֿאַר איטשעס בתולה כײַקע, און אַזוי אַלעס זאָלן זיך צעטיילן די טעכטער, נאָר מײַנע מלבושים זאָלן געהערן צו די זין. דעם שמויסענעם פֿוטער זאָל נעמען ווער נייטיק איז אָדער על־פּי־גורל וועמען ס׳וועט פֿאַלן, נאָר ניט צעקריגן זיך, אַלץ זאָל זײַן מיטן שיינעם אופֿן, און ווי איך אַליין האָב אײַנגעטיילט, ניט פֿרעמדע זאָלן טיילן. און זאָל אַלעמען ווויל באַקומען, געניסן אין נחת. דאָס ווינטש איך מיטן גאַנצן האַרצן. נאָר אַחר מאה שנה שלי זאָלן זיי אין מיר ניט פֿאַרגעסן, כאָטש היטן קדיש זאָגן, ווי מעגלעך איז.

פֿון מיר — זלמן־עליע ב״רב לייב כוואָסט

[5] פֿיר הונדערט רובל.

*

די באָבע באַשע האָט אויף היפּשע יאָר איבערגעלעבט דעם זיידן, און מ׳קען זאָגן, אַז זי לעבט נאָך ביז הײַנט צו טאָג. אמת, ניט זי זעט ווי געהעריק און ניט זי הערט ווי געהעריק און ניט זי גייט ווי געהעריק, אָבער אַבי זי לעבט. זי איז געוואָרן ענלעך מער צו אַן אַלטער הון ווי צו אַ מענטשן און זי ווייס אַפילו ניט, אַז ס׳איז דערווײַל בײַ אונדז עפּעס אַנדערש געוואָרן די וועלט. די באָבע באַשע האָט צו טאָן נאָר מיט זיך, און אויב זי טראַכט, זײַנען עס מסתמא, גאָר משונהדיקע טראַכטענישן, געמאַכט פון אַ גאַנץ אַנדער מאַטעריע איידער די געוויינטלעכע געדאַנקען.

ס׳טרעפט אַ מאָל פאַר נאַכט, זי דרייט זיך אַרום אין דער טונקלעניש, און מיט אַ מאָל טוט זי אַ זאָג צו אַ רויטן שניפּסל אין שטוב:

— מאָטעלע, נאַכסאָל [6] גייסטו ניט דאַוונען?

דער שוואַרצער מאָטעלע, וואָס ס׳שמעקט שוין פון אים פּאַוואָלינקעס מיט היי, גייט־צו, פאַרקאַשערט די פּאַטשיילקע פון דער באָבעס אויער און שרײַט־אַרײַן:

— באָבע, איך בין אַ פּיאָנער!

טוט זי אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— יע, יע, ער׳ט שוין געדאַוונט. ווו האָסטו געדאַוונט?

אַזוי וועט זי שוין אַוועקגיין פון דער וועלט מיט אַ רויקן פאַרצײַטיקן געמיט. דער הויף שטייט פעסט דאָרטן, ווו ר׳ זעלמעלע האָט אים אַוועקגעשטעלט, און וואָס אַ יאָר, זעט זי, קומען־צו היפּשע עטלעכע שוואַרצע שווײַגערלעך — ר׳ זעלמעלעך.

זומער בעת די באָבע באַשע גייט שוין אַרויס אין הויף, זיצט זי אויף דער שוועל און קוועלט־אָן, ווײַל זי זעט, ווי פון יעדער טיר שיטן זיך און שיטן זיך די ר׳ זעלמעלעך ווי שוואַרצע מאָן.

---

[6] הלמאי, פאַר וואָס.

ס'לײַכט די גרויסע זון אויפֿן נײַעם זעלמעניאַנישן ווידער־ווקס.

אַט אַזאַ איז די באָבע.

*

דער צווייטער דור זעלמעניאַנער האָט זיך פֿאַרצווײַגט אין דרײַ מעכטיקע שטראָמען און עטלעכע בײַטײַכלעך. די גרונטזײַלן פֿון דער משפּחה זײַנען געווען פֿון אַלע מאָל און געבליבן ביז איצט: פֿעטער איטשע, פֿעטער זישע און פֿעטער יודע.

דער פֿעטער פֿאָליע גייט באַזונדער. דער פֿעטער פֿאָליע גייט מיט אַן אייגענעם, אָפּגעשיידטן, האַרעפּאַשנעם וועג אין לעבן. דער זעלמעניאַנישער הויף גייט אים ניט אָן, ווײַל ער האַלט, אַז קליי־נערהייט האָט מען אים דאָ באַליידיקט. ער איז אַן אַכלער [7], האָט באַזונדערס ליב קאַרטאָפֿל־טייגעכצן, און וואָס פֿאַר אַ געדאַנקען ער שאַפֿט, ווייס מען ניט, מחמת ער זאָגט זיי ניט אַרויס.

דאָס איבעריקע אין דער משפּחה איז שוין דרויב, ווו דער שורש זעט זיך שווער אַרויס, הגם זיי זײַנען אויך געפֿורעמט לויט ר' זעלמעלעס השגחה און טראָגן זיך אַרום איבער דער וועלט מיט זײַן ריח.

אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנעמט אין דער משפּחה דער פֿעטער זישע, וואָס ווערט אין הויף פֿאַררעכנט פֿאַר אַ יחסן. ער איז אַ דיקלעכער זייגער־מאַכער מיט אַ פּירקאַנטיקן שטערן, מיט אַ פּירקאַנטיקער באָרד, אַ חלוש אָדער ער מאַכט זיך אפֿשר פֿאַר אַ חלוש.

אַמאָליקע יאָרן פֿלעגט מען אַ פּאַפּיר ברענגען איבערלייענען צו אים. דער פֿעטער זישע פֿלעגט אַרויסנעמען די שפּאַקטיוו פֿון אויג, בעטן זיצן, און איבערלייענען געדולדיק וואָרט בײַ וואָרט. אויב אָבער דער פֿעטער זישע האָט אויך ניט געקענט איבערלייענען, האָט ער געהאַט אַ מעלה, וואָס ער פֿלעגט שוין זאָגן אַזוי פֿון אויסנווייניק, וואָס אין פּאַפּיר שטייט געשריבן. ער האָט געהאַט אַ שיינע הבֿנה [8].

[7] אַן עסער, מיט אַ גרויסן אַפּעטיט. — [8] תּפֿיסה, פֿאַרשטאַנד.

די הויפּט־מעלה פֿון זײַן לייענען איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס גלײַך אויף אַן אָרט פֿלעגט ער געבן אַן עצה מכּוח דער „ספּראַווע" [9].

מען זאָגט, אַז אין אים איז געלעגן באַהאַלטן אַ גרויסער כּוח.

צוויי טעכטער האָט אים זײַן ווײַב, די מומע גיטע, געבראַכט אויף דער וועלט מיט אַ סך שוועריקייטן, ווי ס'פּאַסט פֿאַר זעלמע־ניאַנער. איינע איז טאַנקע דעם פֿעטער זישעס — אַ ריינע זעלמע־ניאַנערין, די צווייטע האָט שוין אין זיך אַ ביסל זיסע מרה־שחורה, וואָס די מומע גיטע, זאָל דאָס איר צו קיין גנאַי ניט זײַן, האָט אַרײַנ־געשמוגלט אין דער משפּחה. מען דאַרף עס אָבער דער מומע גיטען מוחל זײַן, ווײַל אַלע האַלטן, אַז זי איז ניט שולדיק — זי שטאַמט פֿון רבנים.

דער פֿעטער איטשע איז אַ מלך אבֿיון. דאָס האָט ער, דער פֿע־טער איטשע, ניט געקענט דערוואַרטן זיך און גענומען שוין פֿאַר ר' זעלמעלעס לעבן אַן עד לחשבון אויף דער ירושה. ער איז אַ שנײַדער, אַ לאַטוטניק. זײַן הויכע מאַשין, אַ דאַרע און אַ לעפּעשע־וואַטע, טראַסקעט בײַ אים טאָג ווי נאַכט. די מאַשין פֿאַרטויבט דעם הויף.

דער פֿעטער איטשע פּראָדוצירט די אמתע זעלמעניאַנער פֿון דער ריינסטער פּראָבע. מ'האַלט, אַז ער האָט אין דעם פּרט אַפֿילו איבערגעשטיגן ר' זעלמעלען אַליין. אויסער אַלע רגילותן, וואָס זײַנען אייגנטימלעך פֿאַר דער גאַנצער פֿאַמיליע, האָט דער פֿעטער איטשע אויסגעאַרבעט בלויז פֿאַר זיך אַליין אַן אייגענע רגילות: ער ניסט מיט אַ געשריי. פֿון זײַנעם אַ נאָס איז אַמאָל אַ שכנה געפֿאַלן אין חלשות.

אין דער הייסער צײַט פֿון בירגערקריג האָט מען זיך טאַקע אין הויף שטאַרק באַאומרויִקט וועגן זײַן ניסן. דער פֿעטער זישע

[9] ענין.

האָט שוין אַפילו געפונען פאַר נייטיק אַרײַנגיין צו אים און דורכ־ריידן זיך וועגן דעם דאָזיקן ענין.

— איטשע, — האָט ער געזאָגט — צי ווייסטו, אַז צוליב דײַן ניסן זײַנען מיר ניט זיכער מיטן לעבן?

יאָ, וואָס האָט אים דער פעטער איטשע געקענט ענטפערן? ס׳האָט דאָך פון אים געגאָסן און געשרײַען בגוואַלד. מען האָט כסדר צוגעטראַכט פּלענער, נאָר אַז ס׳איז געקומען דערצו, האָט זיך די מומע מלכּהלע אַליין אַן עצה געגעבן: דער פעטער איטשע פלעגט בעת־מעשה זיך אָנכאַפּן בײַ דער נאָז און אַרײַנפאַלן אין בעט אַרײַן. די מומע מלכּהלע פלעגט אויף גיך אַרויפוואַרפן אויף אים אַ קישן און אַליין אַרויפליגן זיך אָדער, אויב זי האָט קיין צײַט ניט געהאַט, אָוועקזעצן אַ קינד אויף אים. דאָרטן, אונטער דעם בעטגעוואַנט, פלעגט ער זיך גאַנץ גוט אויסניסן, אָפּטרייסלען די פעדערן און זעצן זיך נאָך דעם צוריק צו דער אַרבעט.

אין שלום־צײַט איז עס אָבער ניט געווען געפערלעך. אַדרבה! זומער באַגינען, אַ האַלבער הויף ליגט נאָך אין שאָטן און דער אַרומ־געצוואָגענער פעטער איטשע זיצט שוין בײַם אָפענעם פענצטער, שיסט פון זײַן ניימאַשין. פלוצלינג טוט ער אַ נאָס. ס׳רײַסט זיך אַרויס אַ פּינצטער, יאָמערלעך געשריי פון אַ נוטה למות. דער הויף הייבט זיך אָן טשוכען, מ׳רײַבט די אויגן, מאַנכע שפּרינגען פון די בעטן:

— וואָס איז?

— גאָר נישט... — זאָגט מען — דער פעטער איטשע ניסט.

— גאָר נישט, גאָר נישט!

דערווײַל עפענען זיך אומעטום פענצטער און פענצטערלעך, ס׳רוקן זיך אַרויס באַגינענדיקע כלערליי מינים שוואַרצע, צעקודל־טע, זעלמעניאַנישע קעפּלעך און מ׳שרײַט־אַרויס פון אַלע זײַטן:

— צו געזונט, פעטער!

— צום לעבן, פעטער!

— צו געזונט, צום לעבן, צו לאַנגע יאָר, פעטער!

שוין גאָר אַן אַנדער מענטש איז געווען דער פעטער יודע, אַן

אַנדער מענטש און אַ מאָדנער מענטש. ער איז געווען אַ סטאָליער, אַ מאָגערער ייִד מיט אַ גלאַנציק בערדל און מיט שפּאַקולן אויפֿן ברעג נאָז. קוקן פֿלעגט ער סײַ־ווי־סײַ איבער די שפּאַקולן — דע־ריבער האָט ער תּמיד אויסגעזען רוגזדיק — נאָר די שפּאַקולן פֿלעגט ער מסתּמא טראָגן פֿון שיינקייט און בכּבֿודיקייט וועגן. ער פֿלעגט הובלען אין די שפּאַקולן, עסן אין די שפּאַקולן, נאָר שלאָפֿן אין זיי, דאַכט זיך, ניט.

פּעטער יודע איז געווען אַ פֿילאָסאָף און אַן אַלמן. זײַן ווײַב, די מומע העסיע, איז נאָך געשטאָרבן פֿאַר די דײַטשן, צוזאַמען מיט אַ שוחט, און גאָר ניט מיט קיין שיינעם טויט.

דעמאָלט איז פּעטער יודע אַוועק זיצן שבֿעה אין בית המדרש, האָט זיך אַוועקגעזעצט הינטערן אויוון און שוין מער ניט געוואָלט אויפֿשטיין בכלל. ער האָט באַשלאָסן אויפֿגעבן אַלע וועלטלעכע עני־נים און פֿאַרנעמען זיך בלויז מיט טראַכטן מחשבֿות; אַן אַרבעט, מוז מען מודה זײַן, אַ גאַנץ בכּבֿודיקע. די שטאָט האָט זיך אָבער אָנ־געזעצט און ער איז דאָך אַוועק צום ווארשטאַט.

וואָס האָט פּאַסירט מיט דער מומע העסיען?

אונדזער שטאָט איז דעמאָלט געלעגן אין האַרמאַטן־פֿײַער. באַ־לעבאָסטעס פֿון דער גאַנצער גאַס האָבן פֿאַרשלאָסן די שטיבער און אַראָפּ אַלע צו ר׳ זעלמעלען אין קעלער. פּלוצלינג האָט זיך דער מומע העסיען פֿאַרגלוסט אַ הינערשע זופּ. פֿאַר וואָס? אין דער שטי־קעניש האָט זי אַזוי לאַנג געקוקט אויף ר׳ יחזקאל דעם שוחט, ביז עס האָט זיך איר פֿאַרוואָלט עוף. כאַפּט זי אַ הון, דער שוחט ציט־אַרויס דעם חלף און מען גייט־אַרויס אין הויף שעכטן.

ס׳האָט דעמאָלט אַ זעץ געטאָן אין הויף אַ ווילד פֿײַער און אַרויסגעשלאָגן ווי נאָר אַ שויב.

דערנאָך האָט אַ שכן אָנגעקלאַפּט אין קעלער, מ׳זאָל אַרויסגיין. די מומע העסיע איז געלעגן רויִק און בלאַס, ווי ס׳וואָלט גאָר ניט געשען. נעבן איר איז געלעגן מיט דער באָרד אַרויף דעם שוחטס קאָפּ און ער, דער שוחט גופֿא, איז געלעגן אויף דעם אײַנגעפֿאַלע־

נעם פּאַרקן מיטן חלף אין האַנט. דערבײַ איז געשטאַנען די הון און געפּילאָסאָפירט.

פּעטער יודע איז געווען אַ כמורנער שווײַגער, הגם די זעלמעניאַנער שווײַגן פרייליך. אויסער דעם דאָזיקן קליינעם אָפּנייג, איז ער אין די איבעריקע גענג געבליבן טרײַ די טראַדיציעס פֿון ר׳ זעלמעלען. דורך אים איז, אַגבֿ, געקומען צום אויסדרוק די ליבע צו נאַטור, וואָס איז געווען שטאַרק טעטיק אין דער משפּחה. דער פּעטער יודע פֿלעגט פֿאַרזעצן געגנדז בײַ זיך אין פּירעס[10]! — וועגן זײַנער אַ הון איז שוין געקומען צו רייד. ער פֿלעגט אין אַ רעגן אַרויסשטעלן אַ צעבער[11] אויף רעגן־וואַסער, און וויעסנע־צײַט האָט ער זיך געמוטשעט פֿאַר טאָג אַרויסכאַפּן אָנקלײַבן שטשאַוויע. זײַן ליבע צו קלעצער און ברעטער שטאַמט אויך מסתמא פֿון דעם אייגענעם דראַנג צו נאַטור. דער פּעטער יודע פֿלעגט אָפּהובלען אַ ברעט מיט ליבשאַפֿט און מיט ברען. מיט איין וואָרט — ער האָט ליב געהאַט סטאָלערײַ. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ מוראדיקע בענקשאַפֿט צו פֿידל, צו געזאַנג און בכלל צו מוזיק־זאַכן. דער פּעטער יודע האָט זיך געלאָזט האָבן קינדער פֿון פֿאַרשיידענעם ווערט. פֿאַר אונדזער געברויך זײַנען פּאַסיק בלויז צוויי — חיהלע דעם פּעטער יודעס און צאַלקע דעם פּעטער יודעס.

*

דאָ לוינט נאָך צום סוף אָפּשטעלן זיך גענויער אויף איינעם פֿון די ייִנגערע זעלמעניאַנער, אויף דעם פּעטער איטשעס עלטערן זון, בערע כוואַסט.

אָט איז אַ יונג — אַ גבֿר, אַ שווײַגנדיקער גאַרבער. בעת דעם בירגערקריג האָט ער אין די שלאַכטן אַרום קאַזאַן באַקומען אַן אָרדען פֿון דער „רויטער פֿאָן“, פֿאַר זײַן קאַלטער זעלמעניאַנישער גבֿורה. ער איז געגאַנגען מיט גײַען אויף וואַרשע. דאָרט איז ער

---

[10] פּירהויז. — [11] אַ הילצערנער עמער, אַ צוגעשניטן פעסל.

שיִער ניט אומגעקומען. אַרײַנגעפֿאַלן צו די פּאָליאַקן, מיט ניסים האָט ער זיך אָבער באַוויזן איבערצוּטאָן און געקומען אַהיים צו פֿוס.

בעת בערע איז אַרײַן אין שטוב, איז געוואָרן די גרויסע יללה. דער גאַנצער הויף איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן. אַפֿילו דער פֿעטער זישע איז אויך אַרײַן. בערע האָט זיך דעמאָלט אַוועקגעזעצט, גענומען פּאַמעלעך אַראָפּצײַען די שטיוול און אַ זאָג געטאָן צו דער מומע מלכּהלען:

— מאַמע, גיב מיר עסן!

ער האָט זיך געזעצט מיט אַ ביטערן אימפּעט רײַבן די סעודה און קוקן אויפֿן באַלקן. דער פֿעטער יודע האָט אויסגעשפּיגן און איז אַוועקגעגאַנגען. ביסלעכווײַז האָבן זיך אַלע אַרויסגערוקט. בערע האָט אָפּגעגעסן, אָנגעטאָן די שטיוול און איז ווידער אַוועק מלחמה האַלטן.

## אַ וועלט, האַ ?

אין הויף איז שטיל.

די מלחמה און די רעוואָלוציעס זײַנען סוף־כּל־סוף אַדורכגעגאַנגען בשלום. בלויז מיט דער מומען העסיען האָט געטראָפֿן דאָס אומגליק אומזיסט־אומנישט, צוליב אַ נאַרישן ביסל זופּ.

די זעלמעניאַנער האָבן זיך אומגעקערט פֿון די פֿראָנטן אין האַרטע שינעלן, אויפֿגעטרענטע ווינטערדיקע היטלען. די ערשטע צײַט איז מען אַרומגעגאַנגען איבערן הויף ווי די וועלף, געשלונגען אַלץ וואָס האָט זיך געמאַכט אונטער דער האַנט, נאָר ביסלעכווײַז האָט מען זיי אַרײַנגענאַרט אין די שטיבער, גערעדט צו זיי ווייך און אַרויסבאַקומען ווי ס׳איז צוריק די אַלטע מראה. ווינטער האָט מען מיט די שינעלן באַשלאָגן די קאַלטע טירן און די אויפֿגעטרענטע היטלען וואַלגערן זיך נאָך עד־היום הינטערן אויוון. ס׳טרעפֿט, אין די גרויסע פֿרעסט, קריגט־אַרויס פֿעטער איטשע פֿון הינטער־אויוונדיקן זאַמד אַזאַ היטל, ציט זי אַראָפּ ביז איבער דער באָרד

און גייט אַרײַנטראָגן אַ ברעמניע האָלץ פֿאַר דער מומע מלכּהלען.
אָט דאָס איז איבערגעבליבן פֿון דער מלחמה.

*

דער טריוואַלנסטער [12] פֿון אַלע זעלמעניאַנער איז פֿעטער פֿאָליע, רעדט ער ניט אַרויס קיין וואָרט, ווײַל קליינערהייט האָט מען אים דאָ באַליידיקט. מילא, דאַכט זיך, אַז מ׳קלײַבט זיך אים ניט שלעפּן פֿאַר דער צונג!

נאָך אים גייט בערע, דעם פֿעטער איטשעס, אויך אַ היפּשער תּנא־ברא, איצטער אַ מיליציאָנער פֿון צוויטן צירקל, נאָר אַזוי ווי מען זעט אים אין די אויגן ניט אָן, ער קומט אַהיים בלויז איבערשלאָפֿן אויף דעם טאַטנס האַרטן טאַפּטשאַן, איז מיט אים אויך ניט געפֿערלעך. טאָמער טרעפֿט, אַז עמעצער פֿון די יונגע הייבט אַ מאָל אָן באַלבען פֿון די הײַנטיקע נאַרישקייטן, גיט מען זיך מיט אים אַן עצה אויפֿן היימישן אופֿן; פֿאַר זיי, פֿאַר די יונגע שיליועס [13], גילט נאָך אַ העכער וואָרט, און אויב שוין גאָר שלעכט, העלפֿט נאָך אַ פּאַטש אויכעט.

— שוין העכסטע צײַט אַרויסשלאָגן דעם דול [14] פֿון קאָפּ! — זאָגט פֿעטער זישע.

— און מ׳מעג שוין ווערן שטיקלעך מענטשן אויך... — זאָגט פֿעטער איטשע.

— און דער עיקר, וויפֿל איז דער שיעור צו בעלדעווען [15]? — זאָגט דער פֿעטער יודע.

*

פֿעטער יודע האָט עס מסתּמא אין זינען זײַן חיהלען. מ׳ווייס, אַז פֿעטער יודע קלײַבט זיך חתונה מאַכן חיהלען פֿאַר אַ ייִדישן

---

[12] דער וועמען מ׳פֿאַרשטייט צום ווייניקסטן. — [13] היצקעפּ, פּלאַפּלערס, פּלוידערזעק. — [14] משוגעת. — [15] זיך פֿאַרנעמען בלויז מיט פּלאַפּלען.

מענטשן. די לעצטע צײַט האָט ער פֿאַרוואָרפֿן דעם הובל, דרייט זיך אַרום גאַנצע טעג איבער די בתי־מדרשים און זוכט עפּעס אַ לײַט. ער וויל אַ שוחט.

מ׳דערציילט, למשל, פֿון אַזאַ פֿאַל: אַנומלטן האָט ער אָפּגע־רעדט טרעפֿן זיך מיט אַזאַ סאָרט חתן ערגעץ אויף אַן אָפּגעלעגענער גאַס. בײַ נאַכט דאַרף זיך גראָד דעמאָלט מאַכן אַ זאַווערוכע. פֿון דעסט וועגן איז זײַן חיהלע אַוועק, אָפּגעשטעלט זיך בײַם ראָג, ווו דער טאַטע האָט פֿאַרזאָגט, און גענומען וואַרטן. אין דער זאַווייע האָט מען ניט אַרויסגעזען קיין שום לעבעדיק באַשעפֿעניש און דעם חתן אויך ניט. חיהלע האָט אָבער, קענטיק, אויף אַזוי פֿיל געוואָלט חתונה האָבן, אַז זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ וואַנט און באַשלאָסן וואַרטן אויף איר באַשערטן ביזן סוף. וואָס זי האָט זיך דאַן גע־טראַכט — איז פּשוט שווער צו זאָגן.

שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך פּעטער יודע אויפֿן געלעגער דערמאָנט אין איר, איז ער אַרויסגעלאָפֿן און געבראַכט זי קוים אַ לעבעדיקע אַהיים.

און וועגן חתן זאָגט מען אין הויף:

— ווער פֿאַרשטייט עס ניט, אַז ער האָט ניט געוואָלט חתונה האָבן אין אַ פֿראָסט?

*

ס׳איז פֿאַראַן אַ זעלמעניאַנער אין הויף, וואָס וואָלט חתונה גע־האַט מיט חיהלען אין אַ פֿראָסט אויך. דאָס איז אַן עלטערער בחור פֿון אַ יאָר אַכט און דרײַסיק, אויב ניט מער, אַן אײַזערנער שווײַ־גער. ער קומט אַלע נאַכט צום טאַטן אין שטוב איבערשלאָפֿן אויף דעם האַרטן טאַפּטשאַן. מען האַלט, אַז ס׳איז דווקא אַ גלײַכע זאַך, נאָר די קאַלטע ליבע צווישן חיהלען און דעם דאָזיקן מענטשן דאַרף זיך נאָך אויסשטאַלירן[16]. זי דאַרף זיך נאָך אויסשטאַלירן, וואָרעם חיהלע לויפֿט נאָך פֿאָרט אַרויס פֿון צײַט צו צײַט אויף אַ זעונג.

[16] אויסגעשטאַלטיקן, זיך אויספורעמען.

פעטער יודע וועט אָבער זיכער זײַן קעגן שידוך צוליב פאָלגנדיקע טעמים:

1 אַ זעלמעניאַנער האָט פײַנט אַ זעלמעניאַנער.

2 דער חתן איז ניט קיין יידישלעכער מענטש.

3 דער חתן איזדיעקעוועט [17] זיך איבערן הויף.

דאָס איז ריכטיק. פונקט איצטער, אויף צו־להכעיס דער וועלט, האָט ער, דער חתן, אָפּגעטאָן עפּעס אַ נײַ שפּיצל מיט דער מאַמען זײַנער, מיט דער מומען מלכהלע, וואָס האָט אויפגערודערט די אַלטע זעלמעניאַנער ביזן ביין.

וואָס האָט אַזוינס פּאַסירט? די מומע מלכהלע איז זיך אַנוסטן [18] מיישב און גייט־אַוועק צו בערען אין דער מיליציע אַרײַן:

— בערע, הלמאַי טוסטו ניט אַ מאָל אַ שמייכל — אַזוי האָט זי געפרעגט — מען קען דאָך מיינען ווער ווייסט וואָס!

ווי זי דערציילט, האָט ער דעמאָלט יאָ אַ שמייכל געטאָן. אפשר יע און אפשר ניט. נאָר ער איז געזעסן לאַנג, געקוקט פון אונטן אַרויף אויף דער פאַרוויקלטער מאַמען און געפאָרשקעט מיט דער נאָז.

דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— צי האָט איר פון וואַנען צו לעבן, מאַמע?

דער פעטער איטשע איז אַ פריילעכער ייד און ער דאַרף, דעריבער, ניט האָבן פון וואַנען צו לעבן.

בערע האָט אָפּגעזיפצט, אַרויסגעלאָזן צווישן די ליפּן דעם איידעלן הירזשע (זע קאַפּיטל 1) און אַ זאַג געטאָן:

— צי ווייסטו, מאַמע, אַז דו ביסט ניט קיין עבֿרידיקע?

זי האָט, דעם אמת זאָגנדיק, ניט געוווּסט. בערע האָט איר אויפגעקלערט, געגעבן קלאָר צו פאַרשטיין, און געעצהט, אַז זי זאָל שוין בעסער אונטערנעמען אַ קורס אויף ליקווידירן די עם־הארצות.

---

[17] דערגיין די יאָרן. — [18] מיט אַ קורצער צײַט צוריק.

דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַנגעקלונגען אין פּעד־טעכניקום.

*

ס'איז געווען שבת. פרעסט. די מומע מלכּהלע איז געגאַנגען אַהיים אַ פאַרפראָרענע און געטראַכט:

— מיט דעם דאַזיקן בערן איז שוין גלײַכער, אַז מען טרעפט זיך זעלטענער.

און אין הויף האָט זיך געקערט חושך.

*

אויף מאָרגן האָט זיך טאַקע באַוויזן אַ לערער אין הויף, אַ בחור מיט אַ טשופּרינע פון אונטערן דאַשעק.

דער מומע מלכּהלען האָט דעמאָלט גענומען שלאָגן אין האַרצן. זי האָט זיך באַלד אַרומגעוואַשן, אויסגעטאָן דעם פאַרטעך און גרײַ־לעך פאַרשעמט צוגעזעצט צו אַ ברעג טיש. די מומע מלכּהלע איז געווען איבערגעשראָקן, ניט געוווּסט וואָס סע וועט דאָ אײַגנטלעך פאָרקומען און מיט פאַרצווייפלונג האָט זי געקוקט דעם לערער אין די אויגן אַרײַן. דער לערער האָט נאָך אויך ניט געוווּסט גענוי, וואָס מ'דאַרף טאָן, האָט ער זיך אויך געדרויטלט אונטערן דאַשעק.

חבֿרה קאָמיונג [19] (די שיליועס) האַלט די שרײַבגעצײַג פאַר־שלאָסן און ס'האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז אין דער מומעס טינטער זײַנען געווען פליגן אַנשטאָט טינט. די מומע האָט געבלאָזן אין טינטער און געבלאָזן, אָבער ווי דער לערער האָט פאַרזיכערט וועט עס שוין ניט העלפן. די פען האָט מען אַרויסגעצויגן פון הינטערן שפּיגל, די שפּינוועבס אָפּגעווישט. דער לערער האָט זי אַ דריק געטאָן אויפן נאָגל און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז שוין גאָר אַ פאַרצײַטיקע פען, נאָך פון דער רעוואָלוציע.

פון דעמאָלט אָן איז שוין בײַ דער מומע מלכּהלען פאַרבליבן

---

[19] קאָמוניסטישע יוגנט (אָרגאַניזאַציע).

די געווײַנטשאַפֿט, ווי נאָר אַ פּען, דאַרף מען זי אַ פּרווו טאָן אויפֿן נאָגל, צי ס׳שרײַבט, און געהאַלטן האָט זי, אַז דאָס איז שוין אויך אַ שטיקל סימן פֿון אַ געלערנטן מענטשן.

דער פֿעטער איטשע איז אויך געווען שטאַרק צעטראָגן, פֿון דעסט וועגן האָט ער זיי פֿאַרגעלייגט זײַן העפֿט צום שרײַבן. דער פֿעטער איטשע האָט אַרויסגענומען פֿון קעסטל אין דער ניימאַשין אַ צונויפֿגעדרייטע העפֿט, צו וועלכער ס׳איז געווען צוגעבונדן אַ בלײַ־פֿעדער אויף אַ שטריקעלע, אויסגעגלײַכט די העפֿט אויף דער קני און איבערגעגעבן דעם לערער מיט אַ ציטער אין די עלנבויגנס.

דער הויף האָט זיך צונויפֿגעקליבן, ס׳איז געוואָרן אַ שטיקע־ניש, מען האָט געשטויבט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— אַ וועלט, האַ? — האָט פֿעטער איטשע סוף־כּל־סוף ניט אויסגעהאַלטן.

פֿעטער יודע האָט אויף אים רוגזהדיק אַ קוק געטאָן פֿון אונ־טער די שפּאַקולן און געענטפֿערט:

— איז שוין ניט גלײַכער, אַז מען ליגט אין דער ערד?

דאָס האָט ער געמיינט די מומע העסיע, וואָס איז שוין באַ־פֿרײַט געוואָרן פֿון שולצוואַנג.

בלויז פֿעטער זישע איז געשטאַנען רויִק, אין אַ זײַט, געצויגן אַ האָר פֿון באָרד און געשמייכלט:

— לײַטישע קינדער!

*

דערנאָך האָט מען זיך אָבער צוגעוווינט. דער לערער פֿלעגט קומען יעדן אויפֿדערנאַכט, מ׳האָט שוין געוווּסט, און די מומע מלכּהלע, מוז מען מודה זײַן, האָט בײַ אים אַ סך אויפֿגעטאָן, מחמת די פֿעיִקייטן זײַנען געווען גוט, כאָטש מען דאַרף אויך צוגעבן, אַז זי האָט זיך אַ ביסל אונטערגעפֿוילט לערנען.

— דער קאָפּ איז ניט דערבײַ! — אַזוי פֿלעגט זי טענהן. בכלל האָט די מומע מלכּהלע זיך אויפֿגעפֿירט ווי אַ קליין מיידל

פֿון קלאַס, וואָס איז געווען אַ ביסל אומפֿאַרשטענדלעך פֿאַר אַזאַ בת־דעת ווי זי.

אַ מאָל האָט דער לערער, ניט טרעפֿנדיק זי אין שטוב, געפֿונען אַפֿילו פֿאַר נייטיק צו באַקלאָגן זיך פֿאַרן פֿעטער איטשע:

— אײַער פֿרוי, — האָט ער געזאָגט — ווײַזט־אַרויס געגנוג פֿעיִקייטן, נאָר זי באַציט זיך ניט מיט דעם געהעריקן אינטערעס צו דער אַרבעט.

— אַזוי גאָר?! — האָט זיך פֿעטער איטשע שטאַרק פֿאַרחידושט.

שפּעטער האָט ער טאַקע אויסגערעדט די מומע מלכּהלע:

— סטײַטש? — האָט ער זיך געבייזערט — ס'קאָסט דאָך מסתּמא געלט!

די מומע מלכּהלע האָט זיך תּחילת פֿאַרלאָרן, אַפֿילו רויט גע־וואָרן, נאָר זי איז באַלד געפֿאַלן אויפֿן תּירוץ:

— אַז כ'האָב קיין ביכל ניט...

אָט דאָס האָט שוין דער פֿעטער בשום אופֿן ניט געקאָנט באַ־נעמען:

— וואָס הייסט, ווייניק ביכלעך זײַנען פֿאַראַן אין שטוב? האָסטו שוין אַלע ביכלעך אויסגעלערנט?

די מומע מלכּהלע האָט אַליין דערזען, אַז איר ענטפֿער קען דאָ ניט גילטן, און זי האָט צוגעטראַכט אַן אַנדערן אויסוועג:

— אַז איך זע ניט... אַרויסגעפֿאַלן אַ גלעזל פֿון די שפּאַקולן...

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז דער פֿעטער איז געווען תּמיד אַזוי שטרענג צו דער מומען מלכּהלע. עס שאַט נישט צו פֿאַרגע־דענקען, אַז דאָ האָט מען צו טאָן מיט פֿאַרצײַטיקער ליבע, אַלט צוויי און פֿערציק יאָר. פֿעטער איטשע האָט, נעבעך, אויך מיטגעפֿילט דער מומען.

און עס האָט אַפֿילו אַמאָל פּאַסירט אַזאַ פֿאַל:

דער לערער דאַרף באַלד אָנקומען. די מומע מלכּהלע קלײַבט זיך וואָס גיכער אין שטאָט אַרײַן. פּלוצלינג לויפֿט־אַרײַן דער שוואַר־צער מאָטעלע מיט אַ געשריי:

— מומע, דער לערער גייט!

מען דערציילט, אַז די מומע מלכּהלע האָט זיך דעמאָלט אַזוי פֿאַרלאָרן, אַז זי איז אַרײַנגעקראָכן מיטן מאַנטל און מיט די וואַליקעס און מיטן קאָשיק אין בעט אַרײַן. פּעטער איטשע האָט זי אײַנגעדעקט. נאָך דעם האָט ער צונויפֿגעלייגט די הענט, אויסגעבויגן אַ ביסל דעם קאָפּ אין אַ זײַט (אָ, אַ זעלמעניאַנער!) און געזאָגט גרײַלעך אומעטיק צום לערער:

— מײַן אַלטע פֿילט זיך עפּעס הײַנט ניט אין גאַנצן... זעט, פֿאַרשרײַבט, חבֿר לערער, און איר וועט שוין אונדז אָפּגעבן די שעה אַן אַנדערש מאָל.

פֿון דעסט וועגן האָט די מומע מלכּהלע אַ סך אויפֿגעטאָן.

*

טיפֿער ווינטער. די פֿענצטער — פֿאַרוואַקסן מיט שניי. חבֿרה קאָמיונג איז אין די קלובן און די מומע זיצט גאַנצע נעכט, אַ פֿאַרפֿלעקטע אין טינט, זיצט און אַרבעט מיט דער פּען. אויפֿן טיש אַן אַכטער לאָמפּ, ווי בײַ אַלע שנײַדערס. דער ווינט פֿײַפֿט אין קוימען. עס זיצט דער פּעטער בײַ אין זײַט טיש, טרענט און נייט; די מומע מלכּהלע זיצט פֿון דער צווייטער זײַט — פֿאַרטיפֿט אין די פּאַפּירן. סע סקריפּעט די פּען. אָט רוקט זי אים אונטער אַ צעטעלע און דאָס פּנים שײַנט. פּעטער איטשע נעמט דאָס צעטעלע צום לאָמפּ; ער קאָן נאָר לייענען אויף אַ מהלך.

שרײַבט צו אים די מומע מלכּהלע אַזוי:

„יך בין גיזונט, דו געיסט, געי צום איוונ, נעמ אַרויש דעם הליאַק, וועלנ מיר טרינקענ טעי. פֿונ מיר דיינ האָדגעשעצטי פֿראַי מאקלע דוואָסט".

פּעטער איטשע שמייכלט. ער איז צופֿרידן. שפּעטער, ווען מען זיצט שוין בײַם טיי, פֿאַרפֿירט ער מיט איר אַ באַלערנדיקן שמועס; אויף קלייניקייטן שטעלט ער זיך ניט אָפּ, נאָר ער רעדט וועגן תּוך־זאַכן.

— ניט אַזוי שרײַבט מען... — זאָגט ער — ריידן מאַכט ניט אויס, אָבער שרײַבן מוז מען אײדל.

די מומע מלכּהלע ווערט אַזש אומרויִק.

— אָט שרײַבסטו — זאָגט ער — „איך בין געזונט“. דאָס איז שוין ניט אײדל אויסגעדריקט די געדאַנקען. מע טאָר אַזוי ניט שרײַבן.

— הײַנט ווי אַזוי? — פֿרעגט די מומע.

— מע דאַרף שרײַבן... — און פֿעטער איטשע שליסט־צו די אויגן — מע דאַרף שרײַבן: „איך בעפֿינדע זיך אין בעסטן פֿאַלקאָמען געזונט“.

די מומע מלכּהלע זעט, אַז ער איז גערעכט.

— שרײַב פֿון אַ בריוון־שטעלער — זאָגט ער — מחמת די הײַנטיקע מעטאָדעס זײַנען עפּעס גאָר אָן אַ טעם. און מע מוז אויך לייענען ביכער! פֿון ביכער ווערט מען קלוג. געווען אַמאָל אַ שרײַבער שאָמער, האָט מען זיך געקענט בײַ אים עפּעס לערנען. די הײַנטיקע טויגן ניט, עפּעס אַלץ מיט דער זון און מיט דער לבֿנה...

און אין דרויסן, אין דער פֿינצטער, איז געלעגן דער ווינטער ווי אַ קאַלטע זילבערנע שיסל.

*

עס זײַנען געשטאַנען מוראדיקע פֿרעסט — 35 גראַד. די ווײַסע דעכער זײַנען אַראָפּגעקראָכן ביז צו דער ערד; אין די אָוונטן האָט געבלאַנקט דער שניי און די לופֿט איבערן שניי האָט געברענט, ווי בלויער בראָנפֿן. די גאַסן האָבן געפּוסטעוועט, כאָטש ס׳איז ערשט צוגעפֿאַלן אָוונט.

און ווער זײַנען עס די צוויי, וואָס האָבן זיך געלאָזן שפּאַצירן אין אַזאַ נאַכט? דאָס האָבן זיך בערע פֿעטער איטשעס און חיהלע פֿעטער יודעס אַראָפּגעלאָזן פֿון הויפּישן גליטש און אַוועקגעדרייט אין גאַס אַרײַן.

העכסטע צײַט, אויב מען וויל עפּעס אויפֿטאָן! בערען נעמט ניט קיין קעלט. חיהלע האָט זיך אָבער אַרײַנגערוקט אין קאָלנער,

געקלאַפּט מיט די הויכע באַטן, ווי זי וואָלט געגאַנגען צו דער תליה.

אין הויף האָט מען געזאָגט:

— וואָס טוט מען צו דעם דאָזיקן מיידל, וועלכע פּראָוועט אי־רע ליבעס נאָר אין זאַוועריכעס און פּרעסט?

און די שוויגנדיקע מומע גיטע, וואָס שטאַמט פון די רבנים, האָט עפּעס פלוצלינג אַ זאָג געטאָן אין דער וועלט אַריין:

— פון אָט דעם מיידל וועט מסתמא אַ מאָל אַרויסקומען אַ וואַ־סער־פּירער!

*

בערע און חיהלע האָבן געשוויגן. ער איז געלאָפן אַ ביסל פּאָרויס און געמאַכט הכנות, אָבער נעבן קאַזאַן איז עס ביי אים צוגעגאַנגען היפּש גרינגער.

— חיהלע, איך געפעל דיר עפּעס?

חיהלע פּעטער יודעס האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ צו־גאַנג צו דער זאַך און זי האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— אַזוי קען מען ניט פרעגן...

— פאַר וואָס?

ער האָט שוין אויך געשמייכלט. פאַר חיהלע פּעטער יודעס האָט דעמאָלט אַ צאַפּל געטאָן דער ווינטער ווי אַ זילבערנער פיש, ווייל אַ זעלמעניאַנערין האָט ליב די נאַטור, און זי האָט שאַלקהאַפ־טיק געפרעגט:

— און איך געפעל דיר?

בערע האָט געשמייכלט און געשמייכלט און געשמייכלט.

איצט פרעגט זיך, וואָס איז געווען ווייטער?

חיהלע האָט אים פלוצלינג אַרומגעכאַפּט מיט אירע גראָבע, שטענדיק פאַרפרוירענע הענט פאַרן קאָפּ און גענומען קושן אין די ליפּן, אין נאָז, אין די האַרטע גריבער פון די באַקן. אָט דאָס איז געווען ווייטער.

דער ענין איז שוין אַזוי אַרום קלאָר געוואָרן. עס איז בלויז אויסגעקומען מאָדנע, וואָס מען איז געשטאַנען אין אַ ווילדן פראָסט

און געקושט זיך אָן אַן אויפֿהער און אָן אַ ברעג. נאָך מער: שפּע־טער איז עפּעס אַן עלטערער מענטש דורכגעגאַנגען צופֿעליק די גאַס, האָט ער דאָ, אויף דעם אייגענעם אָרט, אָפּגעפֿראָרן אַ פֿוס. דערנאָך האָט מען שפּאַצירט ווײַטער, און עס איז געווען קאַלט. זיי זײַנען אַרויסגעקומען צו אַ ראָג, ווו עס האָט געברענט אַ לאַמטערן, און אינעם עלעקטרישן קײַלעך ליכט האָבן צוגעפֿרוירענע פֿורמאַנעס זיך געוואַרעמט אין די הייסע אָטעמס פֿון זייערע פֿערד. שטיל ווי אויף אַ פֿעלד.

בערע האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער און צוגערופֿן אַ שליטן:

— נאָך דאָ אַ ביסל צײַט — האָט ער געזאָגט — מיר'ן זיך אַרײַנכאַפּן פֿאַרשרײַבן.

פֿאַר חיהלע פֿעטער יודעס איז עס שוין געווען אַ ביסל צו פֿיל. דער אָונט איז שוין געווען פֿול. זי האָט זיך נאָך געקליבן גיין אַהיים און דאָרטן אין דער שטיל, אויפֿן הייסן געלעגער, ווו ס'האָט שטענ־דיק געשמעקט מיט דעם טאַטנס סטרוזשקעס, איבערטראַכטן אויף ס'נײַ די זאַך: עס האָט געשלאָגן אין קאָפּ די ליבע. דערווײַל האָט עס דאָס שווערע זעלמעניאַנישע בלוט קוים געקענט פֿאַרדײַען.

דאָס שליטל איז שוין געשטאַנען נעבן זיי.

בערע האָט אַרײַנגעזעצט די כּלה, אײַנגעדעקט זי מיט דער פֿאַרפֿרוירענער דעקע. דאָס שליטל האָט זיך אַ ריס געטאָן און אַוועקגעשווומען איבער דער ברייט פֿון גאַס. חיהלע האָט זיך דע־מאָלט צוגעטוליעט צו בערען מיט אַ זעלמעניאַנישן אימפּעט און דערפֿילט זײַנע קאַלטע ברייטע פּלייצעס, וואָס האָבן שטענדיק אָפּ־געגעבן מיט אַ גלײַכער רויִקייט, ווי דעמב.

*

חיהלע פֿעטער יודעס איז נאָך דעם געגאַנגען אין דער וויב־טערדיקער נאַכט אַהיים. אַרום און אַרום איז דער פֿראָסט געווען גרין ווי אַ שטיק שלעכטע גלאָז. עס האָבן איר געקלונגען אין די אויערן די אייגענע עלנטע טריט. זי איז דערגאַנגען ביז צום רעבזע־

הויף, אָפּגעשטעלט זיך בײַ דער שטוב און אַרײַן ניט צום טאַטן, נאָר אַוועק שוין אַ ביסל װײַטער — צו דער מומע מלכּהלע.

פּעטער איטשע האָט געשלונגען גרויסע זופּן פֿון גלאָז און גע־פֿירט װײַטער דעם באַלערנדיקן שמועס:

— מע דאַרף שרײַבן פֿון אַן אַפֿאַר [20], מחמת אותיות האָבן ליב, אַז מען צוקט זיי. זייער שיק, זעסטו, לאָזן זיך צוקן אַ „ט" און אַ לאַנגער „ך". פֿון אַ „ל" קען מען אויך עפּעס מאַכן. דערמאָן זיך, מלכּהלע, מײַנע בריוו חתנות׳. האָט מען דיר כאָטש געוויזן מײַן כּתבֿ? אַ שאָד — האָט ער אָפּגעזיפֿצט — שוין היפּשע יאָרן ווי איך האָב ניט גענוצט די פּען.

## דער גרויסער טומל

אין דער פֿרי איז געשטאַנען דער טומל. דער רעבזע־הויף האָט אויסגעזען ווי אַ מוראַשניק. מען איז געלאָפֿן אין הוילע כאַדאַקעס [21] אַדורכן פֿראָסט פֿון איין שטוב אין דער אַנדערער. עס זײַנען פֿאָר־געקומען אומעטום שטייענדיקע ישובֿ־הדעתן.

— סטײַטש, ס׳איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַ נבֿלה אין ר׳ זעלמעלעס הויף!

— אָן אַ חופּה וקידושין!

— סטײַטש, סטײַטש, בײַ אונדז זאָל עס גאָר טרעפֿן!

די אַלטע זעלמעניאַנער זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט אַרויסגעדרוק־טע בערד, געקרעכצט און געמאַכט מיט די פּלייצעס. די שיליועס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון אונטער די דאַשקעס, געשמעקט די אָנגע־לאָדענע שטימונג. און פּעטער יודע איז גאָר געוועזן אויסער זיך, אַ סימן, ער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב און געקײַט דאָס בערדל. אין צווייטן צימער איז געלעגן חיהלע, רויט פֿון שאַנדע, און ער, דער פּעטער, האָט געבלאָזן אין הובל, געאַרבעט מיט היץ און אַלץ

---

[20] ביכל מיט גראָווירטע אותיות. — [21] טרעפּעס, שטעקשיך.

אַרײַנגעטענהט צו דעם ברעט, אַז מען זאָל הערן אויף יענער זײַט וואַנט:

— ציג, וואָס לויפּסטו? וואָס שטעכט דיר אַזוי דער האָבער?

דערצו איז פּעטער יודע געווען אַ מאָדנער מענטש. ער איז געווען אַ פילאָסאָף און אַן אַלמן. מיט אַ מאָל האָט ער אַוועקגעלייגט דעם הובל אויפן וואַרשטאַט, געבליבן שטיין אַ היפּשע ווײַלע מיט דעם רוגזהדיקן פּנים צו דער וועלט. ער האָט געטראַכט: פאַראַן אַ קבלה פון ר׳ זעלמעלעך, אַז אַ חתונה זאָל מען פּראַווען מיט כּלי־זמר.

דאָס פידעלע איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, האָט ער עס אַראָפּגענומען, צוגעגאַנגען צום הילצערנעם ווענטל, ווו ס׳איז פון דער צווייטער זײַט געלעגן חיהלע דעם פּעטער יודעס, און אָנגעהויבן מאַכן הכנות. ער האָט פאַרקאַשערט דאָס גלאַנציקע בערדל, צוגעשלאָסן די אויגן און גענומען שפּילן. דאָס האָט, כּלומרשט, געדאַרפט באַדײַטן: כּלי־זמר שפּילן אויף חיהלעס חתונה.

פון אָנהייב איז טאַקע דער ניגון געגאַנגען פּונקט ווי בײַ אַ כּלי־זמר צו באַדעקנס, נאָר ס׳האָט זיך שוין פון אים אויך געהערט אַ טויטער ריח, ווי פון אַ געזאַנג אויף אַ בית־עולם. עס האָט געצופּט בײַם האַרצן. דערנאָך האָט ער אָבער גענומען שפּילן אַן אל מלא רחמים, אַ ניגון וועגן דעם וואָס די מומע העסיע איז אַוועק פאַר דער צײַט פון דער וועלט און ניט זוכה געווען צו זײַן בײַ דער טאָכטער צו דער חופּה. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זײַנע אויגן. די נאַסע ווײַעס האָבן געפינטלט אויף די שפּאַקולן־גלעזלעך און ער האָט שוין ניט געזען פאַר זיך גאָר גישט, בלויז צוגעהערט זיך צו דער פינצטערער התלהבות, וואָס קומט־אויף אינעווייניק; ער האָט זיך צוגעהערט צום געזאַנג וועגן דעם ניט־שיינעם טויט פון דער מומע העסיע. דערנאָך האָט ער אויך געשפּילט וועגן דער זון. און ווער ווייס, ווי לאַנג פּעטער יודע וואָלט דאָרטן געשטאַנען בײַם הילצערנעם ווענטל, ווען פלוצלינג דערהערט זיך ניט אַ שטיל כליפּען פון יענער זײַט, אַ פאַרשטיקטער געוויין, וואָס איז אַלץ שטאַרקער גע־

וואָרן, און מע האָט געפּילט, ווי חיהלע וואַרפט זיך אויפן קישן און ווערט פאַרגאַנגען פון טרערן.

דער פּעטער האָט געכאַפּט אַ קענדל וואַסער און איז אַריַין אַהין. חיהלע האָט געיאָמערט. זי האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאַרחלשטע, אַ זופּ געטאָן און צוריק אַנידערגעפאַלן אויפן קישן. האָט זי פּעטער יודע אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, אַ צייכן אַז ער איז צופרידן פון דער כלהס טרערן, און אַרויס שטילערהייט צום וואַרשטאַט.

ער האָט זיך געשטעלט צוריק צו דער אַרבעט מיט דער האַק און מיט דעם הובל, געמיַיסטערעוועט שוויַיגנדיק אַ גאַנצן טאָג, און שויך, דאַכט זיך, לחלוטין אויפגעהערט טראַכטן וועגן דעם אומגעראָטענעם שידוך. ערשט אין אָוונט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אַנשטאָט דעם אַלמער, וואָס ער האָט אין דער פרי פאַרטראַכט, האָט זיך באַקומען אין אָוונט אַ בענקל, אַ פּראָסטער בענקל.

ביַי בערן איז אויך מאָרגן געווען אַ רוטאָג. פון וואַנען, פרעגט זיך, ווייס מען, אַז ביַי בערן איז געווען אַ רוטאָג? פאַראַן אַזאַ סימן: אויב בערע טוט־אויס די שטיוול, איז עס אַ באַוויַיז, אַז ער רוט. דעמאָלט ווערט ער טאַקע אַ שטאַרק רויִקער מענטש. ער דרייט זיך אַרום איבער דער שטוב אַ באָרוועסער, אין די גרויסע הויזן גאַליפע[22], און נאַשט פון די טעפּלעך, כאַפּט ביַי דער מומע מלכהלען אַ לאַטקע פון דער סקאָוואָראָדע, טונקט זי אין עפּעס אָפּ און וואַרפט עס גליַיך אַריַין דורכן מויל אין בויך אַריַין. ציַיטונגען לייענט ער שטייענדיקערהייט. דערנאָך זעצט ער זיך אַוועק אויפן טאַפּטשאַן, די פיס אונטער זיך און נעמט סטראָיען דאָס באַלאַליַיקעלע.

בערע פאַרמאָגט אין זיך אַ פּאָר האַמעטנע לידער, וואָס ער האָט געבראַכט פון די פראָנטן; זיי ליגן אין אים ווי אין אַ קעלער, נאָר עס טרעפט, אַז ער זינגט זיי אַרויס אויכעט. ער האָט צום זינגען אַ שווערע בויכשטים, און בעת ער פאַרזינגט זיך, קריכן ביַי אים אַרויס די אויגן אויפן שטערן פון מתיקות.

---

[22] פאַראָדנער קאָסטיום, אין פראַנצייזישן סטיל.

ער זינגט אַ ביסל מאָדנע. מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז בערע פֿאַרטוט זיך אין די לידער און פֿאַרגעסט אָט דאָס וואָכעדי־קע לעבן. עס טרעפֿט, אַז ער האַקט פּלוצעם איבער דאָס טיפֿע, התפּעלותדיקע געזאַנג און טוט אַ זאָג:

— מאַמע, אין צעראַבקאָפּ[23] גיט מען הײַנט פּוטער!

און דערנאָך זינגט ער ווײַטער מיט נאָך מער התלהבֿות, פֿאַר־כלינעט זיך און דאָס אָרעמע באַלאַלײַקעלע פּײַפּט־צו.

אָ, אַ לויב צו דעם זעלמעניאַנישן נוסח אין דער וועלט־געשיכטע!

*

בערע זיצט שוין היפּשע עטלעכע שעה אויפֿן טאַפּטשאַן, די באָרוועסע פֿיס אונטער זיך, און שפּילט. דאָס באַטײַט, אַז דער חתן איז זיך משׂמח אין די שבֿעה ימי המשתּה. דאָס העמדל איז אָפּגע־שפּיליעט, די ליפּן אָנגעבלאָזן, און די דעמבענע שטים גייט פֿון בויך:

אַז איך בין געפֿאָרן קיין ראָסטאָוו אויפֿן דאָן,
האָב איך גענומען אַ לאַבן ברויט;
אַז איך בין געפֿאָרן קיין ראָסטאָוו אויפֿן דאָן,
האָב איך בורזשויען געמאַכט דעם טויט.

און אין הויף איז מען אַרומגעגאַנגען און געזאָגט:

— ווײַבער דאַרפֿן זיי האָבן, די שילויעס? — קדחת דאַרפֿן זיי האָבן.

— ווי קומען זיי, די כאַמערוקעס[24], צו ווײַבער?

און דער פֿעטער יודע איז אַרײַן צו חיהלען אין קאַמער:

— וואָס ליגסטו? — האָט ער געזאָגט, — דער מאַן דײַנער זיצט דאָך דאָרטן אין דער מסיבה פֿון רבנים און שיט פֿון זיך מיט שטי־קער תּורה!

דעמאָלט האָט זיך בערע אָנגעזונגען ווי אַ פּויק און איז אַוועק.

---

[23] (פֿאַרקירצונג, נאָך סאָוועטישן נוסח) צענטראַלער אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו.
— [24] גראָבע־יונגען.

ער האָט אַפּילו ניט געפֿונען פֿאַר בייטיק צו פֿאַרוואַרפֿן אַ וואָרט, אַז ער האָט חתונה געהאַט.

*

שפּעט אין אָוונט, נאָך הייסע ישוב־הדעתן, האָט זיך די מומע מלכּהלע געלאָזן צו בערען אין דער מיליציע אַרײַן. עס איז באַוווּסט, אַז די מומע מלכּהלע האָט פֿון תּמיד שיינע אײַנפֿאַלן אין זיך און איצטער איז עס אויך איר אויפֿטו געווען — גיין פֿאַרבעטן בערען אויף לעקעך־און־בראָנפֿן.

— אויב מען איז ניט קיין ייִדן, איז מען דאָך אָבער שטיקלעך מענטשן, וואָס — ניט?

זי איז דורכגעגאַנגען קאַלטע, טונקעלע קאָרידאָרן, ביז זי האָט ניט אויסגעפֿונען דעם צימער זײַנעם. דאָרטן, צווישן פֿונאַנדערגעוואָרפֿענע טישן, איז דער חתן געשטאַנען אַ רויטער, אַ פֿאַרסאַפּעטער, און געוואַשן די דילן.

די מומע מלכּהלע האָט זיך טיף פֿאַרשעמט:

— ווי פּאַסט עס פֿאַר דיר? — האָט זי זיך צעבייזערט — מען קען דאָך וועמען בעטן...

בערע האָט מיטן עלנבויגן אָפּגעווישט די וואַנצן און געענטפֿערט, אַז ער וועט, בישקשה, טרעפֿן אַליין די חכמה. ער האָט אַוועקגעשטעלט די באַרשט און אויפֿגענומען די מאַמע מיט זעלמעניאַנישער צאַרטקייט.

די מומע מלכּהלע האָט זיך צוגעזעצט גאַנץ ברייטלעך, ניטאָ זיך וואָס צו אײַלן, האָט עפּעס אַזוי זיך גענומען אַ פֿעדער פֿון טיש, אַ פּרוּוו געטאָן אויפֿן נאָגל און געפֿרעגט:

— בערע, די פּען רײַסט ניט?

— ניין, נו, און וואָס הערט זיך בײַ אײַך?

— ווייסט דאָך... — האָט זי געענטפֿערט — מע לערנט אַ ביסל ייִדיש, אַ ביסל רוסיש...

אַזוי האָט מען גערעדט אַרום און אַרום. און מען דאַרף ניט מיינען, אַז די מומע מלכּהלע האָט פֿאַרגעסן אין יענעם אָוונט נאָך

וואָס זי איז געקומען. זי האָט ניט פֿאַרגעסן. אַ מענטש דאַרף קענען בלויז צוגיין צו אַ מענטשן; און ניט אומזיסט האָט מען געשיקט אין דעם שליחות די קלוגע מומע מלכּהלע, כאָטש פֿעטער יודע האָט זיך נאָך בײַ טאָג שטאַרק געריסן, און ווי ער האָט בײַ טאָג פֿאַרזיכערט, וועט ער אים דאַרטן, דעם שיינעם אידעם זײַנעם, צערײַבן אויף אַש. די מומע מלכּהלע האָט שוין דווקא גאָר ניט פֿאַרגעסן. זי האָט אַפֿילו אויך באַוויזן אַרויסצוזאָגן די השערה, אַז דאָס פֿאַרשרײַבן זיך אין זאַגס [25] האָט עפּעס אין זיך ניט קיין האַפֿט. דאָס איז עפּעס ניט צום האַרצן.

בערע האָט צוגעשמייכלט.

דעמאָלט האָט זי אים פֿאַרבעטן אויף לעקעך־און־בראָנפֿן. און די מומע מלכּהלע האָט צוגעגעבן:

— פֿאַרשטייט זיך, אָן צערעמאָניעס, וואָדען? — מע איז דאָך אויך עפּעס שטיקלעך הײַנטיקע, קאָמסאָמאָלן [26]...

*

אין הויף האָט מען זיך גענומען גרייטן צו אַ שטילער חתונה.

רויכן זײַנען געשטאַנען איבער די קוימענס. קיטקעס [27] אויסגעפֿלאָכטן אויף די טישן, ווי אין אַמאָליקע יאָרן. די מומע גיטע ווייסט דעם סוד פֿון אַ באַזונדער סאָרט האָניק־טייגל, וואָס מיט זיי האָבן זיך מחיה געווען אירע ווײַטע, בלויע רבנים. רויכעס [28] פֿון צימערינג און זאַפֿראַן האָבן זיך געטראָגן איבערן הויף.

בלויז פֿעטער יודע האָט נאָך עפּעס געקוקט רוגזהדיק, אָבער אויך אָן בייזקייט. ער האָט געהאַט עפּעס אַ מין בגד פֿון זאַמדקאָליר, מיט אַ ברוינעם סאַמעטענעם קראַגעלע, ווי אַ שטיקל רימען — דאָס האָט ער איצטער געטרייסלט איבערן פֿראָסט.

מען דאַרף נאָך אָבער צוגיין אַ קוק טאָן צו דעם פֿעטער זישע

---

[25] סאָוועטישע רעגיסטראַציע־ביוראָ פֿאַר חתן־כּלה (אָן צערעמאָניאַלן). — [26] קאָמוניסטישע יוגנטלעכע. — [27] געפֿלאָכטענע חלות. — [28] ריחות.

אין פּענצטער אַרײַן. אויב עס באַווײַזט זיך אין פּענצטער אַ פּיר־קאַנטיקע באָרד, איבער איר ליגט אַ האַנט, וואָס האַלט זי פּעסט צו, און מיט אַ קעמל ווערט זי, די דאָזיקע באָרד, געקעמט פון אונטן אַרויף — איז עס אַ באַווײַז, אַז עס וועלן זײַן גרויסע שמחות אין הויף.

יאָ, די באָרד איז דאָ! צאַלקע האָט געבראַכט אַ פּלעשל ווײַן. אַלזאָ, אין רעבזעהויף טוען זיך מעשׂים. פּעטער איטשע גייט־אַרום פון באַגינען, ווי די שטילקייט אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, ווי אַ טויב, טוט בלויז האָרכן, וואָס מען רעדט, דערבײַ וויל ער אויס־מײַדן דער מומע מלכּהלעס בליקן. פּאַר וואָס: פּעטער איטשע האָט אַ טבֿע צו נעמען אַ קאָפּ אויף די דאָזיקע שׂמחות און דערנאָך גייט ער זיך קושן מיט ווײַבער. מע האַלט, אַז דאָס שטאַמט פון זײַן ביט־איבערגעשפּיצטקייט.

עס האָט זיך אַרויסגערוקט דער טאָג, פאַרגאַנגען אַן אַ שקיעה. בײַ פּעטער יודען אין שטוב האָט מען אָנגעצונדן דעם גרויסן אײַ־זערנעם לאַקירטן לאָמפּ, וואָס הענגט־אַראָפּ ווי אַ גאַנצע מאַשין. אין שטוב איז געווען גרײַלעך ציכטיק. עס האָט געשמעקט מיט פרישן סאָסנאָוון ברעט. בלויז אין פירהויז האָבן זיך נאָך געטראָגן גערוכן פון די אַמאָליקע פאַרזעצטע גענדז. אין פירהויז האָט נאָך אָפּגע־געבן די שמוכט[29].

פּעטער יודעס בערדל האָט געגלאַנצט פונעם קאַלטן וואַסער. אין זײַן אַלטפּרענקישן שטײַפן בגד איז ער געווען ענלעך צו אַ דאָרפישן גלחל, וואָס האָט דאָ אַהער פאַרבלאָנדזשעט צו די זעלמע־ניאַנער. שפּעטער צו האָט מען געבראַכט צו פירן די באָבע באַשע אין די מלבושים פון אַ פאַרצײַטיקער קיניגין. עס האָט פון איר אַראָפּגעלויכטן אַ פּאַלערינקעלע פון שוואַרצע פּאַטשערקעס מיט טויזנ־טער טונקעלע קאָלירן. אויפן קאָפּ האָט זי געהאַט אַ גאַנצן בלומען־גאָרטנדל. פּעטער איטשע האָט זיך אַרײַנגערוקט אַן אַרומגעצוואָ־

29 שלעכטע ריחות.

גענער, די באָרד אַ ביסל אַרומגעכאַפּט מיט אַ שערעלע. דערנאָך האָבן זיך אַריינגעלאָזן פּעטער זישע און מומע גיטע. פּעטער פּאַליע איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקומען, ווײַל מען האָט אים ייִנגלוויַיז באַ־ליידיקט. שפּעטער פֿון אַלעמען איז אַרײַן צאַלקע פּעטער יודעס שלימזל, אַ געבילדעטער, שטענדיק פֿאַרקוקט אין די ביכלעך. ער איז דער וואָס פֿון די נײַע געלערנטע, אַז איינער זאָגט־אַרויס אַ וואָרט, שפּרינגט ער גלײַך אויף אַ פֿאַרחידושטער:

— ווי? וואָס האָט איר געזאָגט?

און באַלד פֿאַרשרײַבט ער דאָס אין אַ ביכעלע. דער עיקר האָט ער צו טאָן מיט דער באָבען, וואָס עס איז אויך ניט דער שטייגער פֿון יונגע־לײַט. נאָך אַ מידה האָט ער: ער נעמט זיך פֿון צײַט צו צײַט דאָס לעבן, נאָר דאָס געהערט שוין ניט צום ענין.

מען האָט זיך אויסגעזעצט בײַם טיש מיט דער זעלמעניאַנישער רוזיקייט און גענומען וואַרטן אויפֿן חתן.

*

ווי נאָר בערע האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, איז די מחות־נים באַפֿאַלן אַ גרויסע שטילקייט, ניט ווי אויף אַ חתונה. מען האָט אַפֿילו געכאַפּט קוקן מיט אַ ציטער אין די וויִעס. די יום־טובֿדיקע געזעלשאַפֿט האָט אויסגעזען שטאַרק חשוד און דעריבער האָט בערע אַ זאָג געטאָן באַלד אויפֿן אָרט:

— ווי עס לאָזט זיך מערקן, לויט פֿאַרשיידענע סימנים, קלײַבט מען זיך דאָ פּראַוועןן די שיינע חתונה! — און געקוקט האָט ער אויף דער אויסגעפּוצטער חיהלע, וואָס איז געזעסן אויף אַ קישן סאַמע אויבן אָן, העכער פֿון אַלעמען — יאָ, צי ניט?

— וואָדען? — האָט פּעטער יודע געענטפֿערט בייז — אַ קנאַפּע שמחה, וואָס?

פּעטער יודע האָט געענטפֿערט מיט אַ שטאָך, ווײַל ער קען ניט האָווירן[30] מיט מענטשן.

---

[30] נאָכגעבן, אויסקומען, בלײַבן גוט.

דעמאָלט האָט בערע אַרויסגענומען צײַטונגען צום לייענען. אַזוי אַרום האָבן זיך די זעלמעניאַנער גענומען אַנשטויסן, אַז די חתונה וועט שוין אַראָפּ ניט אין גאַנצן בשלום. בלויז דער צעהיצטער פּעטער איטשע, מיט דעם בענדעלע אונטערגעבונדן דעם קאָלנער, איז נאָך געזעסן גרייט צו נעמען אַ כּוס. פּלוצלינג האָט ער באַקומען אַ ווײַבערישן קניפּ אין די קני: די מומע מלכּהלע האָט עס אים אונטערן טיש געלאָזט וויסן פֿון איר פֿאַרצווייפֿלונג, האָט ער זיך אויך גענומען אַרומקוקן מיט חשד.

אַז בערע האָט איבערגעלייענט די צײַטונגען, האָט ער אַרויסגעלאָזן צווישן די ליפּן דעם באַוווּסטן הירזשע און גענומען קוקן צום לאָמפּ, ווי ס׳איז שוין באַקאַנט זײַן שטייגער אין אַזוינע פֿאַלן. ווי מע מיינט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַרויסשווײַגן די חתונה. דאָס איז ניט קיין גרויסער אויפֿטו; מע דאַרף עס אָבער אויך קענען. בערע האָט די זאַך לפֿי ערך דורכגעפֿירט אויף אַזאַ מין אופֿן: ער איז געזעסן רויִק, ווי עס זיצט אַ מאָל אײַנער אויף אַ וואָקזאַל און וואַרט אַז זײַן צוג זאָל שוין ענדלעך אָנקומען; געקוקט אויפֿן לאָמפּ און דערבײַ אַרויסגעשוויגן שווײַגשטיינער אַזוינע, וואָס האָבן זיך געלייגט אויף די נשמות פֿון די מחותּנים, ווי וואָליק. נאָך אַ צען מינוט שווײַגן, איז אַלעמען פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. דער מענטש איז געזעסן און געמזיקט מענטשן, געקוקט און קאַלט געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי אַ פֿראָסט.

דער ערשטער, וואָס האָט ניט אויסגעהאַלטן, איז געווען פּעטער יודע. ער האָט זיך אַ בייג געטאָן איבערן שטול און זײַנע שוואַרצע שאַרפֿע אייגעלעך זײַנען אַרויסגעקראָכן איבער די שפּאַקולן:

— אפֿשר וועסטו אַ מאָל אַרויסריידן אַ וואָרט, שיינער איידעם מײַנער?

צו הילף איז אים געקומען דער בלייך־געוואָרענער פּעטער איטשע:

— ברענג־אַרויס אַ וואָרט, זאָג איך צו דיר, בולען, וואָרעם ס׳איז דײַן שמחה, דײַן חתונה!

— און וואָס האָט מען דיר דאָ אַזוינס געטאָן? — האָט זיך גע־נומען בעטן די מומע מלכּהלע.

דעמאָלט האָט בערע פּאַמעלעך געענטפערט:

— הערט מיר אויף צו דולן אַ קאָפּ, וואָרעם איך זיץ און טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש.

— טאָ לאָמיר אויך וויסן וועגן וואָס, אַ שטייגער, אַ מענטש טראַכט? — האָט פּעטער יודע ניט אָפּגעלאָזן.

— דאָס זיץ איך און טראַכט — האָט בערע געזאָגט — ווי אַזוי מען קען דאָ עלעקטריפיצירן דעם הויף.

די זעלמעניאַנער האָבן זיך אַרומגעקוקט. די זעלמעניאַנער האָבן ניט געוווּסט פון קיין בייזע חלומות. דאַכט זיך, אַז וועגן הויף איז נישטאָ וואָס צו טראַכטן, און אויב מע זאָל שוין צוגעבן, אַז דער רעבזעהויף לאָזט זיך יע אַרומטראַכטן, איז איצט אויך ניט די צײַט אויף דעם. דאָס האָט אים טאַקע פּעטער יודע אויפגעקלערט, און אים דערבײַ שוין דערלאַנגט אויף אַן אײדעלן אופן, ווײַל ער איז ניט געווען פון די מענטשן, וואָס קענען פאַרשווײַגן אַ זאַך.

בערע האָט זיך אויפגעהויבן, געבעטן חיהלען זי זאָל זיך אָנ־טאָן און חתן־כּלה איז אַוועק.

*

די שאַנדע איז געווען גרויס. עס זײַנען געזעסן די מחותּנים אַרום טיש מיט לאַנגע פּנימער און געקוקט אויפן טישטעך. פלוצ־לינג איז אין פּעטער יודען אַרײַן אַ טירוף. ער האָט געכאַפּט די פלאַש ווײַן און אַ זעץ געטאָן אין דר׳ערד. ער האָט זיך אָנגענומען פאַרן איגענעם בערדל און עס געוואָלט אַרויסרײַסן פונעם פאַרזיי־שטח.

אין שטוב איז געוואָרן אַ שטיקל מהומה. לײַט האָבן זיך גענו־מען רוקן צו דער טיר. בלויז פּעטער זישע איז געשטאַנען רויק, פול אָנגעגאָסן מיט שמייכל, וואָס האָט אַזש געשפּריצט פון אונטער די ווײַעס, און ער האָט געצויגן אַ האָר פון באָרד:

— לײַטישע קינדער!...

האָט זיך פּעטער יודע אַ צי געטאָן צו אים ווי אַ שרויף און גע־גומען וואָרפן מיט אַ פינגער:

— וואָרט, זישקע, דו האָסט נאָך ניט געפּאַקט און געמאָזלט. בײַ דיר זײַנען נאָך אויך פאַראַן טעכטער!...

אויף דעם האָט פּעטער זישע געענטפערט קאַלט און גרינטלעך, הגם ס׳איז בײַ אים בלייך געוואָרן די נאָז:

— טאָ זאָל מען טאָקע וויסן — האָט ער געזאָגט — אַז זישע דעם זיגער־מאַכערס טעכטער וועלן דווקא יאָ חתונה האָבן כּדת משה וישׂראל.

נעבן אים איז שוין געשטאַנען די מומע גיטע און געהאַלטן פאַר אַן אַרבל. פּעטער זישע איז געווען אַ ייִד אַ חלוש. ווי באַלד ער האָט אָנגעהויבן ריידן, האָט ער שוין אָבער געררעדט ווײַטער און געעצהט, אַז בעסער זאָל שוין דער ברודער זײַנער זאָרגן פאַר דער אייגענער טאָכטער, חיהקען, זי זאָל, נעבעך, ניט פאַרגעסן צו ריידן אין דער געזעלשאַפט פון איר טײַערער „מעצאָצע״ [31].

אָבער פאַר וואָס איז בײַ פּעטער זישען בלייך געוואָרן די נאָז?

## דער פּעטער זישע און די מומע גיטע

פּעטער זישע איז אַרײַן צו זיך אין שטוב אַ שווײַגנדיקער. ס׳איז שוין געווען שטאַרק שפּעט. אַדורך די קורצע, בלויע פענצטערלעך זײַנען אַרײַנגעפאַלן זילבערנע דרעטלעך פון די שטערן. ער האָט פונאַנדערגעפּנט די טירן אין צווייטן צימער אַרײַן. דאָרטן האָט געשמיבקלט אַ קורניקל. טאַנקע פּעטער זישעס איז געלעגן אין בעט, געקײַט אַ שטיק ברויט און געלערנט עפּעס פון אַ דיקן בוך.

לאַנג איז געשטאַנען פּעטער זישע אין דער האַלב־פינצטערניש, געגלעט די באָרד און ניט געוווסט ווי אָנצוהייבן.

— איז וואָס זאָגסטו, גיטע?

און ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו דער מומען, וואָס איז תּמיד געשטאַנען נעבן אים.

---

[31] (שפּעט־לשון) מציאה.

— אַוודאי איז זי ניט קיין מענטש! — האָט די מומע געענט־פערט — סע שטייט דאָך אַ הייסער הליאַק אין אויוון.

פעטער זישע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— ווי לאַנג איז דער שיעור צו קאָמסאָמאָלעווען[32]? — אָט דאָס פרעג איך.

טאַנקע האָט זיך דעמאָלט אויסגעקערעוועט געלאַסן צום פעטער:

— דו מיינסט עס מסתמא מיך, ניין?

— און אַז דיך, איז וואָס?

— איז דיר אפשר באַקאַנט, טאַטע, — האָט זי זיך אויפגעהויבן מיט די נאַקעטע אָרעמס פון זעלמעניאַנישן ברוין — אַז דעם 25סטן אָקטיאַבער 1917טן יאָר איז אויף אַ זעקסטן טייל פון דער וועלט פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע פראָלעטאַרישע רעוואָלוציע?

— נו?

— נו, איז אָט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן... — זי האָט אַ שמייכל געטאָן אינעווייניק און זיך ווידער גענומען צום בוך.

פעטער זישע האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגנאיבער דער מומען.

— גיטע, דו הערסט? בערעלע, אונדזער איטשקעס, איז דאָך געוואָרן דער מאַכער...

— און דו וואָלטסט בעסער געוואָלט, ניקאָלײַקעלע זאָל זײַן דער מאַכער? — האָט טאַנקע האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— איז וואָס? פאַר ניקאָלײַקעלען[33], נאַרעלע, מיינסטו, האָט זיך יידן געלעבט שלעכט?

טאַנקע האָט פלוצלינג אַ שפײַ געטאָן, דאָס שטיק ברויט אַ וואָרף געטאָן אין דר׳ערד, פאַרלאָשן דעם לאָמפּ, אומגעקערט זיך צו דער וואַנט און זיך אַריבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע אַריבערן קאָפּ.

עס איז געוואָרן פינצטער און שטיל, טויבשטיל צווישן די לאַנג־

---

[32] שפילן זיך אין קאָמוניסטישע שטיק פון יונגוואַרג. — [33] (שפעט־לשון) צאַר ניקאָלײַ(קעלע).

זאַמע פֿאַרשיידענע קלעפּ פֿונעם פֿעטער זישעס אַלע זייגערס, וואָס האָבן אַראָפּגעקלאַפּט אין צוויטן צימער פֿון די ווענט ווי אַ גראַ־בער רעגן. עס איז געוואָרן פֿינצטער ביז טיף אַהינטער די אויגן.

— כּיבוד אָב, האַ? — האָט פֿעטער זישע אַרויסגערעדט פֿון בויך.

נאָך דעם איז טאַטע־מאַמע אַרומגעקראָכן און געטאַפּט איבער דער שטוב, איבערגעשריִען זיך מיט מאַטע, וואַסערדיקע שטימען, און דאַכט זיך, אַז פֿעטער זישע האָט דעמאָלט שאַרף פֿאַראורטיילט די הײַנטיקע אָרדענונג.

*

וואָס איז עס פֿאַר אַ ייִד, דער דאָזיקער זישע דער זייגער־מאַ־כער? קודם־כּל איז ער אַ ייִד אַ חלוש. באַלד נאָך דער חתונה האָט פֿעטער זישע פּראָקלאַמירט זײַן חולשה פֿאַר דער וועלט און אַלע האָבן עס אָנגענומען. עס קומט אים אויס צו חייען מיט אַ ייִכל, מיט אַ ציטרין. פֿון זײַן זייגער־מאַכערײַ, זאָגנדיק דעם אמת, האָט מען קיין מאָל גאָר נישט. די מומע גיטע דאַרף נאָך דערצו פֿאַר־קויפֿן פֿאָדעם איבער די קאָאָפּעראַטיוון. אייגנטלעך איז זי, די מומע גיטע, די גרויסע חולנית, לײַדט אויף אַ היפּש ביסל קראַנקייטן, וואָס צוויי פֿון זיי, ווייס מען, האָט זי באַקומען בירושה פֿון אירע רבנים און פֿיר האָט זי אַליין אויסגעכאָוועט מיט די אייגענע כּוחות. דאָק־טוירים האָבן אַפֿילו אָנומלטן פֿאַרזיכערט, אַז זי וועט אין גיכן מאַכן אַ שטאַרב, איז זי דעריבער אָפּגעהיט, און אַז זי קומט אַרויס פֿון אַ קראָם, פֿאַרשרײַבט זי גלײַך די חובֿות: טאָמער טרעפֿט זיך דאָס אומגליק אונטערוועגס, זאָל מען וויסן נאָכהער בײַ וועמען צו מאָנען פֿאַר פֿאָדעם.

און וואָס איז עס פֿאַר אַ ייִדענע די מומע גיטע? זי איז אַ הויכע, אַ דאַרע, אַ ביינערדיקע, אַ פֿאַרשפּילעטע ביזן האַלדז. צײַטנווײַז טוט זי אַ רייד מיט אַ מאַנסבילשן קול. אַ שוויגערין איז זי אויך, ווי די זעלמעניאַנער, נאָר איר שווײַגן איז שוין עפּעס אַנדערש — אַ זײַ־דענער, מיט אַ ביסל טרויער, מיט אַ ביסל תּכלת פֿון טליתים. בע־

רע, למשל, הרגעט דאָך מענטשן מיט זײַן שוויַיגן, נאָר אַז די מומע גיטע זעצט זיך אַ מאָל אַזוי אַוועק דורכשוויַיגן זיך אויף עטלעכע שעה, איז עס אַ געזאַנג, אַ פֿידלשפּיל.

קאַפּיטלען פֿון 2טן באַנד

# זעלמעניאַנער

## געננוג פֿייגל־געזאַנג פֿאַר אַ דורכשניטלעכן זעלמעניאַנער...

דאָס בלוט אויפֿן פֿעטער איטשעס טיש האָט מען אָפּגעסקראָבעט מיט אַ מעסער. ס'איז בלויז איבערגעבליבן אין ברעט אַ טעמפּער שפּור פֿון דער האַק.

דער ברוקירער איז שוין ניטאָ.

אין הויף דערציילט מען, אַז בעת מעשה האָט דער ייִד גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס: ער וויס ניט, הייסט עס, פֿון וואָס צו זאָגן. פֿאַלקען האָט ער כּלומרשט אין די אויגן ניט אָנגעזען. מעגלעך אָבער, אַז די מעשה איז בלויז אַן אויסטראַכטעניש פֿונעם פֿעטער פֿאַליעס ווײַבל.

צוליב וואָס דאַרף זי עס סוף־כּל־סוף? מסתּמא צוליב אירע ברייט פֿאַרשפּרייטע נעצן פֿון רכילות, וואָס אין זיי זײַנען שוין אַרײַנגע־פֿאַלן, ווי פֿליגן אין אַ שפּינגעוועב, כּמעט אַלע זעלמעניאַנער.

פֿון אינדערפֿרי אָן שטייט פֿאַלקע בײַם ראָג פֿון רעבזעהויף, די האַנט איבערגעבונדן איבערן האַלדז. פֿאַלקע איז באַפֿרײַט פֿון דער אַרבעט לויט אַ בולעטין. ער שטייט אויף אַ זוניקן אָרט און אַנטלײַט פֿרישע זומערדיקע ריחות פֿון געוועזענעם ר' יעקבֿ־עוזרס עפּלסאַד אויפֿן דריטן הויף, ווי עס טוען חולאים. ער איז שטאָק

ערנסט און פֿילט זיך ווי אַ סאָלדאַט, פֿאַרהאַרטעוועט אין די שלאַכטן מיטן ברוקירער.

ס׳איז זומער. דער יונג בלאָזט אויפֿן פֿינגער, וואָרעמט די אײַ־בערגעבונדענע ווונד אויף דער זון, און דאָ, בײַ אים הינטער דער פּליצע, ניט נאָר וואָס מע איז קאַלט צו זײַנע ווייטיקן, זוכט מען נאָך אַ וועג ווי אַזוי צו פֿאַרמיאוסן זײַן שיין־געוואָרענעם נאָמען.

די בייזע בלוטן פֿון די זעלמעניאַנער קאָכן ווי בײַ גזלנים:

— זעט אַקאָרשט, — זאָגט מען — צי דאַרף דאָ ניט אַ מאָל דורכשפּאַצירן די שנײַדערקע?

עס האַנדלט זיך וועגן דעם, וואָס בעת דער בהלה מיטן ברו־קירער האָט עפּעס איינער אַ ייִד דערציילט פֿאַר אַ רעדל מענטשן, אַז ס׳איז אַ טומל אינעם רעבזעהויף, ווײַל איינער, אַ שנײַדערקעס אַ מאַן, האָט צעממיתט אַ יונגן זעלמעניאַנער:

— דער זעלמעניאַנער אויסוווּרף האָט אים פֿאַרפֿירט זײַן ווײַב.

קענטיק, יענער ייִד האָט עפּעס יאָ געהערט, נאָר ער האָט נעבעך, ניט געוווּסט וואָס. דער פֿעטער פֿאָליעס ווײַבל האָט זיך אָבער באַלד אָנגעכאַפּט אין דער באָבע־מעשׂה ווי אין אַ טײַערן שטיק און איז אַוועק איבערן הויף מיט אַ טענה:

— האָב איך אײַך ניט געזאָגט, ווילדע ברואים, אַז דער שנײַ־דערקעס מאַן וועט אים מזיקן?

די זעלמעניאַנער האָבן געשוויגן. די זעלמעניאַנער האָבן אין דער ערשטער רגע נאָכגעגעבן. אייניקע האָט זיך אַפֿילו אויסגעדוכט אין דער ערשטער רגע, אַז זי איז גערעכט אויך, וואָרעם די זאַך לייגט זיך אויפֿן שׂכל.

אויב אַזוי, האָט שוין דעם פֿעטער פֿאָליעס ווײַבל דערציילט, אַז דער שנײַדערקעס מאַן פֿאָדערט בײַ פֿאָלקען אַ טייל פֿון דער הוצאה, וואָרעם דער יונגער־מאַן וויס גאַנץ גוט, אַז זײַנע זעקס קינ־דער זײַנען פֿון דער גאַנצער וועלט.

דעמאָלט האָט זיך דער פֿעטער איטשע פּלוצלינג געכאַפּט אינעם געפֿערלעכן שווינדל.

— ליבער גאָט! — האָט ער זיך געטאַפּט דעם קאָפּ — אָבער דעם פֿינגער האָט דאָך אים צעקאַליעטשעט דער ברוקירער!

די בייזע צונג האָט קאַלטבלוטיק אַ קוק געטאָן אויפֿן פֿעטער און נאָך דעם האָט זי זיך אויסגעקערעוועט צו אים מיט דער פּלייצע.

— נו, און אַז דער ברוקירער, איז וואָס? זאָל איך אײַך אפֿשר אויסצאָלן?

זי האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן איבער דעם פֿעטער איטשעס נישטיקע פֿראַגע און דערציילט ווײַטער. דעמאָלט איז שוין קיינער ניט געווען אין שטאַנד אָפּצושטעלן אירע רכילות. זי האָט געלייקנט אין די אויגן, כאָטש איבערגערעדט האָט זי שוין קיינעם ניט, חוץ אפֿשר אַ פּאָר אַלטע זעלמעניאַנער, וואָס מע האָט זיי פֿאַרגעסן אויסצומעקן פֿונעם בוך פֿון לעבן.

די געשיכטעס פֿון פֿאַלקעס אויסגעלאָסענער פֿור און פֿון זײַנע בלאָנדזשענישן אין דער ליבע זײַנען אויף אַ העכערן אופֿן אָפּגעשאַצט געוואָרן בײַ דער מומע גיטען אין שטוב.

*

ס'איז זומער. די פֿליגן שטייען אויף צוגעקלעפּט צו דער וואַנט און טוען גאָר נישט. אַזאַ טאָג איז אַ רויִקער טאָג פֿון באַדענקען פֿאַר דער מומע גיטען מיט אירע חבֿרטעס. זיצט מען בײַ דעם קאַלטן אויוון מיט די שפּאַקולן אויף דער נאָז. די מומע נעכע, פֿון איין זײַט, כאַפּט־איבער אַ האַנט בײַם שיילן די קאַרטאָפֿליעס; פֿון דער צווייטער זײַט אסתּר, די שרײַבערקע פֿון די אַפּאָרן, מיט די ווײַסע הענט אין שויס, אָט אָ די הענט, וואָס האָבן אויסגעציקלט אַזוי פֿיל שיינע יידישע בוכשטאַבן.

עס זיצן די ווײַבער און באַהאַנדלען דאָס שווערע לעבן פֿון פֿאַלקען, פֿון אָט דעם אויסגעלאָסענעם, באַנדאַזשירטן יונג בײַם ראָג הויף, וואָס איז באַשריבן ווי אַ מצבֿה און וועט שוין מסתּמא אַפּבלוטיקן זײַנע יאָרן ניט צוליב זײַנע אייגענע עבֿירות.

— אַ פּנים, זאָגט די מומע גיטע — אַז זי האָט אין אים אַרײַנ־געטאָן אַ סך ליובעזניק[34].

— וועמען מײנען זײ? — פרעגט אסתּר.

— די — זאָגט זי — בײַ וועמען פון די ווײַסע שלײפן סע האָט זיך געגאָסן טמא־ליכט פון דער לבֿנה...

די פרומע מומע האָט אומישנע אַ רייד געטאָן פאַרשטעלט, ניט אַנצורופן דעם פאַרדעכטיקן נאָמען. קענטיק, אַז זי האָט געמיינט די קאָנדראַטיעווע. די דאָזיקע מלכּה שבֿא פון די ווײַטע לענדער האָט עס אײַנגעטרונקען פאַלקען מיט דעם גראָז פון ליבע און איצט וועט ער זיך שוין מוזן, נעבעך, אַרומשלעפּן און ליבן אַ גאַנץ לעבן. מע זאָגט, אַז איר נאַקעטע לײַב האָט אויסגעשלאָגן בײַ אים אויפן האַרצן ווי אַ קרעץ. דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס ס'איז ניטאָ קיין תּרופֿה צו פאַלקעס פּלאָג.

אַמאָל איז געווען אַ ייִד, אַ פרומער רבנישער ייִד, האָט ער אויס־געטרונקען אַ פולע גלאָז ליובעזניק און ס'האָט אים געסטײַעט צו פאַרליבן זיך נײַנציק מאָל. דאָס משוגענע גרעזל פאַרבלענדט די אויגן, לויפט מען בלינדערהייט באַדײַ[35] אויף הונדערטער מײַלן, ווו נאָר עס זיצט אַ פרויענצימער מיט אָפענע אָרעמס. דעמאָלט זינ־דיקט מען און מען לויפט ווײַטער אויף הונטערטער מײַלן. אַזוי איז מיט פאַלקע דעם פעטער איטשעס.

— מע זאָגט, אַז דאָס איז אַ מאַטראָסקע זאַך... — האָט דער־קלערט די מומע נעכע און זי אַליין האָט ניט געוווּסט וואָס זי רעדט.

ס'איז אָנהייב זומער. איבער דער ברייט פונעם זוניקן הויף פאַלן־אָפּ פון די שטיבער צווײ שאָטנדיקע דרײַעקן. קיין ביימער זײַנען ניטאָ אינעם רעבזעהויף. אַנשטאָט דעם וואַקסן דאָ אַנדערע קעגנשטאַנדן. סע בליט דעם פעטער יודעס דאַך מיט אַ גרינעם, אײדעלן פּליוש. אין די קליינע פענצטערלעך בליען וואַזאָנעס אונ־טערן נאָמען אַליאַש. סע בליט אינעם רעבזעהויף אַ פראָסטער פלאָקן,

[34] ליבשאַפט. — [35] זאָל אַפילו זײַן.

אויף וועלכן סע טריקנט זיך אַ צעבערל. בײַ אַ ביסל אויפֿזיכט אי־בער דעם דאָזיקן פֿלאָקן וואָלט פֿון אים זיכער אַרויסגעקומען אַ גרויסע זאַך, אפֿשר אַ בוים.

אַט אַזוי גייען פֿאַרלוירן פֿאַרשיידענע מעגלעכקייטן אינעם רעב־זעהויף.

אויף דער מומע גיטעס דאַך שטייט אַן אָנגעבלאָזענער וואָראָבײ מיט אַראָפּגעלאָזענע פֿליגעלעך און טשיריקעט עפּעס, וואָס איז ניט שיין און וואָס איז ניט מיאוס — געגנוג־איבער־גענוג פֿייגל־געזאַנג פֿאַר אַ דורכשניטלעכן זעלמעניאַנער.

דעמאָלט איז פֿאַלקע דעם פֿעטער איטשעס אַרײַן צו דער מומען אין שטוב און אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש אַ בריוו פֿאַר טאַנקען. דער בריווטרעגער האָט אים דאָרטן, שטייענדיק בײַם ראָג, איבערגעגעבן אַ בריוו, איבערגעשטעמפּלט מיט האַרטע שוואַרצע שטעמפּלען פֿון פּעטראָפּאַוולאָווסק אויף קאַמטשאַטקע.

די ווײַבער האָבן באַקוקט דעם צעקאַליעטשעטן יונג, באַטראַכט אים מיט קענטשאַפֿט און גענוג ליבע־דערפֿאַרונג. די אייביק שטו־מע מומע האָט אומגעריכט פֿאַרפֿירט מיט אים אַ שטאַרק פֿאַרזאָרגטן שמועס:

— סע ציט דיך, מסתּמא, מײַן קינד, אין די ווײַטע שטעט?

— נאָך ווי! — ענטפֿערט ער.

— און וואָס זוכסטו דאָרטן, מײַן קינד, אין די גיהנומשע שטעט?

— מאַלע וואָס איך זוך.

זי האָט זיך אויפֿגעהויבן גרײַלעך פֿאַרטראַכט:

— דו זאָג מיר, פֿאַלקעלע, וואָס אַ שטייגער וואָלטסטו פּונקט אין אָט דער רגע געוואָלט?

די מומע גיטע האָט מיט אירע קאַלטע רבנישע אויגן אַ קוק געטאָן אויף אירע חבֿרטעס; די ווײַבער האָבן איר צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

— מאַלע, וואָס כ'וואָלט איצטער געוואָלט!

— נו, זאָג, מײַן קינד, וואָס?

— איצטער, אין אָט דער מינוט, וואָלט איך זיך דורכגעפּאָרן אויף אַ וועלאָסיפּעד.

זאָגנדיק דעם אמת, איז די מומע גיטע געבליבן ניט זייער צו־פרידן פונעם ענטפער.

— נו, וואָס נאָך?

— מאַלע, וואָס?

— דו זאָג, זונעלע, שעם זיך ניט, מיר זײַנען דאָ אַליין עלטערע ווײַבער.

דאָס האָט די מומע נעכע געפונען פאַר נייטיק אויף אַרײַנזאָגן אַ וואָרט.

— כ'וואָלט אויסגעטרונקען אַ פלעשל ביר — האָט פאַלקע גע־ענטפערט.

די ווײַבער האָבן אָפּגעזיפּצט און די אַלטע פּנימער נאָך מער אײַנגעשרומפּן פון פאַרדראָס. די מומע האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט איר גאַנצן פאַרשפילעטן וווקס, איז צו צום יונג און אַ רייד געטאָן מיט אַ קול, וואָס פון קיין מאַנסביל הערט מען ניט אַזוינס:

— נו, און וואָס נאָך ווילט זיך דיר?

— מאַלע וואָס, זאָל איך זיך דאָ אפשר אַוועקזעצן פאַר אײַך און דערציילן?

פאַלקע איז שוין געוואָרן אין כּעס.

— דערצייל, צעלאָזענער יונג, דערצייל! — האָט די מומע גע־שריִען אויפן באַס.

ערשט דעמאָלט האָט דער כיטרער פאַלקע אויפגעדעקט דעם מיין פון דער מומען. מסתּמא וויל זי, די רבנישע יידענע, אַז ער זאָל פאַר אירע פרומע ווײַבער דערציילן וועגן פרומקייט. ער וויל, נעמלעך, לערנען גמרא. דער יונג איז אָבער אַן אויסוואורף, האָט ער מיט דער לינקער, געזונטער האַנט אַ שאַר געטאָן די טשופּרינע אויפן שטערן, צוגעגאַנגען צו דער הויכער מומען און אַרײַנגעזאָגט איר אין סאַמע פּנים:

— מומע, איר ווילט וויסן וואָס איך וויל?
— נו?
— איך וויל קושן זיך מיט מיידלעך!
דעמאָלט איז די זאַך קלאָר געוואָרן.

די ווײַבער האָבן מיט שטומע בליקן געגעבן צו פאַרשטיין דער מומען, אַז איר השערה וועגן פֿאַלקעס מיאוסער קרענק באַשטעטיקט זיך: דער יונג איז אַ מיידלניק, אַן שום אויסוועג.

שווײַגנדיק האָבן זיי זיך צוריקגעזעצט צו די קאַרטאָפֿל, מיט פֿאַלקען שוין מער ניט גערעדט. און אַז די מומע גיטע האָט דער־זען, ווי דער יונג שטייט פֿאַרלוירן און וויל נאָך אַלץ באַנעמען, וואָס איז דאָ מיט אים פֿאָרגעקומען, האָט זי רוּק אויפֿגעהויבן צו אים איר שטרענג פּנים אין די יחוסדיקע פֿאַלבן, קנייטשן און שטריכעלעך, ווי אַ פּנים פֿון אַ פּויפּס:

— גיי, פֿאַלקעלע, — האָט זי געזאָגט — גיי ברענג־אום נאָך עטלעכע ערלעכע ייִדן פֿון דער וועלט!

ער האָט, נעבעך, געשוויגן פֿון וויטיק.

דער יונג איז געשטאַנען מיט הויכע, אָנגערוקטע פּלייצעס, רויט פֿון ביזי־בזיון.

איצט, בײַ דער מומע גיטען אין שטוב, האָט ער פּלוצלינג באַ־קומען דאָס שווערע, אַ ביסל אומגעלומפּערטע אויסזען פֿון די על־טערע טריוואַלנע זעלמעניאַנער — בערע און פֿאַליע. פֿאַלקע האָט זיך אפֿשר צום ערשטן מאָל דערפֿילט אין אַ פֿרעמדער סבֿיבֿה אָפּ־גענאַרט און אַרומגערינגלט. ער האָט פֿון כּעס אַ ברום געטאָן אונ־טערן נאָז אויף רוסיש, וואָס איז שווער איבערצוגעבן.

די האַנט האָט אים ווײַניקער ווי געטאָן — סוף־כּל־סוף האָט אים דער ברוקירער צעקאַליעטשעט ערלעך, מיט אַ פֿאַרהויבענער האַק אין העלן מיטן טאָג. שווער איז נאָך איצט געווען אַראָפּצו־שלינגען אָט דעם ווײַבערישן גיפּט, וואָס מען האָט אין אים אַרײַנ־געטאָן מיט פֿאַרגלײַסטער ליבע און פֿאַרכטיקייט.

אָט דאָס איז זי — די גרויסע, פֿרומע ליבע! אין מיטל־עלטער האָט מען מיט איר געברענט אַפּיקורסים אויף די שײַטער־הויפֿנס.

פֿאַלקע איז צוגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער צו דער טיר.

שטייענדיק שוין אויף דער שוועל, האָט ער די לינקע האַנט צונויפֿגענומען אין אַ פֿויסט און דעם דאָזיקן אײנציקן פֿויסט, וואָס ער האָט נאָך געקענט מאַכן, שווײַגנדיק אַ ווײַז געטאָן די ווײַבער:

— וואַרט, איר וועט נאָך בײַ מיר אויף קײַען די ערד!

און אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר. ער איז אַוועק, דער מערדער, וואָס האָט אומגליקלעך געמאַכט דעם ברוקירער און איצט פֿאַרשט ער שוין געוויס אויך נאָך דאָס ביסל בלוט פֿון די לעצטע אײדעלע ווײַבער אינעם רעבזעהויף.

שטיל אין הויף.

אַדורכן פֿענצטער האָבן זיי אים נאָכגעקוקט מיט שרעק און באַשײַמפּערלעך געזען, ווי דער אויסוואָרף איז אײַליק אַראָפּ אין שטאָט — לויפֿן זיך זען אָדער מיט דעם קלײנעם מײדל חנהלע אָדער מיט דער געלער שנײַדערקע אָדער, חס־ושלום, גאָר מיט דער קאָנ־דראַטיעווע.

און דעמאָלט האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער גאַס, בײַ דער באָבע באַשעס שטוב, די ערשטע פֿורן ציגל.

אין הויף איז באַלד פֿינצטער געוואָרן פֿון זעלמעניאַנער. די עטלעכע פּראָסטע פּויערישע פֿורלעך האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ שרעקלעכן אָנזאָג, און כאָטש געוווּסט האָט מען אויך בײַ דער מומע גיטען, אַז דער הויף איז שוין אַמאָל געוואָרן אָפּגעמשפּט, האָט דאָך איצט אַ צופּ געטאָן בײַם האַרצן.

עס האָט זייער ווי געטאָן פֿאַרן אַלטן, נידעריקן, וואַרעמען רעבזעהויף, וווּ סע גייט נאָך אויף אַ מאָל אין דער שטיל דאָס גרעזל ליובעזניק און בײַ נאַכט, בײַ דער שײַן פֿון דער לבֿנה, באַווײַזט זיך נאָך אַפֿילו די פֿאַרצײַטיקע מלכּה שבֿאַ אין דער געשטאַלט פֿון זיי־ער אַ דורכזיכטיקער גראַפֿיניע קאָנדראַטיעווע.

*

דער בריוו איז געלעגן אויפֿן טיש. צאַלקע איז אײַלנדיקערהייט אַרײַן און פֿעסטגעשטעלט נאָך אַ מאָל, אַז דער שטעמפּל איז פֿון פּעטראָפּאַװלאָװסק אויף קאַמטשאַטקע.

אַ גאַנצן נאָכמיטאָג האָט יוליאַנע געשריִען מיטן בײַכל און טאַנ־קע איז ניט געווען. אין אָוונט האָט מען איר אָנגעזאָגט, באַלד פֿאַר דער שוועל פֿון שטוב, אַז מען נעמט־אַראָפּ דעם רעבזעהויף און אַז ס'איז דאָ אַ בריוו פֿון איר מאַן; ער בעט זי קומען צו זיך. אַזוי פֿאַרשטייט מען דעם אינהאַלט פֿון אַ בריוו אינעם רעבזעהויף, בלויז פֿון קוקן אויפֿן שטעמפּל.

צאַלקע איז ניט אַרויס. ער האָט אַרומגעשפּאַנט בײַ זיך אין דער שאָטנדיקער שטוב, ניט אָנגעצונדן קיין ליכט און אַלץ אַרויסגעקוקט אין דרויסן: צי ברענט שוין ניט דאָרטן בײַ דער מומע גיטען דער לאָמפּ מיטן גרינעם אַבאַזשור. זינט טאַנקע אין שטוב, העננט שטענ־דיק אַ גרינע שײַן פֿון אַן אַבאַזשור בײַ איר אויפֿן פֿענצטער. בײַ טאַנקען אין די שויבן איז הײַנט געווען פֿינצטער, כאָטש זי איז שוין לאַנג געזעסן אין שטוב. דערנאָך האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין רעבזעהויף, אַז טאַנקע וויינט. פֿריִער איז אין די שויבן געווען פֿינצטער און זי האָט געוויינט, שפּעטער האָט זיך פֿון פֿענצטער באַ־וויזן די גרינע שײַן פֿון לאָמפּ אונטערן אַבאַזשור און זי האָט גע־וויינט. מע זאָגט, אַז פֿאַלקע איז צו איר אַרײַן און אָנגעצונדן דעם לאָמפּ.

— אַזוי? זי וויינט שוין אויך? גאָט צו דאַנקען!

— סע שאַט ניט! — האָט מען שאַלקהאַפֿטיק באַרויִקט דעם עולם — אויסוויינען זיך איז אַלע מאָל גוט.

— טרערן מאַכט אײדעלער אַ מענטשן.

דערנאָך האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז טאַנקע איז געבליבן אַן אַלמנה. די זעלמעניאַנער האָבן זיך דערוווּסט, אַז איר מאַן איבער־הונדערטער מײַל, וואָס געהאַט האָט זי פֿון אים סײַ ווי סײַ נאָר האַר־טע שטעמפּלען פֿון פּעטראָפּאַװלאָװסק, האָט אָפּגעזאָגט די עטלעכע גילדן. ער איז דערטרונקען געוואָרן. דער בריוו איז אָנגעקומען פֿון

טאַנקעס אַ חבֿרטע — ניוטע די קורצזיכטיקע, בײדע, לאָזט זיך אויס, האָבן ליב געהאַט דעם אײן דערטרונקענעם און איצטער באַ־װײנען זײ אים זאַלבעצװײט — אײנע פֿון אײן עק װעלט און די צװײטע — פֿון דעם אַנדערן עק װעלט.

פֿאַלקע זאָגט, אַז איר מאַן איז געװען אַ גוטער יאַט. פֿאַרשטײט זיך, אױך אַ שילױע. אַז מען איז אָבער געלאָפֿן צו אים באַכפֿרעגן זיך, צי איז דער דערטרונקענער אױך דער טאַטע פֿון טאַנקעס מײ־דעלע, האָט ער געענטפֿערט:

— ניט אײַער זאַך!

— מישט זיך ניט, אַז מע בעט אײַך ניט!

אַלזאָ, אַפֿילו אַן מען שטאַרבט בײַ זײ, טאָרסטו זיך אױך ניט מישן. טאַנקע װײנט. די װײַבער האָבן געעפֿנט די פֿענצטער, גע־הערט קלומערשט: טאַנקע װײנט. מע זאָגט, אַז זי זיצט מיט אַ באַנ־טיכל און באַװײנט אירע יונגע יאָרן: װער װעט זי איצטער בעמען מיטן קינד.

די זעלמעניאַנער האָבן געשװיגן, איבערגעגעבן אײנע די אַנ־דערע דורך פֿאַרשײדענע װונקן, װאָס האָבן זיך געפֿלאָכטן און גע־װעבט, װי שװערע געװעבן אױף אַ קאַנװײער[36], אַז מע װײס שױן גענױ דעם גרונט פֿונעם דערטרונקענעם אין רעבזעהױף. יעדנפֿאַלס, איז אַ דערטרונקענער אַ שטראָף פֿאַר עפּעס אַ גאַזלאָװאָיסטװע און, צװישן אונדז רײדנדיק, צי האָט מען דאָ ניט אומגליקלעך געמאַכט אַ שטיקל ברוקירער פֿאַר גאָר נישט און פֿאַר נישט?

דעמאָלט איז געװען די פּאַסיקע צײַט. דער אַלטער פֿעטער אי־טשע האָט געפּרוװט דעמאָלט אַ זאָג טאָן פֿאַר די װײַבער דאָס ערשטע תּורה־װאָרט אױף זײַן לעבן, אַ תּורה־װאָרט װאָס איז צום אומגליק באַשטאַנען פֿון אַ סך פֿײען און האָט דעריבער דורכגע־פֿעכלט פֿאַר די אױערן, װי אַ שלעכטער װינט.

— פֿוך מוך לײפֿאַטפֿוך װײפֿאַפֿויך לײפֿאַפֿויכע[37]!

---

[36] פֿאַס פֿון אַ טרײַבראָד (אין אַ מאַשין). — [37] (אָפּחוזקנדיק) פֿון „לשון קודש".

דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, עפּעס אויף לשון־קודש.

בעת מעשׂה איז דער פּעטער צוליב ניט־געניטשאַפּט אַ ביסל רויט געוואָרן, האָט זיך אָבער באַלד דערפֿילט חשובֿ אין די אייגע־נע אויגן. די ווײַבער האָבן זיך אויך איבערגעקוקט מיט גרויס שטוי־נונג, וואָס דער פּעטער איטשע איז שוין אויך אַ למדן.

און דעמאָלט איז דער פּעטער איטשע אַרויס אין הויף. בײַ טאַנקען האָט געברענט דער לאָמפּ אונטערן גרינעם אַבאַזשור, לאַנג האָט זיך דער פּעטער אַרומגעדרייט אין הויף, אָפּגעשטעלט זיך בײַ די אויסגעלייגטע ציגל און צו עמעצן געשאָקלט מיטן קאָפּ, געהויבן די הויזן, ביז ער האָט ניט אַרײַנגעקוקט סוף־כּל־סוף אין טאַנקעס פֿענצטער: זי איז געזעסן אַראָפּגערוקט אויף דער אַלטער קאַנאַפּע, דאָס קינד — בײַ איר אויפֿן שויס, און געקוקט האָט זי פּראָסט אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, נאָר אין די אויגן זײַנען, אַ פּנים, געשטאַנען טרערן. אָט אַזוי, אַלזאָ, באַווײַנט מען אַ מת!

דער פּעטער איטשע איז אַוועק צו זיך אין שטוב און גע־טראַכט:

— דער מאַן איז ניט קיין מאַן, דאָס ווייַנען איז ניט קיין ווײַ־נען און די וועלט איז קיין וועלט ניט!

פֿאַלקע איז אַראָפּגעלאָפֿן פֿון הויף קלאַפּן ערגעץ אַ טעלע־גראַמע.

*

בײַ נאַכט איז צלאל דעם פּעטער יודעס אַרײַן צו טאַנקען, אַרײַן צו איר, הייסט עס, מנחם־אָבֿל זײַן. צלאל איז געזעסן מיט די ברילן אויף דער נאָז, שטיל און שמאָל, ווי אײַנער אַליפֿז התימני איז אַמאָ־ליקע צײַטן געזעסן בײַ אַ געוויסן מענטשן איובֿ. די שײַן פֿון אונטערן אַבאַזשור איז געפֿאַלן אויף זײַנע ווײַסע, שמאָלע הענט אויפֿן טיש. דעמאָלט איז ער געזעסן אַ שעה און געשוויגן. קיין געדאַנקען זײַ־נען אין קאָפּ ניט געווען, וואָרעם ער האָט שוין אַלץ אַזוי גוט ווי אָפּגעמאַכט. דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן אין טאַנקעס זײַט. אײַנ־גענורעט אין ווינקל פֿון קאַנאַפּע, האָט זי מיט אַ בלײַפֿעדער עפּעס

געשריבן אין אַ בלאָקנאָט, כאָטש דאָרטן אין ווינקל איז געווען גוט פינצטער.

מיט אַ מאָל האָט צלאל אַ פרעג געטאָן:

— און אַז איך וועל שטאַרבן, וועסטו אַ ביסל וויינען?

טאָנקע האָט אַ קוק געטאָן פאַרטראַכט און גאָר נישט געענט־פערט.

— און אַ זיפץ טאָן אויך ניט?

זי האָט געשוויגן.

— דו ביסט אַ שלעכטע.

אָט דאָס האָט ער געזאָגט. ער איז צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע און איר געגעבן די האַנט.

*

אין הויף איז מען געזעסן ביי וועטשערע. די פענצטערלעך מיט אַן עלעקטריש־צעשטראַלטן פייערל אין די שייבלעך האָבן זיך פריי־לעך געשאָקלט אין דער זומערדיקער נאַכט, כאָטש ס'איז גאָר ניט אַזוי פריילעך אויפן האַרצן. אַדורך די שויבן זעט מען ווי דער פע־טער איטשע, אַן אַ רעקל, מיט פאַרקאַשערטע אַרבל פון העמד, זיצט איבערגעבויגן איבער אַ שיסל און זופט פון אַ הילצערן לעפל — אַ סימן אַז ער עסט מילכיקס. דער פעטער איטשע האָט איצטער געטאָן צוויי אַרבעטן: ער האָט געגעסן און באַטרויערט דעם הויף.

אויבן, אין מויער, זיינען די פענצטער געשטאַנען אָפן. עטלע־כע שטימעס עלטערע און קינדערישע האָבן זיך געריסן מיט די לעצ־טע כוחות און געזונגען מיט לאַנגזאַמער זעלמעניאַנישער התלהבות אַ לאַנג, לאַנגזאַם ליד, וואָס האָט דאָ אין הויף שוין אויסגעהויכט איר מעלאָדיע:

טשיי פילאַ,
סאַמאָוואַרניטשאַלאַ,
ווסיו פאַסודו פערעבילאַ,
נאַקוכאַרניטשאַלאַ.[38]

---

[38] (שפּאַסליד) טיי געטרונקען, מיטן סאַמאָוואַר אָנגעאַרבעט און אין קיך ס'גאַנצע געפעס צעבראָכן.

דאָס העזההדיקע קולכל פֿונעם פֿעטער פֿאַליעס ווײַבל האָט אויך נאָכגעהאַלטן; ערגוואָרט, בעסער ווי טרײַבן רכילות, כאָטש ס׳איז פֿון דעסט וועגן אַ בעלנות צו זינגען הײַנטיקע נאַכט אין הויף.

דער גרויסער בער איז געהאַנגען איבער דער מומע גיטעס שטוב. דעמאָלט איז צאַלקע אַרויף אויפֿן הויפֿישן לייטער.

ער איז געגאַנגען גרינג, פֿאַרזיכטיק און ווייך, ווי אַ גנבֿ. זײַן טונקל־שוואַרצע געשטאַלט האָט זיך אויסגעטיילט פֿון טונקל־בלויען הימל מער מיט איר שמאָלן אומעט ווי מיט איר קאָליר. צלאל איז באַלד פֿאַרשוווּנדן אין לאָך פֿון בוידעם. איבערן קאָפּ האָט אים אַדורכגעלויכטן דער איבערגעשימלטער דאַך, געלאַטעט מיט שטיק־לעך שטערנדיקן הימל. ער האָט געטאַפּט אין דער פֿינצטער די קראָקוועס — פֿײַכט, באַדעקט מיט אַ קאַלטן שימל. די פֿיס זײַנען געקראָכן אין איבערגעפֿוילטע שמאַטעס, אַלטע שקראַבעס, פּאַסטקעס פֿון מײַז. צלאל האָט אַריבערגעוואָרפֿן דאָס שטריקל איבער אַ קראָק־ווע, אונטערגעשטעלט עפּעס אונטער די פֿיס און נאָך דעם איז ער געבליבן הענגען.

דעמאָלט האָט אַ פּלאַץ געטאָן דער דאַך. עפּעס האָט אים געגעבן אַ זעץ אין פּאַטילניצע. האָט ער זיך אַ שלײַדער געטאָן אויף אונטן מיט דעם מוראדיקן געדאַנק אין קאָפּ, אַז צלאל דעם פֿעטער יודעס איז שוין ענדלעך, אין אַ מזלדיקער שעה, געשטאָרבן.

דאָס געזאַנג אין הויף האָט זיך איבערגעריסן. דאָס לאַנגווײַ־ליקע געזאַנג פֿון די לאַנגווײַליקע זעלמעניאַנער האָט זיך איבערגע־ריסן. איבערגעשראָקענע אַזש ביז צום חלשן, זײַנען זיי האַלב־נאַקע־טע געשפּרונגען דורך די פֿענצטער.

— אַ שׂריפֿה!

— וואָס איז געשען, ליבער גאָט?

— ס׳איז גאָר נישט געשען. עס איז אײַנגעפֿאַלן בלויז אַ שטיק דאַך פֿונעם פֿעטער יודעס שטוב.

אויבן האָבן אַ פּאָר קראָקוועס אַרויסגעסטאַרטשעט צום אויס־געשטערנטן הימל ווי קרומע ביינער און פֿון אונטער זיי האָט אַרויס־

געגלאָצט, ווי אַ גרוב, די אָפּגעדעקטע אומהיימלעכע פֿינצטערניש פֿון בוידעם.

די גראָבע ציינער האָבן זיך געשאָקלט אין מויל ניט פֿון קעלט, נאָר פֿון פּחד. איצט איז שוין קלאָר, אַז דעם רעבזעהויף וועט מען אַראָפּטראָגן פֿון דער וועלט.

— טו, אַז דער הויף צעפֿאַלט פֿאַרט שטיקערווייז!

— באַלעבאַטים, אַ שטיקל דאַך ניט געקענט צוזען!

— אַי, וועט מען עס צעטרייבן פֿון הויף, ווי די אמתע כּלבֿים!

און דעמאָלט האָט זיך פּלוצלינג צאַלקע באַוויזן איז בוידעמ־לאָך מיטן שטריקל אויפֿן האַלדז. ער האָט אַרויסגערוקט אַ לאַנגע פֿוס צום לייטער.

באַלד האָבן זיי, די פֿינצטערע זעלמעניאַנער, פֿאַרשטאַנען אין וואָס סע גייט. אין הויף איז שטיל געוואָרן, ווי אויף אַ בית־עולם. בלויז דעם פֿעטער פֿאַליעס ווייבל האָט נאָך דער ערשטער צערו־דערונג געסטייעט מוט און זי האָט אויסגעשריִען:

— געהערט, אַ מענטש זאָל זיך ניט קענען אַ מאָל אויפֿהענגען!

— וואָס האָסטו צו דעם טאַטנס שטוב?!

— פּגירה, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף אונדזער לעבן? איינע אַ יידענע האָט געוויינט.

צאַלקע האָט אָבער, דאַכט זיך, גאָר נישט געהערט, געגאַנגען, ניט־דאָ־געדאַכט, אַראָפּ לייטער, און געזונגען עפּעס אַן ווערטער, גע־מיינט, מסתמא, אַז דאָס גייט ער שוין אַרום אויף די לייטערס פֿון יענער וועלט. אונטן האָט ער מיט פֿאַרלאָפֿענע אויגן באַטראַכט די צערודערטע זעלמעניאַנער, אויפֿגעהויבן אַ האַנט צו זיי, ווי ער וואָלט געבעטן:

— זייט אַ מאָל שטיל!

ס׳איז, פֿאַרשטייט זיך, געוואָרן שטיל. האָט ער זיך אָנגענומען פֿאַרן שטריקל פֿון האַלדז און אַ רייד געטאָן צו די מענטשן זייער דיטלעך, ווי קיין מאָל ניט, אויף אַ ביסל אַ הייזעריקלעכן קול:

— די שפּיל — האָט ער געזאָגט — איז איצט פֿאַרענדיקט.

אונדזערע אַקטיאָרן, ווי איך האָב אײַך פֿריִער געזאָגט, זײַנען אַלע גײַסטער און זיי זײַנען צעשמאָלצן געוואָרן אין דער לופֿט, אין דער דינער לופֿט. און פּונקט ווי דער געבײַ אָן אַ פֿונדאַמענט פֿון דער דאָזיקער אילוזיע, אַזוי וועלן צעשמאָלצן ווערן די טורעמס מיט די וואָלקן־היטלען, די שטאָלצע פּאַלאַצן, די פֿײַערלעכע טעמפּלען און די גרויסע ערדקויל גופֿא. ענלעך צו דער פֿאַרשווונדענער, האַפּט־לאָזער פֿאָרשטעלונג וועט עס ניט איבערלאָזן הינטער זיך קיין שפּור. מיר זײַנען אַלע פֿון אַזאַ מין שטאָף, פֿון וועלכן עס ווערן געמאַכט חלומות און אונדזער קליין לעבן איז אַרומגערינגלט מיט שלאָף. „איעס וועקסט, ביר וויס מײַ וויקנעס. מיי אָלד בריין איז טראָ־באַלד. בינאַ די סטאָרבד וויס מײַ אינפּירמיטי"... אַ!

בײַ דעם פּעטער איטשען זײַנען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

— אָט וואָס עס קען ווערן פֿון אַ מענטשן!

*

צו וואָס איז אין יענעם אָונט געווען געגליכן דער רעבזועהויף?

דער רעבזועהויף איז אין יענעם אָונט געווען געגליכן צו אַן אַלטער סאַזשלקע, וואָס אירע וואַסערן האָבן איבערגעפּוילט. גרין איז צווישן דעם וואַסער און אַראָפּהענגענדיקע צווײַגן, וואַסערדיק־קראַנק איז די לופֿט, כאָטש אַ גאָלדענער קאַראַס טוט נאָך ווען אַ כליופּ מיטן קאָפּ אין בלאָטע, און דעמאָלט טוט זיך אַ קנייטש די גראָבע, גרינע הויט פֿון וואַסער.

אין דער פֿרי האָט מען סוף־כּל־סוף געפֿונען צלאל דעם פּעטער יודעס אַ טויטן. ער איז געהאַנגען אין שטוב אויף דער מערבֿדיקער וואַנט.

## דעם פּעטער פּאַליעס פּאַלן

מענדע דעם גאַרבערס צוויי שוואַרצע שטיבער בײַם ברעג טײַכל, ווי צוויי מיסטקאַסטנס, זײַנען אַרומגעוואַקסן מיט אַ הויף פֿון אַ האַלבן קילאָמעטער, מיט גרויסע קאָרפּוסן, מיט אַ ציגלנעם קוימען

אויף אַ הונדערט קלאַפּטער אין הימל, מיט אַ נעץ שמאָלע ליניעס, עלעקטרישע דראָטן, טעלעפאָנען, מיט אַ שטענדיקן אויטאָמאָביל בײַם אַרײַנגאַנג אין קאַנטאָר, מיט אַ זומער־גאָרטן, מיט קלובן, ביבליאָטעקן, לאַבאָראַטאָריעס, אינזשענירן, און מיט אַ הודאָק[39], האָט אַן איגן רויק גאַרבעריש קול.

פֿאַר טאָג, ווען די פֿאַבריקן צעשרײַען זיך איבער דער שטאָט, הערן די גאַרבערס אַרויס פֿון שלאָף די רויקע שטים פֿון אײגענעם הודאָק, וואָס טיילט זיך אויס פֿון אַלע מיט אַ נידעריקער ברייטער שטים, ווי אַ באַס פֿון אַן אָרקעסטער. דעמאָלט שפּריצט־אַרויס ליכט בײַ דעם פֿעטער פֿאָליען אין פֿענצטער; באַלד צינדט זיך אָן די עלעקטריע בײַ בערען.

פֿאַר טאָג, אין דער גרויער שײַן פֿון באַגינען, זינגען ניט קיין שטערן; איבערן רעבזעהויף גייט אַן איבעררוף פֿון סירענעס.

*

דער לעדער־זאַוואָד האָט זיך אַרויפֿגעבויט אויף סוויסלאָטש, ווי אַ נײַע שטאָט. דאָס מוטנע טײַכל האָט איצט אַרויסגערונען פֿון אונטער אים. און אויסגעקומען איז, אַז דער זאַוואָד האָט עס אַרויס־געלאָזן דעם סוויסלאָטש איבער די שאָרע, ווײַסרוסישע פֿעלדער.

געוועזן אַלטע גאַרבערס, דער הויפּט צווישן די סמאַרגאָנער פּי־לאָסאָפֿן, וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן געוווסט, אַז באַר זייערע גלידער זײַנען באַשטימט אויף צו דובען[40] פֿעל: די הענט, די באָרוועסע פֿיס, דער קאָפּ, די פּלייצעס און אַפֿילו די צונג — די אַלטע גאַרבערס זײַנען איצט אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט וואַלק־מאַשינעס, שפּאַלט־מאַשינעס, רעק־מאַשינעס. האָבן זיך די מענטשן דערפֿילט אַ ביסל אָפּגענאַרט, אַרומגעבלאָנקעט און געגענעצט איבער די צעכן[41], ווי עמעצער וואָס האָט עפּעס אין מאָגן. צו די מאַשינעס האָבן זיי, די

[39] סירענע, פֿאַבריק־פֿײַפֿער. — [40] אויסצואַרבעטן. — [41] געירשנטע סיס־טעם פֿון מיטל־עלטער צו גרופּירן און שיצן די רעכטן פֿון האַנטווערקערס, ווי פּריווילעגיעס פֿאַר „דינאַסטיעס", ממש אַ מאָנאָפּאָל אויף פּראָדוצירן.

אַלטע גאַרבערס, גערוקט די „כוטשקעס״ [42], אַליין איז מען גע־קראָכן אין זאַלניע [43] ווו מען קאָן נאָך שטיין מיט דער קאָסע איבער דער פֿעל.

כעמע דער גאַרבער, דער זעכציק־יאָריקער קלוגער כעמע, איז געוואָרן אַ בראַקירער [44] אין דער פֿאַלצער־אָפּטיילונג [45], בײַ די גרויע פֿענצטער שטייען די מאַשינעס. כעמע האָט שטענדיק געזען פֿאַר זיך אינעם מאַטעווון ליכט פֿון צעך נאָר די הוילע געקנאָטענע פֿליי־צעס פֿון די פֿאַלצערס, וואָס האָבן שווינגנדיק געצויגן די גרינע פֿעלן. ער איז געשטאַנען מיט די שפּאַקולן אויף דער נאָז, אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אין די הענט, איבער דעם הויכן טישל מיט אָנ־געוואַליעטע פֿעל און געוואַרט אויף אָפּנעמען די פּאַרטיעס. אַזוי וואַרט מען אין בית־מדרש נאָך דער לאַנגער שמונה־עשׂרה אויף דעם רבֿ. עס איז אים, נעבעך, געווען זאַלקע [46] אויפֿן האַרצן.

אין דער זאַלניע איז נאַס — דאָרטן פֿאַלט אַ טונקל־גרינע שײַן פֿון די אייבערשטע שײַבלעך; די לופֿט — פֿײַכט און גרינלעך, און די מענטשן זעען דאָרט אויס ווי אויפֿן גרונט פֿון אַ טיפֿן טײַך.

דעם פֿעטער פֿאַליעס פּנים — געביינִיקט און געקניפּלט, איז גרין ווי קאַקטוס. ער שטייט מיט דער קאָסע איבערן קלאָץ. כמעט ניט קיין מעכאַניזירטער, דער זעלביקער פֿאַליע וואָס אַמאָל: אַ וויש מיט דער גומענער הענטשקע איבער דער פֿעל, אַ פּאָר שאַרן מיט דער קאָסע און באַלד ציט ער אַרויף אַ צווייטע פֿעל אויפֿן קלאָץ. דער גערוך אין דער זאַלניע שווימט ווי אַ וואָלקן, שווער און גע־דיכט. אָן דעם דאָזיקן גערוך קען אָבער דער פֿעטער ניט אַרבעטן.

אַמאָל איז געקומען אַ מיידל פֿון אַ קאָמיסיע. ווי נאָר זי איז אַרײַן אין זאַלניע, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן בײַ דעם האַלדז:

— וואָס שמעקט דאָ אַזוינס?

---

[42] הענגערס (?) פֿאַר די פעלן. — [43] געזאַלצן וואַסער. — [45] קלאַסיפֿיצי־רער, דער וואָס נעמט־אַרויס שלעכטע פעלן (בראַק). — [46] דער וואָס מאַכט דין די פעל. — ביטער.

דער פּעטער פֿאָליע האָט זיך אַרומגעקוקט, אַ שמאָר געטאָן מיט דער נאָז און געענטפֿערט:

— איך הער גאָר נישט.

דערנאָך האָט ער אַ ווונק געטאָן צו טראַכים פֿון נאָווינקי, זײַן אייביקן פֿרײַנד. אַ שמייכל האָט זיך אויסגעקנייטשט אויף זייערע פּנימער אין טויזנטער קליינע קנייטשעלעך, פֿאַרשמירט די פּיצלעך אויגן; אַ גליקלעכער שמייכל אויף אָט דעם מידל, וואָס קומט דאָ שמעקן אין דער זאָלניע.

דער פּעטער פֿאָליע איז געווען אַ כיטרער יונג.

*

אַ לבֿנה־נאַכט. די מאַטע שײַן רינט־אַראָפּ פֿון צווישן די ווער־בעס אויפֿן סוויסלאָטש. דאָס פֿאַרשלאָפֿענע וואַסער צווישן די קור־צע, קנאָכיקעביימער זויגט־אַרײַן אין זיך די קילע לבֿנה־שײַן און עטעמט־אַרויס צו די ברעגן אַ זיסע וואַרעמקייט. אָט אַזוי, הייסט עס, לעבט אויך דער סוויסלאָטש לויט די נאַטור־געזעצן.

ניט ווײַט פֿון לעדער־זאַוואָד גיט אַ פּליעסק דאָס וואַסער. אַ ביינערדיקע געשטאַלט מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס גייט־אַרויס פֿונעם סוויסלאָטש. ניט קיין וואַסער־מידל אין אַרויס אויפֿן שטילן, אויסגעלבֿנהווענטן ברעג, ניט קיין וואַסער־מידל מיט צעפּלאָכטענע צעפּ צו כישופֿן די פֿאַרבײַגייענדיקע גאַרבערס — דאָס איז פּעטער פֿאָליע אַריבער דעם סוויסלאָטש מיט אַ געגנבֿעטער פֿעל אויפֿן פּליי־צע. סע סטאַרטשעט־אָפּ דער האַרטער וואָנץ פֿונעם אָפּגעווײַסטן פּנים.

צווישן גראָז ציט זיך אַוועק אַ שמאָל שטעגנגעלע, ציט זיך און פֿאַרדרייט זיך ווי אַ לאַנג שטריקעלע, ווײַט איבער דעם געמויזעכץ, און נאָך דעם גייט עס באַרג־אַרויף צו די איינציקע קליינע שטיב־לעך.

פֿאָליע גייט מיטן זאַק אויף דער פּלייצע.

דעמאָלט גיט ווידער אַ פּליעסק דאָס וואַסער. סע גייט־אַרויס

אַ צווייטע ביינערדיקע געשטאַלט פֿון סוויסלאָטש — דאָס איז בערע דעם פֿעטער איטשעס.

אומזיסט האָט מען, אַזוי אַרום, פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען האָט בערען אַראָפּגענומען פֿון דער מיליציע, ווײַל ער האָט קלוי־מערשט דורכגעלאָזן אַ גנבֿ. בערען זײַנען שוין לאַנג ניט געפֿעלן די גענג פֿונעם כיטרען פֿעטער.

— פֿון וואַנען נעמט עס אַ ייִד צו פּיאַנעווען [47]?

די לבֿנה באַשפּריצט די פֿײַכטע קוסטעס, וואָס בײַם ברעג טײַכל. ס'איז קיל די לופֿט. אַנטשוויגן אויף דורכזיכטיקע וויאָרסטן ביזן האָריזאָנט. שאָטנס. לופֿט. ריחות. פֿאָליע שטעלט זיך אָפּ, באַ־טראַכט דעם שאָטנדיקן מענטשן הינטער אים און פֿאַרקערעוועט באַלד צו די פֿעלדער.

דער שאָטנדיקער מענטש — נאָך אים!

דעמאָלט נעמט פֿאָליע שפּרײַזן צו דער באַגליניע, דריקט פֿעס־טער דעם זאַק צו דער פּליצע. נאָך דעם שפּרינגט ער אַריבער די בריק און לאָזט זיך צום וואַלד.

דער שאָטנדיקער מענטש — נאָך אים!

אויב אַזוי איז דעם פֿעטער פֿאָליען ביטער געוואָרן אויפֿן האַרצן. ער האָט צוריק מיט די פֿעלדער אַוועקגעשפּרײַזט אַרום־און־אַרום צו דער שטאָט, געשפּאַנט אַ באַגאָסענער מיט שוויס און געזען אויפֿן שטערנדיקן מהלך הינטער זיך דעם מענטשן, וואָס איז גע־גאַנגען רויִק, פֿוסטריט, אין איין ריכטונג מיט אים, פּונקט אַלע — פֿאָליע, די לבֿנה, דאָס זעקל און דער מענטש זײַנען פֿון איין שטיק.

די פֿעלדער — באַגאָסן מיט כרופּקן, זילבערלעך ליכט. די איינ־ציקע ביימעלעך, ווי אָנגעצייכנט אין דער לופֿטן. ניט קיין ריר, ניט קיין שאָרך.

דער מענטש גייט פֿון הינטן.

---

[47] שיכורן.

דעמאָלט האָט דער פּעטער פּאַליע באַשלאָסן אַז ער האָט אַלע־מען אין דער ערד. אַ האַלבע נאַכט האָט ער אַרומגעבלאָנקעט מיט דעם זעקל איבער די פּעלדער, נאָך דעם אַרומגעקראָכן אין די זײַטיקע געסלעך פֿון שטאָט, ביז ער האָט זיך קוים מיטן לעבן אַרײַנגעכאַפּט אין רעבזעהויף.

דער רעבזעהויף האָט מיט די קלײנע פֿענצטערלעך אַרויסגעפֿינקלט פֿון אונטער די רושטאָוואַניעס. דער רעבזעהויף איז געלעגן ווי אַ צעגומענער זײגער. אויפֿן פּעטער יודעס שטוב האָט געפֿעלט דער דאַך. טיף אין הויף, געבן מויער — אַ פֿײַערל און צונויפֿגעקוטשעבורעט [48] געבן אים אַ מענטש — דער וועכטער פֿון דער בוידעם. אָנגעבויגן צו די ווענט שטײען דראַטענע געצן, אַהינטער די — פֿרישע בערגלעך דורכגעזיפּטע זאַמד. צווישן דעם אָנגעוואַלגערטן געהילץ שטײען, אײַנגעגראָבענע אין דער ערד, די וואָפּנע־קאַסטנס, אָנגעגאָסענע איצטער מיט לבֿנה־שײַן.

דער רעבזעהויף — אַרומגעקלאַפּט מיט ברעטער, פֿאַרוואַלגערט מיט ציגל, לײטערס, אײַזערנע טרויבן, האָט מיט די איבערגעפֿוילטע דעכלעך, מיט די פֿאַרקלעפּטע פֿענצטערלעך אַרויסגעקוקט אונטער דער לבֿנה, ווי אַן אַרויסגעגראָבענער בית־עולם.

דער פּעטער פּאַליע איז אַריבערגעשפּרונגען די וואָפּנע־קאַסטנס און פֿאַרשוווּנדן מיט דעם זעקל אויף דער פּלײצע אין דעם פֿינצטערן לאָך פֿון מויער.

דאָס פֿײַערל אין הויף האָט זיך געבלעטערט, געכאַפּט אין די טרוקענע שײַטלעך האָלץ און ס'האָט זיך געהערט ווי דער רויך גײט־אַרויף צום הימל. עס האָט זיך געהערט, ווי די גרילן כאַפּן־אַרײַן די לעצטע לידער אין די צעקרוכניעטע ווענט פֿונעם רעבזעהויף. עס האָט זיך געהערט, ווי די לבֿנה רירט־אָן די שײַבלעך אין די קרומע, אײַנגעבויגענע פֿענצטער.

נאָך דעם האָט דער וועכטער, זיצנדיק בײַם פֿאַרפֿלענדיקן פֿײַ־

---

[48] אָנגערוקט, אָנגעשפּאַרט.

ערל, געזעען ווי די זעלמעניאַנער האָבן זיך פֿון די שטיבער אַ לאָז געטאָן צום מויער. די ווײַבער האָבן געבראָכן די הענט. עס איז קיין מאָל ניט געווען אַזוי שטיל אינעם רעבזעהויף. הויל און וויסט. די לבֿנה האָט אַרומגעוועבט מיט אַ שפּינוועבס דעם הויף צווישן די שטיבלעך און שטילער נאָך אַרײַנגערונען אין די טונקעלע פֿיר־הײַזלעך.

פּלוצלינג האָט אַ קלונג געטאָן אַ שויב, אויבן אין מויער, ס׳האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ביטערער געהײַל[49]. באַלד איז ווידער שטיל געוואָרן. דער וועכטער האָט זיך אויפֿגעהויבן: קענטיק, אַז די זעל־מעניאַנער דאָרטן, אויבן אין מויער, מאָרדעווען זיך איצטער ביז טויט.

בײַ דעם פֿעטער פֿאָליען אין שטוב איז געווען ענג. די מענ־טשן, צונויפֿגעפּרעסטע, האָבן זיך געשטויסן מיט די שטערנס, גע־שאָקלט מיט די קעפּ אויף דער קלאָג מיט פֿאָליען, וואָס זײַן יידענע האָט אים דערפֿירט אַפֿילו צו גנבֿה. אין מיטן שטוב, איבערגעבויגן איבער דעם זאַק, האָט געסטאַרטשעט פֿאַרגליווערט דעם פֿעטער פֿאָליעס ברייטע, שטומע פּלייצע. די האַרטע, ביינערדיקע פּלייצע האָט אַרויסגעשטאַרצעט מיט טעמפּער זעלמעניאַנישער עקשנות. בע־רע האָט אים גאַנץ קאַלטלעך אָנגענומען פֿאַר די זײַטן און אָפּגע־שטופּט.

דעמאָלט האָט פֿעטער פֿאָליע אויפֿגעהויבן אַ האַנט און אַראָפּ־געלאָזן אַ פּראַסק. דאָס איבעריקע איז שוין געוואָרן אומקלאָר, פֿינצ־טער, ווי אַ פֿלעם אין די אויגן.

אַרום־און־אַרום האָט אַ שלײַדער געטאָן מיט הענט, ענג — ביז ניט צו עטעמען, און געקנאַקט האָט פֿון אונטן, פֿון אויבן מיט אַזוי־נע מוראַדיקע בענצן[50], ווי מע זעצט אַ דובינע[51] אין דער ערד. דאָס איבעריקע איז געוואָרן אומקלאָר, האַרט ווי אַ קני אויפֿן האַרצן. דער פֿעטער פֿאָליע איז מסתּמא געלעגן סאַמע אונטן; די קלעפּ

---

[49] וואָיען. — [50] קלעפּ. — [51] פלאָקן.

איבער די אָנגעוואַלגערטע מענטשן זײַנען דערגאַנגען, ווי אַ ווײַטער אָפּהילך, האָבן שוין צו אים קיין שײַכות ניט געהאַט. בלויז עפּעס אַ האַנט האָט זיך אין אים אײַנגעשפּאַרט, אַרומגענומען מיט די אויס־געשפּרייטע פינגער דאָס גאַנצע פּנים און פון דער באַז געמאַכט דערוויסט וואָס. וועגן דער באַז רעדט זיך שוין ניט; ס'האָט געהאַלטן, אַז די נשמה זאָל ניט האָבן פון וואַנען אַרויסצוקריכן.

דעם פּעטער האָט מען נאָך דעם אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער וואַ־סער. ער איז געלעגן, ווי אַ געפאַלן פערד, צעשלײַדערט די לאַנגע הענט און פיס און געסאָפּעט מיטן בויך.

און בײַ דער טיר איז געשטאַנען זי, פּאַליעס ווײַבל, די הענט פאַרלייגט אויפן בויך, די אויגן — טרוקן, און געקלאָגט אויף אַ פרעמדן קול, אַ קול וואָס גייט פון אַ כלי און ניט פון אַ מענטשן:

— פאַר וואָס האָט ער דאָס אים געשלאָגן? פאַר וואָס — אַן אייגענעם פּעטער? און צי אַזוי שלאָגט מען אַ מענטשן?

נאָך דעם האָט פּאַליע געפּרוווט אײַנריידן די זעלמעניאַנער, אַז עמעצער האָט אים געגעבן אַ פעל אַ ביסל אויף צו האַלטן און איז אַנטלאָפן, און בלויז צוליב זײַן ערלעכקייט קומט אים איצטער אויס צו לײַדן. מע האָט אים ניט געגלייבט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך פּאַליע פלוצלינג דערמאָנט, אַז די פעל האָט ער אַליין אָפּגעע־שונדן פון אַ פערד, וואָס ער האָט אים נאָך דעם באַגראָבן, נאָר ער געדענקט ניט וווּ.

דער פּעטער איטשע איז צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבות אַרומ־געגאַנגען איבערן הויף און געהייסן, מע זאָל פּאַליען אומבאַדינגט גלייבן; ער האָט אַפילו צוגעגעבן, אַז בערען, דעם אייגענעם זון, וועט ער ניט אַרויפלאָזן אויף דער שוועל.

די זאַך איז שוין אָבער דערגאַנגען צו ווײַט און סוף־כּל־סוף האָט פּאַליע אויפגעהערט צו זוכן סיבות פאַר דער אומפאַרשטענד־לעכער געשעעניש. ער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, וואָס האָט געדאַרפט באַטײַטן, אַז ער וווּנדערט זיך אַליין און אַז אויף אַ נאַטירלעכן אופן קען ער די זאַך ניט דערקלערן.

## דאָס גרויסע געריכט

בעתן געריכט אין קלוב איבער פֿאַליעס גנבֿה איז ער, דער נידערגעשלאָגענער פֿאַליע, געזעסן אויף דער בינע — די לאַנגע הענט אויף די קני, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן. די זיבן הונדערט אַרבעטערס פֿון זאַוואָד זײַנען בײַגעווען אויפֿן געריכט. דער רעבזעהויף, דער באַוואַקסענער רעבזעהויף מיט די צעריסענע עלנבויגנס, איז געזעסן אויף די פֿאָדערשטע בענק, געשטיקט דעם וויסטן בזיון אין די בערד פֿון מאָדנעם געפֿיל, אַז דאָ משפּט מען ניט פֿאַליען, נאָר דעם הויף. פֿאַליעס ווײַבל האָט אים אין אַ קאָשיק געבראַכט דאָס וואַרעמס און, שטייענדיק בײַ דער בינע, אַלע ווײַלע אָטכײַעט[52] מיט עפּעס דעם פֿאַרשמאַכטן פֿאַליען.

בײַם טיש זײַנען געזעסן די ריכטערס — דרײַ אַלטע אַרבע־טערס פֿון זאַוואָד. און צווישן די קנוילן רויך איבערן רויט־געדעקטן טיש האָט אָבער אויך אַרויסגעקוקט נאָך אַ קאָפּ, אַן אַרומגעראַזיר־טער, האַרטער קאָפּ. נאָך דעם האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז ער — פֿאַרשניעוו, אַ לעגענדאַרע געשטאַלט פֿונעם רעבזעהויף. ער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אויף בײדע הענט איבערן טיש און גע־צויגן פֿון אַ פּאַפּיראָס.

די זעלמעניאַנער זײַנען געזעסן האַלב אין שטוינונג, האַלב אין שרעק. עס האָט זיך בשום אופֿן ניט געגלייבט. דער רעבזעהויף האָט איצט באַשײַמפּערלעך געזען, ווי זײַנער נאָך אַ ווינטערדיקער חלום פֿון די טוכלע שטיבלעך ווערט פּשוטע וואָר; דעם פֿאַרשניעוון קען מען איצט נעמען און אָנקוקן מיט די אויגן. דעמאָלט האָט פֿע־טער איטשע אַראָפּגעלאָזן אַ פֿאַרוווּנדערטע האַנט אונטערן באַנק און שטילערהייט אַ קניפּ געטאָן דער מומע מלכּהלען אין קני:

— קוק און פֿאַרשטיי, וואָס דו זעסט!..

די מומע מלכּהלע האָט געקוקט: אָט דאָס איז ער — בערעס

---

[52] אָפּגעפּרישט, געשטאַרקט.

מזל. אַט דאָס איז פּאַרשניעוו, וואָס זײַן נאָמען האָט זיך ווינטער, אין דער מעטעליצע, אַרײַנגעריסן פּלוצלינג אינעם רעבזעהויף, די שרעק פֿון ברוקירער, פּאַרשניעוו, וואָס האָט בערען אַריבערגע־וואָרפֿן פֿון דער מיליציע אויפֿן זאַוואָד. אַט דאָס איז ער, וואָס טרייסלט די אַלטע ווענט פֿונעם רעבזעהויף.

— דאַכט זיך, אַ מענטש ווי אַלע מענטשן?!

— ביסט אַ בהמה!

עס זײַנען אַרויסגעטראָטן די אַלטע אַרבעטערס פֿון זאַוואָד. עס האָט גערעדט ווינצענט, דער גרײַזגרויער מײַסטער פֿון כראָמצעך [53]. ער האָט דערוויזן, אַז פּאַליע איז אַן אָפּגעשטאַנענער עלעמענט. עס האָט גערעדט ווישניעווסקי דער פּאָלצער און דערוויזן, אַז שול־דיק איז דער רעבזעהויף, די קליינבירגערלעכע סבֿיבֿה, וואָס טאָ־טשעט פּאַליען ווי אַ וואָרעם. עס האָט גערעדט דער אַלטער כעמע, כעמע דער בייגער, וואָס טוט־אָן די שפּאַקולן בײַם ריידן, אַנדערש הערט ער ניט די ווערטער און די קלוגע משלים, וואָס ער ברענגט. ער האָט געזאָגט, אַז שולדיק איז נאָר פּאַליע. זײַנע שיינע משלים, דער הויפּט וועגן אַ שנור און אַ שוויגער, האָבן באַזונדערס אויסגענו־מען בײַ די סמאַרגאָנער גאַרבערס, ווײַל עס איז שוין פֿעסטגע־שטעלט, אַז אין סמאַרגאָן רעדט מען מיט משלים. טראָכים האָט גע־רעדט. ער האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער פֿון אָרט, געקנייטשט דאָס היטל אין האַנט און סוף־כּל־סוף פֿאַרענדיקט, אַז ווי דאָס געריכט וועט אורטיילן — איז גוט. קלאָר, אַז ער האָט זיך אַרויסגעמאַכט. וואָס זאָל מען טאָן, אַז ער האָט פֿאָרט ליב געהאַט פּאַליען ווי דאָס לעבן? עס האָט גערעדט דער נידעריקער שימטשיק, דער וואָס שפּילט אין אָרקעסטער. אויך ער האָט גענומען אַ וואָרט קעגן פּאַליען, כאָטש פֿונעם בלאָזן אין דער טרובע באַמבלט זיך בײַ אים דער צונג צווישן די ציינער. עס האָט גערעדט קוניע דער שמיד פֿון מאַנטאַזשצעך, קוניע וואָס בײַם ריידן מוז ער צוקלאַפּן מיטן פּוס,

---

[53] לעדערפֿאַך.

ווי ער וואָלט געשטאַנען ביים בלאָזזאַק. עס האָט גערעדט מיטשו־ליכע דער באַמשטשיק, דער וואָס האָט פינף און צוואַנציק יאָר זיך געווייקט ווי אַ פעל אין מענטע דעם גאַרבערס צאָפּעס [49]. איצטער רעדט ער שוין מיט הוילע דזשאָסנעס [50]. מיטשוליכע האָט געבעטן, אַז דאָס מאָל זאָל מען פאַליען מוחל זיין.

און דעמאָלט איז עס געשען.

דעמאָלט האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אונטערגע־גראָבן די זעלמעניאַנער אין וואָרצל. אַראָפּגעלאָזן די קאַלטע בע־זער, האָבן זיי נאָך דעם געקוקט אויפן געפּאַקטן קלוב דורך גראָבע טרערן אין די אויגן און גאָרנישט ניט געזען.

— וויסטע חרפה!

די מויד, טאַנקע דעם פעטער זישעס, האָט אויבן אויף דער בינע אַרויסגעגעבן פאַר די ריכטערס זייער געלאַסן, נאָר מיט אַ מאָדנעם גיפט די אַלע קליינע סודעלעך פונעם רעבזעהויף. עס האָט זיך ניט געגלייבט, אַז אייגן בלוט זאָל טראָגן אַזוי פיל שנאה צום הויף. גערעדט האָט זי רוס און מסתמא נאָר צוליב דעם איז ניט געווען אַלץ פאַרשטענדלעך, כאָטש עס האָט גוט ווי געטאָן אויך יעדער אומפאַרשטאַנען וואָרט:

— די זעלמעניאַנער — האָט זי געזאָגט — האָבן געוואָלט פאַרשטיקן פאַליעס גנבה. עס האָט זיי ניט געפּאַסט, מער ניט, ווייל ס׳האָט זיי ניט געפּאַסט. וואָרעם וואָס איז דער רעבזעהויף אין גרונט? דער רעבזעהויף, אויב ער גנבעט ניט, קען ער אָבער אַלע שעה גנבענען. אמת, נאָר צו קליינע ברעקלעך פון אומעטום, אַזוי גנבעט אַ זעלמעניאַנער. דער ברוקירער האָט זיך פון דעסט וועגן אָנגע־שלעפּט אַ פולן קופּערט. אַ פינצטערע גרוב איז דער רעבזעהויף — האָט זי געזאָגט — פאַראַן אַ זעלמעניאַנערטע, וואָס פאַרמאָגט נאָר איין זילבערן לעפל און זי וואַקלט זיך שוין צו גיין מיטן פּראָלע־טאַריאַט. עס לוינט איר ניט. די זעלמעניאַנער קלייבן פון דורות אַ

---

[49] באַליעס, וואַשצעבערס. — [50] אַסלעס.

שטריקעלע צו אַ שטריקעלע און אויף דעם בויען זיי די וועלט. פֿאַראַן אין הויף אַ ביסעלע גאווה און אַ ביסעלע ליגן, און אַ ביסעלע גנבֿה, און אַ ביסעלע חניפֿה, ווײַל לכתחילה איז אַ זעלמעניאַנער צונויפֿגעשטעלט פֿון קליינע ביסעלעך. ער האָט ניט קיין בענק און קיין מאַיאָנטקעס. האָט ער אָבער אַכצן פּאָמוניצקעלעך, צוועלף קופּערנע קענדלעך, אַ רינגאַל און אַ מופּטע, און נאָך און נאָך. שטענדיק פֿאַרטאָן, ווי אַ מילב, בלײַבט נאָך דעם פֿון אַ זעלמעניאַנערס לעבן בלויז אַ קליין לעכעלע, אָבער פֿול איז דאָס דאָזיקע לעכעלע מיט פֿינצטערניש און טעמפּקייט. דער פֿעטער פֿאָליע האָט דאָך געוואָלט זײַן אַ הייבמאַשין! די פֿינצטערניש איז אַזוי גרויס, אַז אונדזער וואָר ווערט דאָרטן פֿאַרוואַנדלט אין אַ חלום. און פֿאַרקערט: קלאַנגען, באָבע־מעשׂיות באַקומען בלוט און פֿליש און עקסיסטירן אין רעבזועהויף ווי לעבעדיקע באַשעפֿענישן. אַזוי האָט פּאַסירט מיט איינער אַ מאַשיניסטקע אין וולאַדיוואָסטאָק, וואָס לעבט נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג אינעם רעבזועהויף אין דער געשטאַלט פֿון אַ גראַפֿיניע. דער רעבזועהויף לעבט פֿון שטיקלעך אָפּפֿאַל, רעשטלעך פֿון איבערגלויבן, רעליגיע, פֿאַרקריפּלטע נאַיִווע ידיעות פֿון פֿאַרשיידענע וויסנשאַפֿטן. צוזאַמען מיט אונדזערע זעלמעניאַנער באַווײַזן זיך פּלוצלינג אין די זעלמעניאַנישע שטיבער לאָמעד־וואָווניקלעך, ייִדעלעך מיט פֿידעלעך, וואָס טאַנצן אויפֿן דראָט, לייקענען־אָפּ די לופֿט בלויז מיטן אייגענעם שאַרפֿן שׂכל. מע פֿירט־אײַן עלעקטריע, דערבײַ בליט ערגעץ אין אַ ווינקל פֿון אַ טוכלען שטיבל דאָס כּישופֿדיקע גראָז ליובעזניק. עס טרעפֿט, אַז מענטשן גייען דאָ אַרום ווי אין אַ הינערפּלעט, פּלוידערן ווי פֿון שלאָף, און די אויערן הערן ניט וואָס דאָס מויל רעדט. אָט דאָס איז דער רעבזועהויף. עס זײַנען אָבער דאָ אַזעלכע, וואָס מאַכן פֿונעם הויף אַ וועלט־אָנשויונג, אַ וויסנשאַפֿט, אַן אידעאַל. אָ, די זעלמעניאַנער־דענקער וואָס האָבן אַפֿילו געפּרוווט פֿעסטשטעלן אַן אייגענע קולטור אינעם רעבזועהויף, די קולטור פֿון קליינע ביסעלעך. צאַלע, אַ וויסנשאַפֿטלער, אַ געבירטיקער פֿונעם זעלביקן הויף, האָט אַזוי לאַנג געפֿאָרשט די אייגנ־

טימלעכקייט פֿון די זעלמעניאַנער ביז ער האָט זיך ניט אויפֿגע־האַנגען פֿון גײַסטיקער אָרעמקייט...

אָט דאָס האָט זי געזאָגט.

דער פֿעטער איטשע האָט אַ וויש געטאָן די נאַסע אויגן פֿון חרפּה. ס׳איז געווען ווי מע וואָלט דאָ אויסגעטאָן די זעלמעניאַנער און אַרויסגעשטעלט זיי הוילנאַקעט אויף דער גאַס. ער האָט זיך, נעבעך, געשעמט פֿאַר דער אייגענער באָז.

אין קלוב איז געשטאַנען אַ טומל. די אַרבעטערס האָבן, דעם אמת זאָגנדיק, אויך אַ ביסל געצווייפֿלט, קוים געוואָלט גלייבן, אַז ס׳זאָל דאָ ניט ווײַט פֿון זאַוואָד עקסיסטירן אַ הויף, ווו די מענטשן לעבן אין אים, ווי אין אַ פֿאַרכישופֿטן שלאָס. דער הויפּט האָט זיך געקאָכט טראָכים פֿון באָווינקי, פֿאַליעס איבּיקער חבֿר. ער, אַ שטענ־דיקער אײַנגייער אינעם רעבזעהויף, האָט פֿאַרזיכערט, אַז אין הויף איז גאָרנישט ניטאָ. פּראָסטע ייִדלעך, האָרעפּאַשניקעס, און טאָג־קען האָט ער פּראָסט פּשוט באַשולדיקט אין אַנטיסעמיטיזם. ער האָט פֿון זאָל אַ הייב געטאָן דאָס היטל צו פֿאַליען ווי אַ צייכן אַז דער פֿעטער מעג דאָרט זיצן פֿולשטענדיק רויִק.

די ריכטערס האָבן אויסגעפֿרעגט פֿאַליען.

איצט האָט שוין די שטומורע [51] ניט גערעדט צו דער זאַך, גע־פּלוידערט, אַז בלויז צוליב אַן אָפּגעשוונדענעם פֿערד איז ער געוואָרן אַ גאַרבער און ניט קיין זייגער־מאַכער, און צוליב אַן אָפּגעשוונדענעם פֿערד וועט ער בכלל גיין פֿון דער וועלט. ער האָט געוואָלט אײַנ־ריידן זיך און די ריכטערס, אַז אַן אָפּגעשונדן פֿערד איז דאָס מזל פֿון זײַן לעבן. דאָס איז אים ניט געלונגען. וועגן טאָנקען האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז בײַ אים איז אַ גראָבער קאָפּ און ער פֿאַר־שטייט ניט, וואָס זי רעדט. ער מיינט, אַז זי לאָזט אַ רויך אין די אויגן.

— אָבער גנבֿענען וועסטו נאָך?

---

[51] דער וואָס איז קלאָמפּערשט געווען שטום.

פּאָליע האָט זיך אויפגעהויבן און דערקלערט, אַז ער וועט זיך איבערקלייַבן אין דער נייַער דירה, וועט ער ניט גנבֿענען.

— ווילסטו דערמיט זאָגן, אַז שולדיק איז די קליינבירגערלעכע אַרומרינגלונג? — האָט געפרעגט דער ריכטער וואַסיליעוו, אַ מאַשיניסט פון זשעלאַטין־צעך.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן ווי בעסער איז און געענטפערט פּראָסט:

— איכ׳ל מער ניט גנבֿענען.

דאָס געריכט איז אַוועק באַראָטן זיך. אין קלוב — טונקל פון רויך און שוויס. דעמאָלט איז פּאַרשניעוו אַראָפּ פון דער בינע אין זאַל. די אַרבעטערס האָבן געוואָלט הערן זייַן מיינונג וועגן געריכט, נאָר ער איז אַוועק פּשוט און זיך צוגעזעצט צו די זעלמעניאַנער. ער האָט דערלאַנגט אַ האַנט דעם פּעטער איטשען. עס האָט אַ גאָס געטאָן אַ גרויסער שטראָם געפילן אין די זעלמעניאַנישע האַרטע, געבייניקטע פּנימער, אומגעריכטע געפילן צו בערען און זייַנע חבֿרים.

פּאַרשניעוו האָט געשמייכלט. עס לאָזט זיך אויס, אַז ער קען די זעלמעניאַנער. ער האָט זיך אָנגעפרעגט, וויפל אַ שטייגער פאַרדינט דער פּעטער איטשע? וואָס איז געוואָרן מיטן פּעטער יודען? אַז צאַלקע האָט זיך אויפגעהאַנגען, האָט ער שוין אויך געוווּסט. עס לאָזט זיך אויס, אַז בערען האָט ער דווקא ליב. סוף־כל־סוף איז דער פּאַרשניעוו אַ פּראָסטער מענטש מיט אַ פּראָסטן קוק אויף זאַכן און ס׳איז בפירוש ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך.

די קלוגע מומע, די מומע מלכהלע, האָט דעריבער אויסגענוצט די געלעגנהייט און דערקלערט אים אַלץ, ווי דער אמת איז.

— וועגן די זעלמעניאַנער — האָט זי געזאָגט — איז נאָך ניט אַזוי ווי מע מאַכט. מען איז טאָקע אייַנפאַכע מענטשן, ניט פון גרויסן שניט, אָבער ערלעך איז מען פון אַלע מאָל און אַ וואָרט איז אַ וואָרט. און דאָס מעג מען זייַן זיכער, אַז אויך פּאָליע, כאָטש ער איז אַ מענטש מיט אַ גראָבלעכן כאַראַקטער, ווייַל ער האָט ניט

געוואָלט לערנען, אויך ער וועט מער ניט אָנרירן פֿון זאַוואָד וואָס אַ האָר איז ווערט, ווארעם ער שטאַמט פֿון גאָר שיינע עלטערן. וועגן טאָנקען — האָט זי געזאָגט — ווייס מען ניט וואָס זי וויל. אמת, דאָס מיידל האָט אַ שלעכט לעבן, עפּעס האָט זי זיך נישט געקענט צונויפֿקומען מיטן מאַן. מען האָט, אַ פּנים, ניט געשטימט, איז איר, פֿאַרשטייט זיך, ניט גוט אויפֿן האַרצן און זי רעדט וואָס מען דאַרף ניט. אָבער אויך זי האָט אַ גאַנץ אײדעלן כאַראַקטער און מע זאָל איר איבערלאָזן געלד, וועט זי ניט טשעפּען.

פֿאָרשניעוו האָט זיך געלאָזט ריידן. האָט די מומע מלכּהלע באַ־קומען מוט און גענומען דערווייזן, אַז לויט איר שׂכל דאַרף מען דעם רעבזועהויף בכלל ניט אַראָפּנעמען, ווארעם נאָך אַלעמען איז אַ שאָד דאָס געלט אויך. זי האָט געקוקט אויף אים, געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן. פֿאָרשניעוו האָט געלאַכט. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן דער אַלטער מומען איבער דער פּלייצע און צוגעגעבן:

— באַדאָ, באַדאָ![52]

דעמאָלט האָט די מומע מלכּהלע שוין אויך געלאַכט פֿון אײדל־קייט וועגן.

*

שפּעט בײַ נאַכט איז דער רעבזועהויף געגאַנגען פֿון געריכט. אַ קילע, אויסגעשטערנטע נאַכט. פֿאָרויס, איגעם לײַכטן רעקל, האָט זיך געררוקט דער הויכער פֿעטער איטשע, צונויפֿגעדרייט אין דרײַען, ווי אַן אַלטער באָק (איטשע דער באָק) פֿאַר דער סטאַדע. נאָך אים האָבן זיך שווײַגנדיק געשלעפּט די ייִדענעס, די אַלטע איבערגעדריי־טע לאָמפּן פֿונעם רעבזועהויף. עס איז שוין אַלץ געווען קלאָר.

ר׳ זעלמעלעס קיניגרײַך, וואָס האָט זיך געצויגן בײַ זיבעציק יאָר, אין אַ משך פֿון דורות, איז אונטערגעגאַנגען. און ניט נאָר וואָס עס וועט ניט דערבויט ווערן יענער ברונעם, דער חלום פֿון ר׳

[52] מ׳דאַרף, מ׳דאַרף!

זעלמעלען, אַז די זעלמעניאַנער זאָלן האָבן צו טרינקען אייגענע וואַסער, נאָר עס וועלן אַראָפּגעראַמט ווערן פֿון דער ערד די שטיבעלעך, די פּלענקענער, די שטעלכלעך, דאָס זעלמעניאַנישע מויערל גופֿא, וואָס איז געווען אַזוי פֿיל יאָרן דער אומפֿאַרגלייכלעכער שטאָלץ פֿון די צענדליקער זעלמעלעך.

דער רעבזעהויף האָט זיך אין לעצטן מאָמענט באַגנבֿעט. ניט אַזוי די גנבֿה, ווי דאָס שיינע געריכט, ווו מען האָט אָפּגעדעקט יעטווידער שמאָטקעלע פֿונעם רעבזעהויף, געטאַפּט אין די בעבעכעס — ווי איז דאָרטן, גוט צי שלעכט, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָך דער גרויסער פֿאַרגאַנגענהייט האָבן די זעלמעניאַנער גאָר נישט בײַם לײַב־און־לעבן, חוץ די צען פֿינגער, ר' זעלמעלע, עליו־השלום, האָט געבויט אויף זאַמד און ער, דער פֿעטער איטשע, דער לעצטער פֿירשטלעכער זון פֿון די זעלמעניאַנער, איז איצט געגליכן צו אַלע גרויסע קייסאָרים, וואָס האָבן פֿאַרלוירן די טײַערע קרוינען אין דער בלאָטע. ער האָט געשמאַכט.

בײַם ראָג גאַס איז געשטאַנען טאָנקע. זי האָט געוואַרט אויף די געלאַסענע זעלמעניאַנער, וואָס בלײַבן שטענדיק רויִק, לאַנגזאַם און קאַלט. דער פֿעטער איטשע האָט אָפּגעפֿירט צוריק אַהיים דעם פֿאַרמשפּטן רעבזעהויף.

פֿאַרבײַגעגאַנגען איז שטום דער רעבזעהויף, געקלאַפּט מיט הילצערנע פּאָדעשוועס אין ברוק און מוראדיק געשוויגן צו דער מויד. און אַז טאָנקע איז אַראָפּ צו זיי פֿון טראָטואַרל, קלוימערשט פֿאַרוווּנדערט, וואָס זיי דערקענען זי ניט, האָט פֿעטער איטשע פּלוצלינג אַ הייב געטאָן דאָס פֿינצטערע פּנים:

— אַנטיסעמיטקע, אַוועק פֿון אונדזער אָרנטלעכער משפּחה!

— אַוועק, פֿאַרשאָלטענע מויד!

פֿון די ווײַבער האָט אַ גאָס געטאָן מיט טויטע קללות. עס האָט אַ קער געטאָן דאָס האַרץ. די מויד האָט זיך געשווינד אויסגעקערעוועט און פֿאַרשוווּנדן אַהינטערן ראָג. זי איז האַסטיק אַוועק מיט

דער צווייטער גאַס אַוועק אַפּשר אויף אייביק פֿונעם רעבזעהויף, און ס׳האָט איר געקאָכט דאָס בלוט אויף אָט דעם אומזיסטן לעבן, וואָס האָט זיבעציק לאַנגע יאָרן געכליופּעט ווי אַ מוטנע וואַסערל אונ־טער דער וואַנט.

זי האָט זיך אַפֿילו ניט אומגעקוקט.

# אַחר

פּאָעמע

אַחר עסט שוין ניט, טרינקט שוין ניט מער.
אַחר איז שוין נאָר אויג און געהער, אויג און געהער...
און אין פעלד, צו דעם נאַקעטן ברעג צוגעשפּאַרט,
ער ליגט.
ער שוויַיגט, האָרכט. און האַרט.

„דו, דו, איך האָב ליַידן אין לעבן געוואָלט,
נאָר נאָכגייען דיַין ציטערדיק ליכט שטילערהייט:
וואָס איך טראַכט — איז די וועלט, און די וועלט איז די וועלט,
ס׳איז דער אומקלאָרער סוד ניט באַשיידט.
כ׳האָב ווערטער און ווערטער, ווי פינקלענדע שנורן קרישטאָל,
געשליַיפט און געוואָרפן אין קרענץ:
דו, דו, וואָס באַטיַיט אַ מענטש?
וואָס איז אַ באַרג?
און וואָס חלומט דער טונקעלער טאָל?
אָ, דו, די פאַרהוילענע שייד פּונעם אַל;
געלעגער פון לאַנג שוין פאַרגליווערטן שטראָם —
דו, גאָט!
ביסטו ניט פון מיַין בלוט אַ געבוירענער, בלוטיקער שטראַל
צו באַליַיכטן דעם תהום?!"
ביַים ברעג. ס׳שטוינט אַ קערפּער, אַ נאַקעטער, שטום. דאָס איז ער.
אַ הויל בערגל פון אויג און געהער, אויג און געהער...
און די שטים, ווי פון דר׳ערד אויסגעקוועלט,
יאָגט,
אַחר קלאָגט, אַחר קלאָגט ביַי דעם עק פון דער וועלט:

„כ׳טראָג־אַרויס פון דער גרויער נשמה דעם עול,
ווי אַ קייט.

אָ, פֿאַר וואָס בין איך ניט טויבערהייט
אויסגעקנאָטן געוואָרן
אַ טאָל...
דו, זע, מײַנע רויע חלומות פֿון ליים,
אין מײַן האַרץ — דאָס פֿאַרנעפּלטע, וואַרעמע פֿעלד,
וואָס ער זינגט אָן אַן אָטעם געהיים
פֿון איין וועלט, איין וועלט...
דאָך — דער מאָרגנראָז שטײַגט־אויפֿעט ניט פֿון מיר.
דאָס ליכט פֿאַרגייט
און כ׳וועל אין וויסטער נאַכט צום אויסגעלאָזטן בלאָ
ניט ווערן צוגעלייט...
ווער ווייס, צי בין איך אויף די פֿעלדער דאָ?!...

„איך ליג און האָרך דעם קילן גאָס פֿון פֿײַכטע שטערן,
כ׳לויער אויף די דינע מילכוועגן: און דו, ווו ביסטו?!
נאָר דאָרשטיק דיך אין פֿריידגאַנג צו דערהערן —
פֿאַרנעם איך נאָר די טויבע קלענג פֿון רו.
צי וועל איך דיך שוין ווען אַ מאָל באַגעגענען??...
דאָס ליד פֿון שטומע קערפּערס גליט פֿון טיף און שטײַגט.
זע־צו! זע־צו!!...
כ׳האָב דעמביק מיך אין וועלט אַרײַנגעצווײַגט,
כאָטש אינעם טרוים —
צי וועסטו אינעם שטורעם אויכעט מיך באַרעגענען?!
דו, דו!
כ׳וויל פֿאַלן שטום — אַן אויפֿגעבליטער בוים,
כ׳וויל בלומענדיק אין רויטן אונטערגאַנג פֿאַרגיין,
כ׳וויל ווייך אַראָפּטריפֿן אַ טוי פֿון זינגענדיקן בלאָ,
ווי אַ געזאַנג,
ווי אַ געוויין...
ווי, סײַ דו און איך — מיר זײַנען לאַנג ניטאָ!“

בײַם ברעג. ס׳שטוינט אַ קערפּער אַ נאַקעטער שטום. דאָס איז ער —
אַ הויל בערגל פֿון אויג און געהער, אויג און געהער...
און די שטים, ווי פֿון דר׳ערד אויסגעקוועלט,
יאָגט.
אַחר קלאָגט, אַחר קלאָגט בײַ דעם עק פֿון דער וועלט.

## האַרבסט [1]

דער לעצטער פֿײַערדיקער בוים אין טאָל,
פֿון וואַלד — דעם לעצטן שוועמל אויסגעקליבן,
און אויפֿן הימל האָט דער האַרבסט צום לעצטן מאָל
אַ דרײַעק פֿון זשוראַוולעס[2] אָנגעשריבן.

דער וועג פֿון מאָליעוו קיין פּראָפּאָליע.
ס׳איז שטיל. מיר גייען אין קאָלווירט[3].
בלויז אין קוסטעס פלאַנכען[4] אויף דער דאָליע
אַ פּאָר קולאַקעס בײַ אַ פֿלעשל ספּירט.

בלויז פֿון די קוסטעס ווערט די וועלט געפֿלוכט[5].
אַ פֿויסט, אַ שיכּורע, פֿאַרהייבט זיך קעגן לעבן;
נאָר זי, די ערד, ליגט ווײַניק, ווי אַ רײַפֿע פֿרוכט,
פֿאַר אַלע מענטשן אָפּגעגעבן.

אַדורכן נעפּל בלאַנקט דער קילער שטאָל
פֿון דניעפּער. רו. דעם לעצטן זאַנג אַראָפּגעקליבן.
און אויפֿן הימל האָט דער האַרבסט צום לעצטן מאָל
אַ דרײַעק פֿון זשוראַוולעס אָנגעשריבן.

---

[1] איינע פון די געציילטע לידער, וואָס משה קולבאַק האָט אָנגעשריבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. — [2] בושלען. — [3] (סאָוועטישער אײַנפיר צו פאַראייניקן גע־קירצטע ווערטער) קאָלעקטיוועווירטשאַפט. — [4] באַקלאָגן זיך. — [5] געשאָלטן.

# צו דער כאראקטעריסטיק

## פון משה קולבאַקס לעבן און שאַפן

בלעטער פֿון געשיכטע, שפּראַכפֿאָרשונג, קריטיק און זכרונות

משה קולבאַק

# דאָס יידישע וואָרט

אַזוי ווי די שפּראַך איז דער מענטש, אַזוי איז די שפּראַך דאָס פֿאָלק — מען מוז גיין צו זיין שפּראַך.

יידיש איז תּחילת נעבעך קרום און לאָם געבוירן געוואָרן. ווערטער פֿרעמדע מישן זיך אינעם פּאַרציי־טיקן יידיש צונויף מיט אַלט־העברעישע און שאַפֿן ניט דערביי קיין איינהייטלעכקייט. וועגן סטיל רעדט זיך דערווייל ניט, עס פֿעלט אַפֿילו דער שאַבלאָן, די איינפֿאַכע גלאַטע פּראָזע, וואָס זאָל זיין גאַנץ אין איר צוזאַמענגעאָסנקייט. די ווערטער אָטעמען ניט מיט דער קרובֿישאַפֿט פֿון אַן אייגענער נאַציאָנאַלער שאַפֿונג.

אין יאָר 1530 האָט זיך געעפֿנט די ערשטע יידישע דרוקעריי. דער דריטער געדרוקטער ספֿר איז געווען פֿון איינעם אַ ר׳ אַנשילס מרכּבֿת המשנה אויף יידיש. ר׳ אַנשל דערקלערט אין דער הקדמה, דעם ציל פֿון בוך: „די וייל עס גימייניקלעך איז גיוואָרדן דס מן אלי יר בורגני זך אונ בויכר אן טאג ברענגט צו דויטש אורזך דס איין איקליכער גימיינר מאַן מג וויסן — — —“.

אַזוי האָט אויסגעזען יידיש אין 16טן יאָרהונדערט. איצט איז אונדז פֿרעמד אַפֿילו דער קלאַנג פֿון דער דאָזיקער צונויפֿמישונג. די יידישע שפּראַך האָט זיך פֿון דעמאָלט אָן הונדערטער יאָרן גערייניקט אין מויל פֿון פֿאָלק. דאָס וואָרט האָט זיך געלייטערט, ביז עס האָט זיך צוגעפּאַסט צום גייסט פֿון איצטיקן יידן. דער פֿאָלקסגייסט האָט איבערגעשאַפֿן די אַלערליי שפּראַך־קאָמבינירונגען, האָט עס איבערגעשמאָלצן אויף דאָס ניי אַזוי, אַז די שפּראַך פֿון דעם יידישן פֿאָלקסליד האָט זיך שוין אַנטוויקלט ביז צו דער מדרגה פֿון אַ קולטורשפּראַך. די אינערלעכע מעגלעכקייטן פֿון יידיש קאָן מען ערשט אָפּשאַצן דעמאָלט, ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם מהלך, וואָס ליגט צווישן דער שפּראַך פֿון מרכּבֿת המשנה און צווישן דער ניט לאַנג אָפּגעדרוקטער איליאַדע אויף יידיש. די איבערזעצונגען פֿון

האָמערן ביי יעדן פֿאָלק ווייזן, ניט נאָר אויף אַ געוויסער גייסטיקער צייטיקייט פֿון דעם דאָזיקן פֿאָלק, נאָר אויך אויף דער קינסטלערי־שער רייפֿקייט פֿון דער שפּראַך, אויף וועלכער האָמער קאָן איבער־געזעצט ווערן.

אין דעם פֿאָלקסליד זעט מען שוין די ייִדישע שפּראַך, ווי זי האָט באַקומען „דעם זיבעטן חן". האַרציק־ייִדישלעך און פֿאָלקס־טימלעך וועבט זיך אײַן דאָס וואָרט אין די נאַיווע פֿערזן און עס אָטעמט מיט דער פּרימיטיווער פֿײַנקייט פֿון פֿאָלקשאַפֿונג. נאָר די שפּראַך פֿון דעם פֿאָלקסליד ווערט געשליפֿן אומבאַוווּסטזיניק. דאָס פֿאָלק שאַצט ניט אָפּ דעם קינסטלערישן ווערט פֿון וואָרט.

די ייִדישע דיכטערס האָבן באַוווּסטזיניק געריינִיקט די שפּראַך. ייִדיש האָט זיך טובֿל געווען אין די נשמות פֿון די ייִדישע קינסטלערס און דורך דעם האָט זי געוווּנען איר עסטעטיש פּנים. דורכגייענדיק די „זיבן טויערן פֿון דײַטשמעריש", האָט די ליטעראַרישע ייִדישע שפּראַך אין גאַנצן פֿאַרלוירן דאָס נאַטירלעכע אויסזען און ר' מענ־דעלע האָט געמוזט איבערבויען זי אויף דאָס נײַ. ווי אַ מבֿין באַ־טראַכט אַ גוט שטיקל סחורה, אַזוי האָט ר' מענדעלע תּחילת באַ־טראַכט די שפּראַך: „פּאַמאַיניצעס טראַגן, וואָסער אַנטראָגן, מיט דעם באַלעבאָס' קינדערלעך זיך אַרומגעטראָגן, דער באַלעבאָסטע בײַם אײַנ־קויפֿן אַלצדינג צוטראָגן, שטיקלעך אַרבעט אַהין־אַהער אָפּטראָגן, מיט באַלעבאַטישקייט שטענדיק זײַן פֿאַרטראָגן און איטלעכנס קאַפּריז, קלעפּ און באַליידיקונגען אַריבערטראָגן". ר' מענדעלע האָט מסתּמא נאָך דעם אַ טראַכט געטאָן ווי געווײַנטלעך: ניט דאָס בין איך אויסן, אָבער ער איז אַ פּנים געבליבן צופֿרידן פֿון דער בייגיקייט פֿון דער שפּראַך. און באמת איז ניטאָ נאָך אַ צווייטער שרײַבער צו ר' מענ־דעלען אין דער ייִדישער ליטעראַטור (אפֿשר בערגעלסאָן), וואָס זאָל אַזוי קלײַבן און שלײַפֿן דאָס וואָרט. דער ערשטער גאָט־געבענטש־טער פּיאָנער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט ער אויסגעפֿירט די שווערסטע אויפֿגאַבע: ער האָט צונויפֿגעקליבן די „אותיות פּורחות", — די אַלערליי ווערטער: און האָט זיי צוזאַמענגעגאָסן — אַן אוצר פֿאַר די קומענדיקע ייִדישע וואָרטקינסטלערס: און אויב ר' מענדעלעס סטיל באַהאַלט ניט אין זיך דעם אינהאַלט פֿון אַ רײַכער, פֿײַנער נשמה, איז ער אָבער עפּיש זיכער, רייך און ווײַס ווי אַ שטיק מאַר־מאָר. ר' מענדעלע האָט געשאַפֿן דעם ערשטן עפּישן סטיל אין דעם מאַמע־לשון. ייִדיש האָט באַקומען די ערשטע אינגערלעך־קינסטלע־רישע איבערבויונג.

און דאָך האָבן די ייִדישע שרײַבערס און די דעמאָלטיקע אינ־טעליגענץ נאָך ניט דערפֿילט די רײַכע מעגלעכקייטן פֿון דער ייִדי־שער שפּראַך. זיי האָבן זיך געווענדט צו ייִדיש צוליב סאָציאַליסטי־שע מאָטיוון (זע: ניגער), פֿאַרויס זײַענדיק איבערגעצײַגט אין איר קליינעם ווערט ווי אַ שפּראַך פֿאַר אמתער פּאָעזיע. ס'איז באַוווּסט פּרצס ליד וועגן ייִדיש, הגם ער גופֿא האָט שפּעטער אומגעביטן זײַן מיינונג:

„אונדזער ייִדיש האָט נאָר וויצן,
האָט נאָר שפּיצן, בלאַנקע בליצן,
זי איז ווי גאַל, ווי פּיאָלון ביטער
און זי דרעשט דאָס לײַב מיט ריטער"...

פּרץ, דער עילוי מיט דעם שאַרפֿן קאָפּ, וואָס זײַן גײַסט איז „וויציק" און „שפּיציק", און זײַנע געדאַנקען פֿליִען־דורך ווי „שאַר־פֿע בליצן" — אפֿשר האָט ער אויסגעפֿונען אין ייִדיש נאָר די אייגנ־שאַפֿטן, וואָס ער האָט געקאָנט אויסגעפֿינען? דאָס טויטע וואָרט איז אויף אַזוי פֿיל „בליציק" און שאַרף, אויף וויפֿל דער וואָס באַניצט זיך מיטן וואָרט קאָן דורך אים אויסדריקן שאַרפֿקייט און בליציקייט. אפֿשר האָט פּרץ אין דעם ציטירטן ליד אַרויסגעזאָגט זײַנע אַ קינסט־לעריש־סוביעקטיווע אײַנזעעניש, אַזוי ווי מעטערלינק זעט־אײַן אין דער פֿראַנצייזישער שפּראַך בלויע ווערטער און סעווועריאַנין אין דער רוסישער — ראָזע ווערטער?

נאָר וואָס פּרץ זאָל זיך ניט האָבן געטראַכט וועגן דער ייִדישער שפּראַך — זי איז דורך אים ביגתים רײַכער געוואָרן אין טעמפּע־ראַמענטפֿולע קלאַנגען. פּרצעס סטיל איז אַזאַ, ווי מען וואָלט אים ערשט פֿון פֿײַער אַרויסגענומען; דאָס אײנציקע וואָרט ברענט, עס צינדט זיך אָן און לעשט זיך אויס; זײַן שפּראַך איז אַזאַ מין פֿײַער־ווערק, וואָס צעשיט זיך פֿונקענווײַז, שימערירנדיק און בליצנדיק. דער זאַץ איז אַן אויפֿגערעגט פֿינקלענדיקער, ער צאַפּלט זיך און רוט ניט: „איבערן הימל זײַנען געשוווּמען ווײַסע, ממש זילבערנע וואָלקנדלעך, און אַז מען האָט זיך אין זיי אײַנגעקוקט, האָט מען גע־זען ווי זיי ציטערן ממש פֿאַר פֿרייד, ווי זיי טאַנצן־אונטער מיט שׂמחת־תּורה... הינטן ווײַטער האָט ער אַרומגענומען די שטאָט אַ גרינע, נאָר דאָס גרינע איז געווען לעבעדיק גרין, אַזוי לעבעדיק, גלײַך עס וואָלט אַ חיות אַרומגעפֿלויגן צווישן די גראָזן; וואָס אַ מאָל

האָט זיך געדאַכט, פֿלאַמט ערגעץ אַנדערש אויס אַ חיות, אַ געשמאַק, אַ לעבן, מען האָט געזען בחוש, ווי די פֿלעמלעך שפּרינגען און טאַנצן צווישן די גרעזלעך, גלײַך זיי האָלדזן זיי און קושן זיי... און אויך די לאַנקעס מיט פֿלעמלעך האָבן זיך אַרומגעדרייט כּיתּות און כּיתּות פֿון חסידים... די אַטלעסענע און אַפֿילו לאַסטיגענע קאַפּאָטעס האָבן געבלאַנקט ווי די שפּיגל, די צעריסענע ווי די גאַנצע... און די פֿלעמלעך וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון צווישן די גרעזלעך האָבן זיך געכאַפּט, געציפּעפּעט אין די שפּיגלדיקע בגדי יום־טובֿ און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי טאַנצן אַרום יעדן חסיד מיט התלהבֿות, מיט ליבשאַפֿט...״

און אַזוי ווײַטער און ווײַטער ברויזט די קאָכעדיק־אומרויִקע און צאַפּלדיקע שפּראַך — „אַלץ העכער און העכער, אַלץ הייליקער״. און פּרץ אַליין האָט זיך דאָך ניט געריכט, אַז דאָס אָרעמע ייִדיש זאָל קאָנען געיאָגט ווערן אין אַזאַ אומגעדולדיקן ריטעם. די שפּראַך, וואָס איז לויט זײַן מיינונג געווען „ווי גאָל, ווי פּיאָלון ביטער״, האָט פֿאַרלוירן דורך זײַן שעפֿערישער התלהבֿות די ביטערקייט און ווי אַ צעשמאָלצענער מעטאַל זיך איבערגעגאָסן אין נײַע פֿורעמס.

ייִדיש איז געפּרוווט געוואָרן צום צווייטן מאָל דורך פּרצן, ווי פֿריִער דורך מענדעלען, און אויך צום צווייטן מאָל האָט עס אויסגעהאַלטן דעם נסיון. פּרץ האָט געשאַפֿן דעם ערשטן לירישן סטיל אין ייִדיש.

נאָר אַ פֿולע האָט נאָך די יונגע ייִדישע שפּראַך געדאַרפֿט דורכמאַכן אין איר קינסטלערישער אַנטוויקלונג. פּרץ האָט אין זײַן ליד וועגן ייִדיש זיך אויך געהאַט אויסגעדריקט:

„קיין איינציק וואָרט איז צאַרט און גלאַט,
זי איז פֿאַר ליבע טויט און מאַט,
הערצל, זעלע, שאַץ און שעצל
ס׳האָט אַ טעם פֿון לאַקריץ־פּלעצל,
ס׳פּעלט איר פּעפּער, ס׳פּעלט איר זאַלץ
און ס׳שמעקט נאָך צו מיט געגנדזנשמאַלץ״.

די שאַרפֿקייט, וואָס פּרץ האָט כּלומרשט יאָ אויסגעפֿונען אין ייִדיש, האָט זיך סוף־כּל־סוף דורך אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ פֿײַערדיקן סטיל. אויף וואָס ער האָט געהאַט אַ שליטה, דאָס האָט ער אײַנגעזען אין דער שפּראַך. זײַנס האָט ער אויסגעפֿונען. צערטלעכקייט

אין ייִדיש — דאָס האָט ער אָבער ניט אײַנגעזען. וואָרעם — באמת פּאַסט זיך עס צוזאַמען. פּרץ דער פּיקח מיט די ברענענדיקע אויגן — און צערטלעכקייט? פּרץ איז צו קלוג, צו שטאָלץ פֿאַר צערט־לעכקייט. ער איז יונג, אָבער ניט קינדיש, און נאָר די קינדיש־נאַיִווע נשמה, וואָס טראָגט זיך אַרום מיטן וואָרט „מאַמע" אויף די לעפּצן (שלום אַש מיט זײַן מאַמע־רחל, מאַמע־ערד), נאָר אַזאַ נשמה פֿילט די צערטלעכקייט, ווײַל זי איז אַליין צערטלעך.

אויף די צערטלעכקייטן פֿון ייִדיש האָבן אָנגעוויזן שלום אַש און דוד איינהאָרן. די שטילע דיכטערס מיט די פֿרישע נאַיִווע סטילן, וואָס איטלעכער פֿון זיי שאַפֿט אויף זײַן שטייגער, זײַן אייגנאַרטיקע שפּראַך, צערטלעך און ווייך ווי אַ געוועב פֿון זײַדנס. ניטאָ פֿאַר זיי אין ייִדיש קיין „שאַרפֿע בליצן". דאָס וואָרט איז „צאַרט און גלאַטיק" און אַנשטאָט דעם טעם פֿון „לאַקריץ־פּלעצל" דערפֿילט מען אָפֿט, גאָר אָפֿט בײַ דוד איינהאָרן, דעם ציטערדיקן עלעגישן ווידערקלאַנג פֿון אַ שפּראַך, וואָס פֿליסט מיט אַ ריטמישער מוזיקאַלישקייט, און בײַ שלום אַשן די גרינגקייט און באַפֿליגלטקייט פֿון וואָרט, וואָס לײַכט זיך כּמעט דורך ווי אַ טראָפּן טוי, און עס אָטעמט ניט מיט „געגנדזנשמאַלץ", נאָר מיט דעם ריח פֿון „גרעזער", בריח השדה אשר ברכו ה׳... און אַז די ייִדישע שפּראַך איז ניט „טויט און מאַט" פֿאַר ליבע — ווייסן מיר עס נאָך פֿון די ייִדישע פֿאָלקסלידער. אויב דאָס פֿאָלק האָט אויסגעפֿירט אַ טעמע קינסטלעריש, ניט ערגער פֿאַר אונדזערע געשווירענע קינסטלערס, איז עס די טעמע פֿון ליבע. אין דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור טרעפֿט זיך אָפֿט, אַז דער ליבע־מאָטיוו איז ווי אין דעם פֿאָלקסליד. ס׳איז כּדאַי צו ציטירן איין ליד פֿון אַ פֿולע:

איך גיי־אַרויס אויפֿן גאַניקל,
דאָס שטעטעלע באַקוקן.
קומט צו פֿליִען אַ קליינע פֿייגעלע
און טוט זיך צו מיר בוקן.
זי וואַרפֿט־אַראָפּ מיר אַ קליינע בריוועלע,
איך טו עס באַלד באַקומען.
איך לייען־דורך דאָס ערשטע שורהלע,
מײַן געליבטער איז פֿאַרדאָרבן.
איך לייען איבער דאָס צווייטע שורהלע,
מײַן געליבטער איז געשטאָרבן.

קלײַבט־צונויף מײַנע אַלע חברטעס
אַלעמען אין אײנעם,
די וואָס האָט נאָר אַ ליבע געשפּילט
זאָל מיר העלפן וויינען.

עס גייט דאָ ניט אַרײַן זיך אָפּצושטעלן אויף דעם האַלב־מיס־טישן אינהאַלט פון אָט דעם פאָלקסליד. ווען מען באַטראַכט אָבער די אײנפאַכע ווערטער, דורך וועלכע די טאַלענטירטע פאָלקס־דיכטערין זאָגט־אַרויס איר אומענדלעכן טרויער, מוז מען מודה זײַן, אַז פּרץ האָט אַ ביסל געזינדיקט, ווען ער האָט — אין פעריאָד ווען ייִדיש איז געווען אַ „שפחה" בײַ העברעיש — אָוועקגעמאַכט אונטער דער האַנט די גאַנצע ייִדישע שפּראַך ווי אַ שפּראַך פאַר פּאָעזיע. נאָר פּרץ האָט תשובה געטאָן, און אין דעם אָרט, ווו פּרץ דער בעל־תשובה שטייט, טאָרן ניט שטיין די איצטיקע ייִדישיסטישע צדיקים גמורים...

ייִדיש איז אויסגעפּרווט געוואָרן דורך אַלערליי גרעסערע און קלענערע גײַסטער, די דינסטע געפילן און אויך די טיפסטע געדאַנקען (זשיטלאָווסקיס געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע) האָבן געקאָנט אַרויסגעזאָגט ווערן אויף מאַמע־לשון, אָבער דאָך האָט מען געמוזט איבערגעראַשט ווערן, ווען אין ייִדיש האָט זיך באַוויזן דער ערשטער אַריסטאָקראַטישער סטיל. דער גראַציעזער עלאַסטישער נוסח פון דער אידעלער, שטאָלצער נשמה, וואָס איז שוין מיד געוואָרן צו געניסן די שיינקייט פון דער וועלט. דער סטיל פון גײַסט וואָס האָט זיך איבערגעזעטיקט פון די קולטור־ווערטן און צוליב דעם איבערפלוס פון שטימונגען רעדט ער שוין גאָר שטיל, מיט געוויי־גענע, געציילטע ווערטער, און אַ מידע טרויעריקייט ווייט פון יעדער אָנגעשריבענער שורה.

בערגעלסאָן האָט אַרײַנגעבראַכט דעם דאָזיקן סטיל אין דער ייִדישער ליטעראַטור, די קאַלטלעכע, ווייכע, עפּיש־פאַרחלומטע שפּראַך פון נאָך אַלעמען איז די לעצטע געשטאַלט, אין וועלכער ייִדיש האָט זיך באַוויזן. בערגעלסאָן איז דערווײַל דער לעצטער, וואָס האָט באַלויכטן מיט אייגנאַרטיקער שײַן די ייִדישע שפּראַך.

און אָט אַזוי האָט זיך דאָס מאַמע־לשון קינסטלעריש פאַרפּעס־טיקט. די סטילן — זײַנען די פעסטונגען. די בעסטע פּאָעמע, וואָס דער ייִדישער שעפערישער גײַסט האָט געשאַפן, איז די ייִדישע שפּראַך. ייִדיש איז אונדזער שיר־השירים, דאָס ליד פון אַלע לידער. עס איז נאָך ניט אויפגעשטאַנען בײַ אונדז דער טורגעניעוו, דער באַל־

מאָנט, וואָס זאָל באַזינגען די ייִדישע שפּראַך, אַזוי ווי זיי האָבן באַזונגען די רוסישע. נאָר ער וועט קומען — די ליבע צו ייִדיש וועט אַרויסרופֿן דעם דאָזיקן דיכטער. די ייִדישע פֿילאָלאָגיע האָט באַוויזן און וועט ווײַזן די אויסערלעכע האַרמאָנישע גאַנצקייט פֿון דער שפּראַך, די פֿײַנע ליטעראַטור — איר אינערלעכע רײַכקייט און אירע קינסטלערישע מעגלעכקייטן. דאָס ייִדישע וואָרט איז סינטעטיזירט געוואָרן דורך די פֿײַנסטע גײַסטער פֿון פֿאָלק און עס טראָגט מיט זיך דעם מוזיקאַלישן ריטעם פֿון זינגענדיקע ייִדישע נשמות. אויב אונדזער שפּראַך האָט נאָך עפּעס צו באַזינגען, וועט זי געווינען דורך אירע בלומען מערער איידער דורך אירע פּובליציסטיש־פּאַפּירענע שווערדן.

1918

# א. לעיעלעס

## משה קולבאַק*

— 1 —

... משה קולבאַק איז קיין רוסלאַנד געפֿאָרן מיט זײַן פֿרײַען ווילן. ער איז געפֿאָרן האָפֿערדיק. ער האָט מיטגעפֿירט אויף זײַן לפֿי ערך קורצער נסיעה פֿון ווילנע קיין מינסק גרויסע פּעק מיט האָפֿענונגען און חלומות. ער האָט זיך געפֿילט צו פֿיל אײַנגעקלעמט אין דער לופֿט פֿון דעם האַלב פֿאַשיסטישן פּוילן. ער האָט אין דעם קאָמוניסטישן רוסלאַנד געזען די מעגלעכקייט פֿונאַנדערצונעמען זײַנע דיכטערישע, קינסטלערישע פֿליגל. עס האָבן אים געלאָקט די בשורות, וואָס זײַנען געקומען פֿון יענער זײַט פּוילישער גרענעץ: עס גרינט דאָס ייִדישע וואָרט, עס בליט די ייִדישע קולטור, עס גאָלדיקט ווי אַ רחבֿותדיק פֿעלד פֿון ווייץ און קאָרן די צעשפּרייטע ייִדישע ליטעראַטור... דער קאָמוניזם האָט די אַלע האָפֿענונגען אומגעבראַכט און — נישט אַזוי לאַנג נאָך דעם ווי משה קולבאַק איז פֿאַרנאַרט געוואָרן צו די סאָוועטישע גליקן. אָבער דער אומברענג

---

* זאַמלביכער ב׳ 8, זז׳ 8—20, נ״י 1952.

איז נישט געווען בלויז אַ פּיזישער. איידער משה קולבאַק איז גרויליק פאַרשניטן געוואָרן אין איינער פון די אומצאָליקע סאָוועטישע טור־מעס אָדער משוגעים־הײַזער, האָט דער קאָמוניזם פריער דערהרגעט זײַנע חלומות. דער טרוימען־מערדער איז אפשר נאָך ערגער ווי דער נפש־מערדער. יצחק קאַצענעלסאָן האָט געקאָנט איבערלאָזן זײַן ליד פון דעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק, ווו דער העברעיִש־ייִדי־שער דיכטער קריגט קעגן זײַן גלויבן אין גאָט און קעמט זיך דאָס לײַב פאַר זײַן אמונה אין די הימלען. משה קולבאַק האָט גאָר נישט געקאָנט איבערלאָזן. אויף וויפל ער האָט זיך געריסן די האָר, איז עס פאַר זײַן אייגענער גלייביקייט אין דעם מענטש, אין מענטשלעכע אידעאַלן; צוליב זײַן געטרויען די מאַניענדיקע פײַערלעך פון פאַלשע בשורות און פון רייד, וואָס זײַנע פאַרפײַניקערס האָבן געהאַט די חוצפה נאָך ווײַטער איבערצוחזרן — כדי נאָך ווײַטער צו נאַרן נײַע מיליאָנען אומעטום.

יצחק קאַצענעלסאָן איז אומגעקומען מיט אומבאַשעדיקטער מענטשלעכער און ייִדישער ווערדע. משה קולבאַק איז פאַרמוטשעט געוואָרן מיט אַ באַשפּיגענער מענטשלעכקייט און מיט אַ צעטראָ־טענער ייִדישקייט. אָט דאָס מאַכט דעם נאָמען משה קולבאַק אייביק שרײַען צו די הימלען אין דער ייִדישער געשיכטע — עד סוף כל הדורות.

*

... איך וועל זיך אָפּשטעלן אויסשליסלעך אויף יענע לידער, משה קולבאַקס, וואָס ער האָט געשריבן נאָך אויף דער זײַט סאָוועטי־שע גרענעץ, צוליב דעם וואָס נאָר אָט די לידער דריקן־אויס דעם פריִען דיכטער. דאָרטן האָט ער שוין געמוזט שרײַבן נישט ווי ער האָט געוואָלט, נאָר ווי די אַכזרדיקע, זיגזאַגישע ליניע האָט דיק־טירט און וואָס האָט זיכער נישט ווינציק געקאָסט דעם דאָזיקן לעבנס־לוסטיקן פּאָעט.

לעבנסלוסטיקייט איז דער קענטיקסטער שטריך פון משה קול־באַקס געמיט, אויף וויפל עס געפינט אויסדרוק אין זײַנע לידער. אָט די לעבנסלוסטיקייט האָט מיך צוגעצויגן צו אים זייער פרי. דאָס און — קולבאַקס מאָדערנער, גרויסשטאָטישער טאָן.

מיט קולבאַקס לידער בין איך באַקאַנט געוואָרן פון זײַנע דיכ־טערישע אָנהייבשריט. ער האָט מיר זייער אימפּאָנירט. צי ער האָט אַליין איבערגעשיקט צו מיר זײַנע ערשטע לידער, צי עמעצער האָט מיר זיי געבראַכט פון אים — ליגט דער דאָזיקער אײַנדרוק פאַר די

אויגן שוואַרץ אויף ווײַס, אין „אינזיך" פֿון מאַרץ 1920, זז' 141—143: „ער (משה קולבאַק) האָט נאָך ווייניק לידער (אין זײַן קלײנער זאַמלונג) און פֿון די ווייניקע פֿאַרדינט די הויפּט־אויפֿמערקזאַמקייט די פֿאָעמע שטאָט. אָבער די פּאָעמע איז גענוג צו באַווײַזן, אַז מען האָט פֿאַר זיך אַן אמתן, מאָדערנעם פּאָעט, וואָס נישט נאָר פֿאַר־שפּרעכט ער אַ סך, נאָר וואָס האָט שוין אַ סך פּאָזיטיווס געגעבן. איך שרײַב וועגן משה קולבאַקס שטאָט מיט באַזונדערער ליבע דערפֿאַר, וואָס אין אים זעט מען די גרעסטע באַענטקייט צו דער פּאָעזיע, וואָס אַנטוויקלט זיך בײַ אונדז אין אַמעריקע גופֿא. די מערסטע לידער פֿון יענער זײַט ים זײַנען פֿאַר אונדז געווען אַ גרוס, אַ גרוס פֿון נאָענטע, אָבער דאָך אַ ביסל פֿרעמדע. די דאָרטיקע זײַנען נאָך אין פֿיל הינזיכטן געווען הינטערשטעליק, נאָך נישט דערגרייכט די אַנטוויק־לונג־שטופֿע, וואָס די אַמעריקאַנער ייִדישע פּאָעזיע האָט פֿאַרן לעצטן צענדליק יאָר דעראָבערט. אין משה קולבאַקן פֿילט מען אַן אײגע־נעם דורכויס. זײַן שטאָטליד האָט דאָ (אין ניו־יאָרק) געקענט גע־שריבן ווערן. אין דער הינזיכט פֿון קראַפֿט, ריטעם און בילד האָט ער נאָך איבערגעשטיגן אײניקע פֿון אונדז, וואָס האָבן אויך גע־פּרוווט די שטאָט און איר שטורמישן אָטעם אַרײַנצוגעבן אין פֿערזן".

— 2 —

... אַחוץ דער לעבנסלוסט און גרויסשטאָטיקן אָטעם האָט קול־באַק פֿון אָנהייב אָן צוגעצויגן אויפֿמערק מיט דער רײַפֿקייט און אויסגעהאַלטנקייט פֿון פֿאָרעם. דאָס איז צו יענער צײַט, בײַ קולבאַקס אָנהייב, נאָך אַלץ געווען עפּעס, וואָס האָט זיך געבעטן צו פֿאַרנאָ־טירן. משה קולבאַק האָט נישט געשריבן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, ווי ס'גיסט זיך כּלומרשט „אוממיטלבאַר" אַראָפּ פֿון דער פּעדער. ער האָט אַלײן פֿאַרמאָגט קולטור און איז צו זײַן דיכטעריש וואָרט צוגעגאַנגען מיט רעספּעקט, מיט ליבשאַפֿט, וואָס האָט אים אַזוי גוט ווי געניים דאָס וואָרט צו כּאָוען, אײַנבײַסן, שלײַפֿן.

... אין פּרט און פֿאָרעם, פֿון אַ באַוווסטזיניק קולטיווירן פֿערז און פֿון קאָנען ריטמיש אויסדרן נאָך ווינציק קולטיווירטע ייִדיש־קלאַנגען דערמאָנט משה קולבאַק דעם אַזוי פּריצײַטיק פֿאַרשטאָרבע־נעם לייב נײַדוס, נאָר משה קולבאַק איז געווען קערנדיקער, וואָרצל־דיקער, ערדישער. די ערדישקייט ספּעציעל איבערראַשט ממש. זי איז אויך נישט אַבסטראַקט, נאָר גרײַלעך קאָנקרעט — צוגעבונדן צו

אַ באַשטימט אָרט. עס איז ליבשאַפט און פאַרקנעטנקייט מיט ליטע, ווײַסרוסלאַנד; מיט מינסק און ווילנע. זײַן לידער־ציקל אַרום ווילנע, אַ היפּש פּיאָנערישע אַרבעט צו דער צײַט, וואָס ער האָט די סעריע געשריבן, פאַרכאַפּט מיט דעם ברייטן אָטעם, מיט דער פאַרטיפונג און מיט דעם ייִדיש־פאַרגײַסטיקטן געמיט, וואָס דער דיכטער האָט דאָ אַרײַנגעלייגט. קולבאַק איז אין אָט דעם פּרט אַ מין נאַטירלעכער און ווירדיקער פאָרגייער פון דער גרופּע „יונג־ווילנע“, וואָס די תּקופֿה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות האָט געבראַכט דער ייִדישער ליטעראַטור. סוצקעווער, גראַדע, לייזער וואָלף, אלחנן וואָגלער, ש. קאַטשערגינסקי און אַנדערע האָבן געהאַט פון וואַנען אָנצוהייבן, ווען מען דירעקט ממשיך צו זײַן. קולבאַקס ווילנע, אין פּערזן, איז די אמתע, עכטע ווילנע, ווי מיר זײַנען שוין געוווינט געוואָרן צו קוקן אויף דער דאָזיקער ייִדנשטאָט.

די היימישע פאַרוואָרצלטקייט, קולבאַקס, זעט מען אויך אין זײַן לעקסיק, אין דעם אויסקלײַב פון זײַנע ווערטער. ער פאַרשעמט נישט דעם סלאַווישן באַשטאַנדטייל פון אונדזער אידיאָמאַטישער פאָלקשפּראַך. ער נעמט נישט אָן די צעטיילונג אויף יאַ־ און נישט־יחוס־דיקע וואָרטקלאַנגען. ער גייט דאָ מיט דעם גאַנג פון דער ייִדישטראַדיציע, לויט ווי זי האָט זיך געפּעדעמט און געוועבט בײַ די בעסטע פאַרשטייערס און ליבהאָבערס פון אונדזער לשון. פון מענדל סאַטאַנאָווער (לעפין), דורך שלמה עטינגער ביז מענדעלי, שלום עליכם און י. ל. פּרץ, האָבן די בויערס פון אונדזער ליטעראַרישן סטיל נישט געפּסלט קיין ווערטער — באַשר זיי קומען פון סלאַוויש. זיי האָבן זיי חנעוודיק אַרײַנגעפלאָכטן אין זייער געוואַנט. האָט דער אוקראַינער מענדל סאַטאַנאָווער אויף אַ קורצן שטח פון זײַן משלי־פאַרייִדישונג באַנוצט אַזוינע נאַטירלעכע ייִדישע ווערטער, ווי פּיאַלון, זשמעניע, האָרעוואַניע. וואָרפּט משה קולבאַק, דער ליטוואַק, דורך זײַנע פּערזן מיט פונקט אַזוינע נאַטירלעכע ווערטער, ווי ראַבינע, בידנע, וועטנע, סיווע, שאַרע, וויאַז, וכדומה. איך זאָג דער ליטוואַק, ווײַל גראָד די אַמאָליקע ליטווישע משׂכּילים האָבן געטריבן אָט די נאַטירלעכע, באמת אומייִדישע דײַטשמעריזמען און מיט דעם דאָס לשון בלויז ווי אויסגעטריקנט, פאַרדאַרט.

קולבאַק איז נישט בלויז אַ פאַרוואָרצלטער אין ייִדיש; ער האַלט זיך אויך נישט אָפּ צו זײַן עקספּערימענטאַטאָריש, האַלט זיך אויך נישט אָפּ צו שאַפן דאָס, וואָס פעלט אים אויס. ער בויט פרײַ קערק פון קאַרק, קלענג פון קלאַנג. ער שאַפט אויך נײַע ווערטער און זיי

פאַסן זיך גוט, ווי אינזיכקייט. און אַט — נאָך עטלעכע: באַטשופּרי־נעטער, מײַקע (מאַיאָווע), געשטיין (שטיינער־מאַסע) און אַ סך אַנ־דערע.

... אַגבֿ, איז ער געווען איינער פֿון די ערשטע, אויב נישט דער ערשטער אין דער פּאָעזיע צו באַניצן דאָס וואָרט אַרץ ווי רוי־מינע־ראַל. ווי עכט עס איז געווען זײַן צערטלעכקייט צו ייִדיש לשון, אַזוי איז משה קולבאַק בכלל גרינטלעך נאַציאָנאַל, פֿאָלקיש פֿאַרוועבט, ייִדיש אין גײַסט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

וואָס האָט טאַקע געטאָן אין דעם לאַנד, ווו אַלע מאָנטיק און דאָ־נערשטיק האָט, לויט דעם קאַפּריז פֿון אַן אומוויסנדיקן „פּאַרטייער" אָדער אַ פֿאַרפֿאַכטן ייִד־קאָמיסאַר, זיך געביטן די ליניע בנוגע די „באַצמיגדערהייטן"? וואָס האָט דאָרטן געטאָן אַ ייִדישער פֿול־בלוֹ־טיקער פּאָעט, וואָס האָט געשליפֿן אַזעלכע שורות:

„עס שלײַכט צום עמוד ווער, געזאַלבט פון אַלטן טרויער:
ס'איז דער העלער מירמל־קאַלטער דיכטער.
דאָס קינד פון יבנה דאַרשט דאָס ליכט, וואָס גייט פאַרלאָרן...
אַ ווײַטער בת־קול רופט און רופט פון אַלט־צעשטערטן מויער.
און גראָ און גראָער ווערט. ווײַס שימערן די קיטלען און געזיכטער.
און ס'דאַכט — די ספרים גוססן אין טונקלקייט פון אָרון..." ?

באמת: וואָס פֿאַר אַ פּײַנען האָט קולבאַק געמוזט אויסלײַדן, וואָס פֿאַר אַ שבֿעה מדורי גיהנום דורכגיין איידער ער איז אומגעקומען אָדער אַראָפּ פֿון זינען?

— 3 —

משה קולבאַק, ווי יעדער פּאָעט פֿון זײַן קאַליבער, איז געווען אי אַ ליריקער, אי עפּיקער; אי עמאָציאָנעל, אי אינטעלעקטועל. ווי ער האָט נישט מורא געהאַט צו באַניצן אין זײַנע לידער אַזעלכע ווערטער ווי עקזאַלטאַציע, כאַאָס, אָדער עקסטאַז, האָט ער אויך גאַנץ ברייטלעך זיך באַנוצט מיט באַגריפֿלעכע ווענדונגען. ווי ער האָט געקאָנט זײַן דורך און דורך פֿאָלקסטימלעך, האָט ער אויך געקאָנט זײַן יחידיש ראַפֿינירט. יחידיש און סוביעקטיוו פֿאַרוויקלט.

ער איז דער אויטאָר פֿון דעם באַקאַנטן ליד, וואָס ווערט אָפֿט געזונגען און וואָס אַ סך מיינען, אַז עס קומט פֿון עפּעס אַ פֿאָלקישן אַנאָנים און הייבט זיך אָן מיט די שורות:

„איך בין אַ בחור אַ הולטײַ,
האָב איך מיר אַ שטעקן,
טרײַ־רײַ־רײַ, טרײַ־רײַ־רײַ
כ'שפּאַן אין אַל די עקן."

און ענדיקט זיך מיט דער סטראָפֿע:

פֿאָרט אַ פּויערל פֿאַרבײַ:
„צאָ טשוואַוואַטש נאַ סוועטשיע ?"
ווייס איך נישט און טו אַ ברײַ:
— סוועטשיע ? — פּעטשע, מעטשע . . .

ער קאָן זײַן אַזוי פֿאַלקסטימלעך און סלאַוויש היימיש, אַז ער פּרוווט אַפֿילו שרײַבן פֿערזן אין דעם טאָן פֿון רוסישע בילינעס.

— 4 —

. . . משה קולבאַק איז געווען אַ דורכויס טראַכטנדיקער דיכטער, אַן אינטעלעקטועלער פּאָעט, וואָס האָט נישט געהאַט די מינדסטע ענלעכקייט צו דעם תמעוואַטן הימל־קוקער, מיט אַ שטענדיק פֿאַפּיר אין זײַן האַנט, וואָס אַ נאַרישעוואַטע מויד, די מוזע הייסט עס, שלעפּט אים אַרום נאָר צווישןביימער, קרײַטעכער און נאַרישעוואַטע קוויטן, ווי מיר האָבן עס פֿאַראייביקט אויף דעם באַקאַנטן בילד פֿון דעם פֿראַנצייזישן פּרימיטיווסט־מאָלער אַנרי רוסאָ דער פּאָעט און זײַן מוזע.

קולבאַק האָט געלעבט מיט דעם ריטעם פֿון זײַן צײַט, מיטגע־וויברירט מיט אַלע געשעענישן, געקוקט מיט אָפֿענע אויגן און חושים און געהאַפּט מיט אַלע מענטשלעכע האָפֿענונגען.

*

י. גיליגיטש

# משה קולבאַק, דער לערער, דער רעזשיסער, דער מענטש *

... בשעת דער וועלט־מלחמה זײַנען אין פּוילן אַנטשטאַנען יידישע שולן, ווו דאָס יידישע קינד האָט געקענט באַקומען אַ פול־שטענדיקע יידישע און אַלגעמיינע בילדונג און דערציִונג. די דאָזיקע שולן האָבן צוגעגרייט אַ יידישע יוגנט, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט אין יידיש, געווען ענג צוזאַמענגעוואַקסן מיט די יידישע מאַסן, גע־רעדט די שפּראַך פון פאָלק און געלעבט דאָס לעבן פון פאָלק.

ס'האָט זיך נאָר געביטן דער כאַראַקטער פון די אַמאָליקע יידישע שולן, אָבער דער ציל איז געבליבן דער זעלביקער: קיום־האומה, אײַנהאַלטן אַ יידיש לעבן אין אַ ים פון פרעמדע פעלקער מיט פרעמ־דע קולטורן. די אויפגאַבע פונעם לערער אין די דאָזיקע שולן איז געווען אַ סך שווערער ווי פונעם מלמד אין די אַמאָליקע חדרים. אין דער צײַט ווען דאָס יידישע לעבן איז געווען מאָנאָליט, ווען די יידישע דערציִונג איז געגאַנגען לויט אַ נוסח, וואָס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אין משך פון הונדערטער יאָרן, איז די פּערזענלעכקייט פון דעם לערער ניט געווען אַזוי וויכטיק. אַוודאי האָבן די עלטערן גע־זוכט אַ בעסערן מלמד, אָבער אַ בעסערער מלמד האָט געמיינט אַ ייד אַ ירא־שמים, אַ גרויסער למדן, וואָס זאָל איבערגעבן זײַן וויסן און זײַן פרומקייט זייערע קינדער. וועגן דעם מעטאָד, ווי ער וועט דאָס מאַכן, האָבן זיי זייער ווייניק געטראַכט. דער מעטאָד איז געווען אַן אײַנגעשטעלטער, אַן איינהייטלעכער כמעט אין אַלע חדרים און ישיבות.

די אויפגאַבע פון דעם לערער אין די יידישע שולן איז אויך געווען אַ סך שווערער ווי פון די לערערס אין די מלוכישע שולן. די יידישע שולן האָבן ניט געהאַט די זעלביקע רעכט און אויך ניט די זעלביקע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן ווי מלוכה־שולן. דער יידישער לערער האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך מער מיטלען צוצוציִען די קינדער צו דער שול, פאַראינטערעסירן זיי מיט די יידישע לימודים

---

* פון די גאָלדענע קייט נ' 43, זז' 123 — 128, תל־אָביב 1962.

און דורך דער שול פאַרבינדן זיי מיט זייער שטאָם, מיט זייער פאָלק. ער האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך אידעאַליזם, איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער שול און דער עיקר — אַ שטאַרקע ליבע צו קינדער, וועלכע זאָלן דערפילן אין אים זייער פריינד, זייער פירער, זייער וועגווייזער.

אַט אַזאַ לערער איז געווען משה קולבאַק, דער לערער פון יידי־שער ליטעראַטור אין די ווילנער יידישע גימנאַזיעס און אין לערער־סעמינאַר.

ליטעראַטור איז אָן שום ספק דער וויכטיקסטער לימוד, דורך וועלכן מען קען באַווירקן די נשמה פונעם קינד, אַנטוויקלען זיין פאַנטאַזיע, אַרויסרופן געפילן פון סימפּאַטיע און אַנטיפּאַטיע צו די אָדער יענע דערשיינונגען אין לעבן, וואָס דער לערער וויל אַרויס־הייבן. דער לערער מוז פאַרמאָגן די פעיקייט פון אַ גוטן מוזיקער, כדי צו קענען שפּילן אויף די צאַרטע סטרונעס פון דער קינדער־שער נשמה. די קינדער מוזן ניט בלויז פאַרשטיין נאָר אויך דערפילן די איינשטעלונג און באַציִונג פון זייער לערער צו די דאָזיקע דער־שיינונגען און זיך קענען אַריבערטראָגן אין דער וועלט פון די העלדן, וואָס דער לערער שילדערט פאַר זיי.

אין דעם זינען איז משה קולבאַק געווען אַ גרויסער מייסטער. אַליין פאַרליבט אין דער יידישער ליטעראַטור, פלעגט ער מיט זיין ענטוזיאַזם אָנשטעקן אויך זיינע שילערס. זיי פלעגן זיצן מיט אָפענע מיילער און שלינגען יעדער וואָרט, וואָס דער לערער האָט אַרויס־גערעדט. דער ווייט גרעסטער טייל פון די תלמידים אין די עלטערע קלאַסן פון דער מיטלשול האָבן ליב צו לייענען פּראָזאַישע ווערק: דערציילונגען, נאָוועלן און ראָמאַנען. צו פּאָעזיע כאַפּן זיי זיך ניט אַזוי גערן. די ליבע צו פּאָעזיע דאַרף מען ערשט ביי זיי אַנטוויקלען. און ווער האָט נאָך אַזוי גוט געקענט די אָ קונסט ווי משה קולבאַק? אַ צאַרטע פּאָעטישע נשמה, פלעגט ער ממש פאַרכישופן די קינדער, ווען ער האָט געלייענט לידער — זיינע אייגענע אָדער פון אַנדערע פּאָעטן. ער איז געווען אַ גלענצנדיקער רעציטאַטאָר. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן נוסח אין פאַרלייענען. ער האָט רעציטירט האַלב לייע־נענדיק, האַלב זינגענדיק, און די געדיכטן פלעגן ווערן נאָך ריט־מישער, נאָך מוזיקאַלישער, ווען ער האָט זיי געלייענט. ס׳איז קיין וווּנדער ניט, וואָס כמעט אַלע זיינע שילערס פלעגן אים נאָכמאַכן און פאַרלייענען אַלע זייערע רעציטאַציעס אויף זיין שטייגער. ס׳איז

אָבער בײַ די קין מאָל ניט אַרויסגעקומען אַזוי שײן ווי בײַ זײער לערער.

איך בין ניט אײן מאָל בײַגעווען זײַנע לעקציעס. איך האָב באַוווּנדערט, ווי אַזוי אַ מענטש, וואָס האָט ניט באַקומען קײן שום פּעדאַגאָגישע צוגרײטונג, האָט מיט אַזאַ מײַסטערשאַפֿט געפֿירט זײַנע לעקציעס. ער פֿלעגט אַרײַנצײַען די קינדער אין אַן אינטערעסאַנטן שמועס, לאָזן די קינדער דיסקוטירן פּראָבלעמען פֿון אַ ווערק, אַלײן שטײן אין אַ זײַט און נאָר פֿון צײַט צו צײַט שטעלן אַ פֿראַגע אָדער אַרײַנוואַרפֿן אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָבן צוריק אַרויסגעפֿירט די קינדער אויפֿן ריכטיקן וועג, אויב זײ האָבן זיך ערגעץ פֿאַרפּלאָנטערט.

יאָ, משה קולבאַק איז געווען אַ לערער אין פֿולן זין פֿון וואָרט.

*

דאָס לערנען אין אַ שול באַגרענעצט זיך ניט בלויז מיטן בוך און מיט די ווענט פֿונעם קלאַסצימער. עקסקורסיעס און אויספֿלוגן אין מוזײען, אין פֿאַרשײדענע ערטער און אין מחוץ דער שטאָט, זײַנען וויכטיקע הילפֿסמיטלען אין די לימודים פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט, געאָגראַפֿיע און געשיכטע. אויך ליטעראַטור קען אויסניצן אַנדערע מיטלען, חוץ ביכער און לעקציעס. שוין אין די ייִנגערע קלאַסן ווערן אָפֿט דורכגעפֿירט דראַמאַטיזאַציעס פֿון די געלײענטע דערצײלונגען. אין די עלטערע קלאַסן זײַנען שוין די אינסצעניזאַציעס אַ סך קאָמפּליצירטער און פּרעציזער. אַזעלכע אינסצעניזאַציעס און פֿאַרטיקע דראַמאַטישע ווערק ווערן אָפֿט מאָל אויפֿגעפֿירט ניט בלויז אין די ווענט פֿון דער שול און ניט בלויז פֿאַר די שילערס פֿון דעם געגעבענעם קלאַס אָדער אַפֿילו פֿון דער געגעבענער שול.

און טאַקע: ווי אַזוי קען אַ ליטעראַריש ווערק נאָך בעסער אויפֿגענומען ווערן, ווי ווען מען זעט די לעבעדיקע העלדן פֿון דעם ווערק אַרומגײן אויף די בינעברעטער, ווען מען הערט זײ רײדן, ווען מען ווערט אַרײַנגעצויגן אין אַלע זײערע איבערלעבונגען, ווען מען לעבט דורך צוזאַמען מיט זײ זײערע לײדן און זײערע פֿרײדן? דאָס ווערק ווערט דעמאָלט אויפֿגענומען אַ סך לײַכטער און בלײַבט אין זכרון אַ סך לענגער.

אָבער ניט יעדער לערער פֿון ליטעראַטור קען זיך נעמען צו אַזעלכע אויפֿפֿירונגען. דאָס קען טאָן נאָר דער, וואָס איז טײלווײַז אַלײן אַן אַקטיאָר, וואָס האָט אַ פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער בינע, וואָס האָט אַן אויג און אַן אויער פֿאַר די דינסטע ניואַנסן פֿון דעם ווערק.

משה קולבאַק, אַן אויסגעצייכנטער לערער, האָט אויך אַרויסגע־ וויזן גלענצנדיקע פעיִקייטן ווי אַ רעזשיסער. און גענומען האָט ער זיך אויפפירן דווקא אַזעלכע קאָמפּליצירטע דראַמאַטישע ווערק, צו וועלכע ניט יעדער יידישער טעאַטער מיט גוטע געשולטע אַקטיאָרן האָט זיך דערוועגט צוצורירן. זיינע אויפפירונגען פון דריטן אַקט פון שעקספירס יוליוס צעזאַר מיט די שילערס פון רעאַל־גימנאַזיע און פונעם ערשטן אַקט פון פרצעס די גאָלדענע קייט מיט די שילערס פון ס. מ. גורעוויטש־ און רעאַל־גימנאַזיע זיינען אַן שום ספק געווען אַ וויכטיקע געשעעניש אין דעם יידישן טעאַטער־לעבן אַפילו אין אַזאַ טעאַטער־שטאָט ווי ווילנע.

איך בין בייגעווען אַלע זיינע פּראָבעס אין רעאַל־גימנאַזיע (איך בין געווען דער פאַרוואַלטער פון דעם שילערקלוב אין גימנאַזיע און אויך קולבאַקס געהילף־רעזשיסער). ווי ער האָט געקענט מאָדולירן זיין שטים, ווען ער האָט געוויזן די קינדער ווי צו שפּילן די אָדער יענע ראָל. ווי צאַרט און פאַרחלומט האָט געקלונגען זיין קול, ווען ער האָט געלייענט מרימלס ראָל, און מיט וואָס פאַר אַ פעסטקייט און אַנטשלאָסנקייט האָט ער דערקלערט, אַז ער מאַכט קיין הבדלה ניט, אַז

שבת זאָל זיין! שבת!
ניט געהאַנדלט, ניט געוואַנדלט...

... איך האָב זיך באַקאַנט מיט משה קולבאַקן אין 1919, ווען איך בין צוריקגעקומען קיין ווילנע פון אוקראַינע, וווּ איך האָב גע־ אַרבעט ווי אַ לערער אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ גוטמוטיקער, כמעט שטענדיק מיט אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן, האָט קולבאַק דאָך ביט געהערט צו די מענטשן, וואָס וואַרפן זיך אויפן האַלדז יעדן איינעם גלייך נאָך דער ערשטער באַקאַנטשאַפט. אָבער ווען ער האָט זיך צוזאַמענגעלעבט מיט עמעצן, איז ער געוואָרן אַ נאָענטער, צוגעלאָזענער חבר און האָט זיך גערן געטיילט מיט זיינע פּלענער וועגן וויטערדיקן שרייבן. ער האָט זיך צוגעהערט צו יע־ נעמס מיינונג און האָט זיך גערעכנט מיט איר.

זומער 1920 פלעגט ער אָפט קומען צו מיר אויף דאַטשע קיין אַנטאָקאָל, וווּ איך האָב געוווינט ביי די שוועסטער נאָטיק, לערע־ רינס פון יידישע שולן, מיט וועלכע ער איז אויך געווען נאָענט באַפריינדט. מיר פלעגן זיך אַוועקזעצן אין וואַלד אויפן גראָז און ער פלעגט פאָרלייענען איין געדיכט נאָכן צווייטן אויף אויסנווייניק אָדער

פֿון זײַן נאָטיצבוך. מיר דאַכט זיך, אַז מיר זײַנען געווען די ערשטע, פֿאַר וועמען ער האָט פֿאָרגעלייענט זײַן ל״ו, גלײַך ווי די פּאָעמע איז אַרויס פֿון זײַן פּען. ער האָט זי געלייענט פֿון פּאַפּירלעך, נאָך ניט אַרײַנגעשריבן אין זײַן נאָטיצבוך.

אויף קאָנצערטן, ווו ער פֿלעגט רעציטירן זײַנע געדיכטן, פֿלעגט דער עולם אים ניט אַראָפּלאָזן פֿון דער בינע. ער האָט זיך ניט גע־לאָזט שטאַרק בעטן און פֿלעגט לייענען אַ היפּש ביסל לידער אויסער דער פּראָגראַם. ער האָט ליב געהאַט דאָס רעציטירן, ווײַל ער האָט געפֿילט, וואָס פֿאַר אַ רושם דאָס מאַכט אויף זײַן אוידיטאָריע.

לויט זײַנע איבערצײַגונגען איז ער געווען אַ הייסער אָנהענגער פֿון דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד. ער האָט אויפֿריכטיק געגלייבט, אַז פֿון דאָרטן וועט קומען די ישועה פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט און במילא אויך פֿאַר ייִדן. ער האָט בשום אופֿן ניט געוואָלט ווערן קיין פּוילישער בירגער, כאָטש ער האָט געהאַט גרויסע שוועריקייטן, ווען ער האָט יעדעס יאָר געדאַרפֿט באַשטעטיקט ווערן ווי אַ לערער אין גימנאַזיע אָדער אין לערער־סעמינאַר (אַ לערער האָט געמוזט זײַן אַ פּוילישער בירגער).



משה קולבאַק מיט זײַנע תּלמידים פֿון דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע בײַם אוהל־פּרץ, אין וואַרשע. פֿון לינקס דער זעקסטער: משה קולבאַק; נאָך אים: ביינִיש מיכאַלעוויטש, י. גיליגיטש און דער מאָלער יאַנקל שער; גאָר אויבן: דער דיכטער שמשון קאַהאַן.

אייזיק פלאַטנער

# משה קולבאַק *

אַך, קולבאַק, קולבאַק...
וויפל האַרציקע געשפּרעכן
זײַנען ניט פֿאָרגעקומען!

ש. האַלקין

... קולבאַק פֿלעגט שרײַבן אויסוויניק. אַלץ האָט ער געשריבן אויסווייניק, אַפֿילו זײַנע גרויסע ביכער זעלמעניאַנער. ער האָט אויסגעוואַרעמט אינעם האַרצן יעדע שורה, יעדעס וואָרט, ביזן לעצטן פּינטעלע, און קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל דאָס פֿאָרגעלייענט (אויסווייניק) פֿאַר אונדז — זײַנע צוהערערס, זײַנע פֿאַרערערס. דאָס גאַנצע בוך האָט ער פֿאָרגעלייענט אויסווייניק און דערנאָך אויסווייניק אויך געמאַכט די אויסבעסערונגען צו יעדן קאַפּיטל, ביזן לעצטן פֿולקומען וואַריאַנט. ערשט דעמאָלט, ווען בײַ קולבאַקן איז שוין געווען אַלץ פֿאַרטיק אין קאָפּ, האָט ער גענומען אַ העפֿטל און מיט די כאַראַקטעריסטישע פֿאַר אים קליינע אותיעלעך, געדיכט אָנגעשריבענע — פֿאַרצייכנט דאָס אויסגעדיכטע ווערק. איך האָב אַלע מאָל געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז קולבאַק האָט תּכלית־שׂנאה פֿײַנט דאָס שרײַבן, דאָס פֿיזישע אָנשרײַבן. דאָס איז בײַ אים געווען מלאכת־חול. ער וואָלט בעסער געהאַקט האָלץ. קולבאַק האָט ליב געהאַט די אותיות פּורחות, מיט די פֿייגעלעך, ווען זיי פֿליען־אַרויס פֿונעם האַרצן, פֿונעם מויל, און פֿאַרלייענען האָט ער, ווי עס איז באַוווּסט, געקענט זייער שיין, באַגײַסטערנדיק די צוהערערס.

... אַרום קולבאַקן האָבן זיך שטענדיק געפֿונען שרײַבערס — זײַנע מקורבֿים. טייל האָבן בײַ אים געטאָגט און גענעכטיקט. פֿאַר זיי, כּמעט זײַנע משפּחה־מענטשן, פֿלעגט ער פֿאַרלייענען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. ער פֿלעגט אויך אויסהערן דאָס, וואָס יענע האָבן געשריבן.

* פֿון די זכרונות, אין סאָוועטיש היימלאַנד, 1966, נ׳ 3, זז׳ 36—40.

ה. לייוויק

# דיכטער־אַרעסטאַנט

דעם אָנדענק פון משה קולבאַק

דער מאַן פון ליד ליגט אויף דער נאַרע,
דער מאַן פון ליד גייט־אויס אין פּיַין,
זיַין פּנים האָט קוים־קוים אַ מראה —
דער וואַנזין איז אין אים אַריַין.

געווען אַמאָל געזאַלבטער דיכטער
און אַט ניט מער ווי אַרעסטאַנט.
ער וואַרט אויף גנאָד פון קין־ריכטער
און קלאַפּט זיך קאָפּ אין טורמעוואַנט.

ער שלאָגט אין וואַנט מיט היץ פון לידער,
די לידער שלאָגן אויף צוריק,
ער פאַלט צום טורמעדיל אַנידער,
אין ווערטערבראָך אויף טויזנט שטיק.

ער ליגט צעשליַידערט און צעגלידערט
אין מיטן צעל פון טויטן אָרט
און אויף זיַין ליפּ אין שוים, צעלידערט,
דאָס סאַמע, סאַמע לעצטע וואָרט.

וואָס איז זיַין וואָרט ביַים סוף פון סופן?
אַ שמייכל־אָנווונק פון אַ קרעכץ
אויף יענער זיַיט פון אַלע שטראָפן,
אויף יענער זיַיט פון גאָר דעם שלעכטס.

זיַין קאָפּ לויכט־אויף מיט זיבן ליכטער
אַריבער זיבן מאָל פאַרראַט,
ער ווערט צוריק געזאַלבטער דיכטער
אויף טויטן דיל פון קאַזעמאַט.

נ״י, מײַ 1956

**Joseph Lifshitz Fund**

## ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק
# מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור
## אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — ייִד׳ פֿאָלקסלידער, 3טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
4) מענדעלע — מסעות בנימין השלישי, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
5) לייב נײַדוס — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (208 זײַטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — יאָסעלע, קריזיס, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
7) משל בראָדערזאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפֿל׳ (272 ז׳)
8) אליהו בחור — בבֿא־בוך, 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
9) דוד פּינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 3טע אויפֿלאַגע (352 זײַטן)
10) שמעון פֿרוג — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)
11) י. ל. פּרץ — אין 19טן יאָרהונדערט, 3טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
12) י. ל. פּרץ — אין 20סטן יאָרהונדערט, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (240 זײַטן)
14) האָפּשטיין — כאַריק — פֿעפֿער, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
15) מרדכי ספּעקטאָר — דער ייִד׳ מוזשיק, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
16) ה. לייוויק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זײַטן)
17) שלום עליכם — מנחם־מענדל, 3טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
19) י. י. שוואַרץ — קענטאָקי, א. ראָבאָי — הער גאָלדענבאָרג
(פּיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)
20) חיים־נחמן ביאַליק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (384 זײַטן)
21) ש. אַנ־סקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — פֿישקע דער קרומער (256 זײַטן)
23) יוסף אָפּאַטאָשו — אין פּוילישע וועלדער (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — אויסגעקליבענע שריפֿטן (304 זײַטן)
25) יהואָש — אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זײַטן)
26) גליקל האַמיל — זכרונות (352 זײַטן)

27) שלום עליכם — טבֿיה דער מילכיקער, 3טע אויפלאַגע (288 זייטן)

28) אַבֿרהם רייזען — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (320 זייטן)

29) די פֿרוי אין דער יידישער פּאָעזיע — אַנטאָלאָגיע (416 זייטן)

30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — סיפּורי־מעשׂיות, 2טע אויפלאַגע (224 ז׳)

31) מרדכי אַלפּערסאָן — אין אַרגענטינע (320 זייטן)

32) פּרץ הירשביין — אויסגעקליבענע שריפֿטן (336 זייטן)

33) יידיש אין ליד — אַנטאָלאָגיע (264 זייטן)

34) מנחם באָריישאָ — דער פֿרעמדער, זאַול רימער (320 זייטן)

35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — אַנטאָלאָגיע (464 זייטן)

36) נוסח השׂכּלה — אַנטאָלאָגיע (272 זייטן)

37) ז. סעגאַלאָוויטש — לידער, דערציילונגען, זכרונות (352 זייטן)

38) מעשׂה־בוך, פֿון 1602 (368 זייטן)

39) אונטער אָקופּאַציע: עוזר וואַרשאַווסקי — שמוגלערס. (328 זייטן)

40) ערבֿ חורבן: מ. בורשטין/מאַזאָוויע און 14 פּאָעטן (256 זייטן)

41) חורבן: פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע — אַנטאָלאָגיע (432 זייטן)

42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע (336 זייטן)

43) איציק מאַנגער — לידער, פּראָזע, עסייען (384 זייטן)

44) דוד בערגעלסאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זייטן)

45) משה נאַדיר — הומאָר, קריטיק, ליריק (288 זייטן)

46) דאָס קינד אין ייד׳ פּאָעזיע און פּראָזע — אַנטאָלאָגיע (320 זייטן)

47) י. אַקסנפֿעלד — שטערן־טיכל, ערשטער ייד׳ רעקרוט (288 זייטן)

48) פּליטים צווישן פֿײַערן, אַנטאָלאָגיע (304 זייטן)

49) אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע, אַנטאָלאָגיע (272 זייטן)

50) דרום־אַפֿריקאַניש, אַנטאָלאָגיע (360 זייטן)

51) שלום אַש — פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט. (400 זייטן)

52) דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע (224 זייטן)

53) עבֿרי־טײַטש / צאינה וראינה (368 זייטן)

54) טשילעניש — אַנטאָלאָגיע (272 זייטן)

55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 יאָר ישׂראל (568 זייטן)

56) שלום אַש — אַנקל מאָזעס, ראָמאַן (264 זייטן)

57) יעקבֿ גאָרדין — 3 דראַמעס, (352 זייטן)

58) בראַזיליאַניש — אַנטאָלאָגיע (352 זייטן)

**אין 1976 וועלן נאָך דערשײַנען די דאָזיקע 3 בענד מוסטערווערק:**

MOISHE KULBAK

# Poesía - Prosa - Drama

Director: SAMUEL ROLLANSKY

1976

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires